# גיו דע מאפאסאן׳ס

## געזאמעלטע ווערק

---

# קאמעדיען און ערצעהלונגען

---

איבערזעצט פון

## לעאן קאברין

# VI

צווייטע אויסגאבע

ארויסגעגעבען פון „פארווערטס“
175 איסט בראדוויי, ניו יארק
1918

# אינהאלטס פערצייכניס:



## ערצעהלונגען:

# מוזאטט

אַ קאָמעדיע אין דריי אקטען

פון

מאפאסאן און נארמאַנד

## פערזאנען:

זשאן מארטינעל, צווישען 29 און 30, א מאלער, מ. מארטינעל׳ס בעפפע. לעאן דע פעטיפר, 30 יאהר, אן אדוואקאט.

מ. מארטינעל, 55 יאהר, אוים האוור.

מ. דע פעטיפר, געריכטס־פרעזידענט, אפיצער פון דער עהרען־לעגיאן. 60 יאהר אלט.

דאקטאר פעלערין, ארום 30.

מאדאם דע ראטשארד, פעטיפר׳ס שוועסטער, ארום 55.

הענריעטע לעוועקיו, בעקאנט אונטער׳ן נאמען מוזאטט: א מאדעל־מיידעל, פריהער זשאן מארטינעל׳ס געליעבטע, 22 יאהר.

מאדאם פלאשע, א הייבאם, אמאליגע טענצערין אין דער אפערא, 35.

זשילבערט מארטינעל, פעטיפר׳ס טאכטער, 20 יאהר אלט, היינט פער־הייראט מיט זשאן מארטינעל.

ליזע באבין, אם.

דיענער.

---

ס׳האנדעלט זיך אין פאריז אין דער געגענווארטיגער צייט. די האנדלונג פון דעם ערשטען און דריטען אקט קומט פאר ביי פעטיפר אין הויז און פון דעם צווייטען ביי מוזאטט.

# ערשטער אקט

## ערשטע סצענע

ביי פּעטיפּער אין הויז: אַ עלעגאנטער סאלאָן. אין מיטען אַ טיש מיט שטולען ארום איהם. אנגעפילטע קאפע טאסען שטעהן אויפ'ן טיש. רעכטס א פאטעל און א שטוהל, לינקס א זאפע. די מיטעל־טהיר פיהרט אויף אַ גאלערעע. רעכטס און לינקס טהירען. אויף די טישען ברענען לאַמפּען. עס קומען אריין מ. דע פּעטיפּער, מ. מארטינעל, מאַדאַם דע ראַטשארד, לעאָן דע פּעטיפּער, זשאַן מארטינעל, און זשילבערט, די לעצטע איז אין איהר חופּה־קלייד, נור אהן קראנץ און שלייער. די גאנצע געזעלשאפט קומט ערשט פון דעם חתונה־מאהלצייט.

---

**מאַדאַם דע ראַטשארד**

(א אונפריינדליכע, אבער גוטהערציגע פּערזאן, נאכדעם ווי זי האט בעפּרייט איהר האנד פון מ. מארטינעל'ס ארם און איהם מיט א פערנויגונג בעדאנקט, זעצט זי זיך אויף די זאפע לינקס און רופט).
זשילבערט! זשילבערט!

**זשילבערט** (וועלכע האַלט איהר מאַן אונטער ארם און פּלוידערט מיט איהם).
ליעבע טאַנטע...

**מאַדאַם דע ראַטשארד**
און וואו איז דער קאפע?

זשילבערט

גלייך, ליעבע טאנטע. (געהט צו צום מיטעלסטען טיש, אויף וועלכען די טאססען שטעהן).

מאדאם דע ראטשארד

פערגים נור ניט דיין קלייד.

לעאן (צוגעלאפען)

ניין, ניין, לאז מיך. איך וועל דעם קאפע דערלאנגען. היינט דארף מיין שוועסטער צו קיין זאך זיך ניט צו ריהרען. דער־מאהנט זיך נור, אין איהר האכצייטסטאג! ליעבע טאנטע, איך נעהם זיך די עהרע און דאס פערגעניגען אייך צו בע־דיענען. אן אדוואקאט מוז זיין פארטיג צו אלעס.

מאדאם דע ראטשארד

אה, איך קען דיינע פעהיגקייטען לעאן און איך שעץ זיי..

לעאן (דערלאנגט איהר א טאססע קאפע).

איהר זייט זעהר ליעבענסווירדיג.

מאדאם דע ראטשארד (נעהמט די טאססע און טרינקט).

איך וויים וואס פאר א ווערטה דיינע פעהיגקייטען האבען.

לעאן (פיר זיך)

זי הויבט שוין אן. ווידער א שטאך! זי הערט גאר ניט אויף! (דערלאנגט א טאססע מ. מארטינעל) דריי שטיקלאך צוקער ניט אמת, הערר מארטינעל? און אביסעלע אלטע ברענדי אין דעם, ניט אזוי? איך וויים וואס איהר האט ליעב. מיר וועלען אייך שוין צוזעהן.

מ. מארטינעל

איך דאנק אייך, לעאן.

לעאן (צו פעטיפר)

און דו פאפא, קאפע?

פעטיפר

נאטירליך, מיין זוהן.

לעאן (צו דאס יונג פאארל, וואס זיצט לינקס און אונטערהאלט זיך).

און איהר דארט, יונגערמאן, יונגעפרוי? (דאס פארל איז פערטהאן אין געשפרעך און ענטפערט ניט) אה, איך רעכען, אז אייך דארף מען צורוה לאזען. (ער שטעלט די טאסען קאפע, וואס ער האט זיי געוואלט דערלאנגען, צוריק אויפ'ן טיש).

פעטיפר (צו מארטינעל)

דאכט זיך, אז איהר רויכערט ניט?

מארטינעל

איך רויכער ניט, קיינמאל ניט גערויכערט.

מאדאם דע ראטשארד

א וואונדער! און מיין ברודער און לעאן לאזען גאר ניט ארויס דעם סיגאר פונ'ם מויל. וואס פאר א מיאוסע זאך דאס רויכערען איז!

פעטיפר

אן אנגענעהמע מיאוסע זאך, קלאריססע.

לעאן

טאנטע, כמעט אלע מיאוס'ע זאכען זיינען אנגענעהם, און מאנכע פון זיי, ווייס איך, זיינען נאך מעהר ווי אנגענעהם.

מאדאם דע ראטשארד

שווייג, דו טויגעניכטס!

פעטיפר (נעהמט לעאנ'ס ארם).

קום, מיר וועלען רויכענען אין'ם בילליארד־צימער. ווען דיין טאנטע וויל ניט, מיר זאלען דא רויכענען.

**לעאָן**

**דער טאָג ווען זי וועט נאָך עפּעס ליעבען אויסער איהרע הינטעלאך —**

**פּעטיפער**

**האַלט איין דיין צונג און קום. (אָב)**

**מארטינעל** (צו מאדאם דע ראטשארד)

**אַט אַזאַ חתונה געפעהלט מיר, ביי אייך אין פּאריז איז אַזאַ חתונה אַ זעלטענהייט. חתונה געהאַט, געקומען פון קלויסטער, די געסט זיינען זיך צוגאַנגען, אפילו די מיידלאך, די אונטער־פיהרערקעס און די אונטערפיהרערס. דאָס יונג פּאָאר בלייבט אין דער היים און עסט מיט די עלטערען און קרובים. ביינאַכט שפּיעלט מען אין ביליארד אָדער אין קאַרטען, אזוי ווי אין אַ געוועהנליכער נאַכט; דאָס יונג פּאָארל אונטערהאַלט זיך.** (זשאָן און זשילבערט הויבען זיך אויף און געהען ארוים געארמט פון'ם סאַלאָן). **דערנאָך ארום האַלבער נאַכט, גוט נאַכט!**

**מאדאם דע ראטשארד** (פיר זיך)

**אַ גראָבער מענש!**

**מ. מארטינעל** (זעצט זיך נעבען איהר אויף די זאַפע)

**און דאָס יונג פּאָרל דרעהט זיך ניט אַ קאָפּ מיט אַן אונזיניגע האָכצייטסרייזע און מען וואַלגערט זיך ניט ארום אין די אונ־בעקוועמע האָטעל־צימערען — ניין, מען בלייבט אין דער היים, אין דעם שעהנעם, קליינעם, ווארעמען נעסט, און עס איז בעקוועם און אנגענעהם. יאָ, איך וויים, איהר טראַכט ביי זיך: „אַ מענש אָהן שיק, אָהן ברייטקייט, אַ קליינשטעדטעל־דיגער, אָבער וואָס ארט עס מיך, איך בין אַזאַ מענש"...**

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

יאַ, מיין הערר, די בעסערע געזעלשאַפט פיהרט זיך אַנ־
דערש . . .

מ. מאַרטינעל

וואָס מיר געזעלשאַפט! עס זיינען דאַ הונדערט טויזענד
געזעלשאַפטען! צום ביישפּיעל אין האוור, אונזער געזעל־
שאַפט. . .

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

אייער געזעלשאַפט קען איך נים. אָבער איך קען אונזערע,
וועלכע — (פערטראַכט זיך) — איך מיין מיין געזעלשאַפט,
וועלכע. . .

מ. מאַרטינעל (כאַפּט אונטער)

וועלכע איז די בעסטע! דאָס פערשטעהט זיך! אָבער צו
מיט שיק, צו אָהן שיק, חתונה געהאַט און פאַרטיג! און איך
האָף, מאַדאַם, אז איצט וועט איהר ענדליך זיך פערטראַגען
מעהר פריינדליך צו מיין נעפּפע . . . ביז אהער האָט איהר . . .
איהר. . .

מאַדאַם דע ראַטשאַרד (ברעכט אונטער)

איצט וועל איך דאָך מוזען זיין פריינדליך צו איהם, ער איז
דאָך מיין ברודער'ס איידים!

מ. מאַרטינעל (לאַכט גראָב)

לייכט איז דאָס מיר ניט אָנגעקומען און איך בין צופריעדען,
וואָס איך האָב ענדליך דאָס דורכגעבראַכען. אין מיין לעבען
האָב איך גענוג שוועריגקייטען געהאַט, אָבער אַזוי שווער
ווי דאָס איז מיר אָנגעקומען. . .

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

שוועריגקייטען? איהר?

מ. מארטינעל

איך מיין געשעפטליכע שוועריגקייטען, ניט קיין אנדערע...

מאדאם דע ראטשארד

וואס ווייסט איהר פון שוועריגקייטען, איהר, וואס האט גע־
געבען אייער נעפפע א האלבען מיליאן אלס נדן, פונקט אזא
פערמעגען האט מיין זעליגער מאן פערשוועגדעט.

מ. מארטינעל

איך האב געהערט, אז הערר דע־ראטשארד... אז הערר...

מאדאם דע ראטשארד (מיט א זיפץ)

האט מיך רואינירט און פערלאזען גלייך נאך דער חתונה.
איין יאהר מיט איהם געוועזען און איך האב קיין צייט אפילו
ניט געהאט צו בעגרייפען מיין אונגליק, אזוי גוט האט ער
פערשטאנען ווי צו פערבלענדען מיר די אויגען, דער טוי־
געניכטס!

מ. מארטינעל

אזא שארלאטאן איז ער געוועזען?

מאדאם דע ראטשארד

מיין הערר! ווענען איהם זאלט איהר אזוי ניט ריידען!
ער איז געוועזען א זשענטלמען!

מ. מארטינעל

מען קען זיין א זשענטלמען און א שארלאטאן דערצו!

מאדאם דע ראטשארד

איבריגענס, מיר וועלען בעסער ניט ריידען פון מיין אונגליק.
צו טרויעריג, דא זיינען דאך אלע אזוי גליקליך!

מ. מארטינעל

בעזאנדערס איך, איך בין גליקליכער ווי אלע. מיין נעפפע איז א וואוילער יונגער מאן און איך האב איהם ליעב ווי א לייבליכען זוהן. איך בין געווען אן איינפאוער געשעפטס־מאן...

מאדאם דע ראטשארד

דאס זעהט מען.

מ. מארטינעל

אבער איך האב זיך אנגעלעבט א שטיקעל פערמעגען מיט מיי־נע שיפען. דאנקען גאט, געלד פעהלט אונז ניט! ער איז א מאהלער, נו איז וואס? דאס טראגט אויך אריין געלד, אויך א גאנץ גוטעס געשעפט. די קונסט, מיין ליעבע מאדאם, ברענגט היינטיגע צייטען אריין אזוי פיעל געלד, ווי דער האנדעל, און מען ריזיקירט דערביי וויינינגער. זשאן, אמת, דארף מיר דאנקען, וואס ער האט זיך אזוי שנעל אויסגע־מענשעלט. מיין ברודער איז געשטארבען און זיין ווייב — באלד נאך איהם. איך בין געווען ניט פערהייראט און האב גענומען דעם קליינעם צו מיר. זאל מיך דער טייפ... ענטשולדיגט, מאדאם! וואס האב איך איהם ניט געלאזט לער־נען, דעם קליינעם חברה־מאן! אלע וויסענשאפטען, אפילו כעמיע, ליטעראטור, מוזיק, קורץ, אלעס, אלעס. אבער דער חברה־מאן האט נור געוואלט צייכענען, צייכענען און צייכענען! האב איך איהם געלאזט צייכענען אויך! היינט איז ער שוין א בעריהמטער מאהלער, צו דרייסיג יאהר בעריהמט! ער האט שוין זאגאר דאס רויטע בענדעלע אין זיינע קנעפלאך!

מאדאם דע ראטשארד

א מאהלער אין זיינע יאהרען האט שוין געדארפט קריגען דעם גרויסען קרייץ!

מ. מארטינעל

דאָס וועט ער אויך קריגען, ווי דען! אָבער ענטשולדיגט מיר, איהר פערשטעהט? איך פלוידער און פלוידער, לעג מיר ארויס דאָס הארץ אויף דעם צונג און אין'ם קאָפּ איז אויף אביסעל דער קאָניאַק עה... עה... גוטען קאָניאַק האָט פעטיפער, עכטער קאָניאַק, ווי עס פאַסט פאר אַ געריכטס־פרעזידענט, און מיר, פון האוור, פערשטעהען, וואָס הייסט אביסעל ריכטיגער קאָניאַק! (ער טרינקט דעם קאָניאַק אויס).

מאַדאַם דע ראטשארד

אך, אייער האוור!

מ. מארטינעל

(נעהמט נאָך אַ קאָניאַק; צוגעהענדיג צו מאַדאַם דע ראָטשארד)
אזוי. און איצט וועלען מיר טרינקען נאָך אַ גלעזעלע פאַר אייער געזונד און אונזער פריינדשאַפט! איך טרינק פאַר אונ־זער פריינדשאַפט, וועלכע זאָל קיינמאָל ניט פערדונקעלט ווע־רען! (טרינקט אויס און שטעלט דאָס גלעזעלע אויפ'ן טיש). ווען איך דערמאָהן זיך, אז צוליעב אַ קלייניגקייט איז דער שידוך שיער זיך ניט צוגאַנגען...

מאַדאַם דע ראטשארד

גאַר ניט אזאַ קלייניגקייט, ווי איהר דענקט. נאָך איצט זאָג איך אייך, אז מיר וואָלט געוועזען ליעבער, ווען מיין ניכטע זאָל הייראַטען ניט מיט אַן אַרטיסט. אָבער פערפאַלען, זאָל זיין מיט גליק!

מ. מארטינעל

אַה־אַה, מיט גליק זאָל זיין, מיט גליק! אייער ניכטע איז אַ טייבעלע, אַ פּערל, און ער איז אויך אַ שעהנע פייגעל! און דאָס גליק פון זייביידען וועט מיינע אַלטע יאָהרען פערשעהנערען.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

איך וואָלט עס אויך געוואונשען, עס גלויבט זיך אָבער ניט.

מ. מארטינעל

גלויבט מיר, פערלאָזט זיך אויף מיר, איך פערשטעה אויף אַ פרוי, אזוי גוט ווי אויף וויין.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

וואָס פאַר אַ פערגלייך!

מ. מארטינעל

דאָס איז מיין פילאָזאָפיע, אזוי פילאָזאָפירט מען ביי אונז, אין האַוור!

פעטיפער (ערשיינט מיט זיין זוהן לעאָן דורך דער מיטעלסטער טהיר).
הערר מארטינעל, ווילט איהר שפּיעלען אַ פארטיי ביללִיאַרד?

מ. מארטינעל

געוויס! איך בין אַ ליידענשאַפטליכער ביללִיאַרד־שפּיע־לער.

לעאָן

פונקט ווי פאַפּאַ. אַה, איהר זייט צוויי ליידענשאַפטליכע!

מ. מארטינעל

יאָ, מיין יונגער פריינד, אַ מאַן אין מיינע יאָהרען, אַהן אַ ווייב און קינדער, מוז זיך בענוגענען מיט אזוינע פערגעניגענס. אין דער פריה — פיש פאַנגען, ביי נאַכט — ביללִיאַרד שפּיעלען; דאָס זיינען ערנסטע און אינטערעסאַנטע אונטער־האַלטונגען.

לעאָן

אַה, אַה, דאָס פיש פאַנגען, זעהר אַן אינטערעסאַנטע אונטער־האַלטונג! מען זיצט זיך אונטער'ן רעגען מיט די פיס אין

וואסער, אין די אויערען פייפט דער ווינד און מען ווארט, טאמער וועט מען א פישעלע, די גרויס ווי א קעפעל פון א שפילקע, ארויסציהען. זעהר אן אינטערעסאנטע אונטער־האלטונג!

מ. מארטינעל

געוויס, זעהר אן אינטערעסאנטע אונטערהאלטונג! וואלט, צום ביישפיעל, א געליעבטער געקענט האבען אזוי פיעל גע־דולד פאר זיין געליעבטע? דערמאהנט זיך נור, צוועלף אדער גאר פופצעהן יאהר זיצען אזוי ביים טייך און ווארטען, און אויסקוקען די אויגען! וועלכער געליעבטער וואלט אזוי פיעל גערולד געקענט האבען פאר זיין געליעבטע? פופצעהן טעג וואלט מען אויך ניט אויסגעהאלטען!

מאדאם דע ראטשארד

זיכער ניט!

לעאן

איך וואלט אפילו קיין אכט טעג ניט אויסגעהאלטען.

מ. מארטינעל

איא?

פעטיפר

ליעבער מארטינעל, קומט, קומט שפיעלען!

מ. מארטינעל

איך געה גלייך. אדיע, מאדאם! (אב מיט פעטיפר דורך דער מיטעלסטער טהיר).

מאדאם דע ראטשארד

(טהוט א דריק די אקסלען).

פון האוור! וואס מען מען פון איהם פערלאנגען!

לעאָן

אַ גוטער קערל, דער דאָזיגער מארטינעל, אביסעל אונקולטי־ווירט, אָבער העל און פרעהליך ווי די זון און עהרליך ווי אַ סאָלדאט.

מאַדאַם דע ראטשארד

די עדעלקייט פעהלט איהם אין גאנצען.

לעאָן (האלב שטיל)

און אייך, טאַנטע?

מאַדאַם דע ראטשארד

וואָס זאָגסטו?

לעאָן (פערלעגען)

איך זאָג: איהר פערשטעהט אויף די זאכען. איהר האָט שטענדיג געלעבט אין דער העכערער געזעלשאַפט.

מאַדאַם דע ראטשארד

און געשפיעלט אין איהר זאָגאר אַ ראָלע אויך. ווען מיין זע־ליגער מאַן האָט נאָך אזוי פיעל ניט געשפיעלט; אבער דו ביזט צו יונג, דו געדענקסט עס ניט. אויף אַ מאַסקען־באַלל ביים טערקישען קאָנסול האָב איך איינמאָל אלס סאַ־לאמבא...

לעאָן

איהר אלס סאלאמבא, אלס קארטהאגינענזערין?

מאַדאַם דע ראטשארד

יאַ, איך אלס קאר־טהא־גי־נעזערין, פארוואָס ניט? און איך האָב אויסגעזעהן רייצענד, גלויב מיר. עס איז געווען אין׳ם יאָהר איין טויזענד אכט הונדערט און...

לעאָן

ניין, ניין, זאָגט מיר ניט דעם דאטום, טאַנטע, איך פערלאַנג ניט קיין דאטום; גענוג אז איך וויים, דאַס קארטהאגא איז צושטערט און די קארטהאגינגעזעריין אויך.

מאַדאַם דע ראטשארד

ווער נור ניט איראַניש!

לעאָן

איך בין ניט איראַניש, טאַנטע, וואָס פאלט אייך איין? גאָט איז מיין עדות. איך בין נור גוט אויפגעלעגט, ווייל מיין שוועסטער האָט געהייראט מיט זשאַן, וואָס איהר האָט אזוי ניט געוואָלט און איך האָב אזוי געוואָלט. איך טריאומפיר איצט, טאַנטע, אָבער נור היינט ביי נאַכט. מאָרגען וועט דער טריאומפאטער שוין מעהר דאָ ניט זיין, ער וועט אוועק און איהר וועט בענקען נאָך דעם זיסען, טהייערען נעפפע. יאָ, יאָ, איהר וועט נאָך איהם בענקען, ווייל איהר זייט גאָר ניט אזוי שלעכט, ווי איהר זעהט אויס, ליעבע טאַנטע. אייער גוטע הארץ האָט איהר שוין ארויסגעוויזען טראָץ דעם, וואָס איהר האָט געגרינדעט אין כוילי, טראָץ דעם וואָס איהר זייט ניט רייך, אַ היים פאר הייםלאָזע הינט.

מאַדאַם דע ראטשארד

ווען מען איז אליין, ווען מען האָט ניט קיין קינדער. דו ווייסט, אז אייגענטליך בין איך דאָך קיינמאָל ניט געווען פער־הייראט! אין גרונד בין איך דאָך כמעט אַן אלטע מויד און ווי אלע אלטע מוידען —

לעאָן

האָט איהר ליעב הינטעלאַך.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

יאָ, טהייערער נעפפע, איך האָב ליעב הינטעלאַך און איך האָב די מענשעלאַך.

לעאָן

פון אונזער געשלעכט?

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

יאָ, פון אייער מענערשען געשלעכט.

לעאָן

דאָס הייסט: איהר האָסט אייער מאַן! ער פערדיענט אייער האַס.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

ווען דו וואָלסט געוואוסט צוליעב וואָס פאַר אַ פרוי אַן אויס־וואורף ער האָט מיך פערלאָזען און אונגליקליך געמאַכט. דו האָסט זי אַמאָל געזעהן?

לעאָן

יאָ, געזעהן, איינמאָל, ליעבע טאַנטע. מיר האָבען, געדענק איך, געשפּאַצירט אין שאַנז־עליזיי, איהר, פּאַפּאַ און איך. אַ הערר און דאַמע זיינען אונז אַנגעקומען אַנט־קעגען. איהר זייט געוואָרען זעהר אויפגערעגט און איהר האָט אַנגעכאַפּט פּאַפּאַ ביים אָרים און אויסגעפּליסטערט: „דאָס איז זי, קוק ניט אַהין!“

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

און וואָס האָסטו געטהאָן?

לעאָן

איך? דאָס אייגענע ווי פּאַפּאַ. איך האָב געקוקט אַהין.

מאדאם דע ראטשארד

זי איז געווען העסליך, ניט אזוי?

זשאן

מיר איז זי גאנץ גוט געפעלען געווארען. אבער פערגעסט ניט, אז איך בין דאמאלס אלט געווען עלף יאהר און מיין געשמאק איז...

מאדאם דע ראטשארד (הייבט זיך אויף)

אך, דו ביזט אונאויסשטעהליך. איך וואלט דיך געוואלט אוועקלעגען און אזוי גוט אריינשמייסען, ליידער אבער ביזטו שוין מעהר ניט קיין עלף יאהריגער אינגעל.

לעאן (מיט א שמייכעל)

נו, נו, נו, איך וועל עס שוין מעהר ניט טהאן. מעהר ניט! נו, נו, טהוט א שמייכעל, טאנטע, דער קליינער טהייערער לעאן וועט שוין זיין א גוטער אינגעל. איך פערשפרעך עס, איך שווער אייך מיט אן אויפגעהויבענער האנד. זייט א גוטע פערצייהט מיר.

מאדאם דע ראטשארד (דרעהט אוועק דעם קאפ פון איהם)

ניין!

לעאן

יא!

מאדאם דע ראטשארד

ניין! איך וואלט דיר מוחל געווען פאר דיינע גראבקייטען געגען מיר; איך, דאנקען גאט, קען זיך מיר מיין שטעדטעל בעשטעהן. אבער דאס, וואס דו האסט אזוי געארבייט, אז דיין שוועסטער זאל הייראטען מיט דעם מאהלער, דאס, זעהסטו, וועל איך דיר קיינמאל ניט מוחל זיין. (טהוט א קלאפ איבער'ן טיש) דו האסט עס נישט געדארפט טהאן!

לעאן (טהוט אויך א קלאפּ איבער'ן טיש).
איך האב עס יע געדארפט טהאן! איך וועל קיינמאל ניט אויפהערען צו שרייען, אז איך בין געוועזן גערעכט!

מאדאם דע ראטשארד
און איך וועל קיינמאל ניט אויפהערען צו טענה'ן, אז ער פּאסט ניט פאר זשילבערט'ן.

לעאן
ווער דען, וואלט נאך אייער מיינונג, געפּאסט פאר זשיל־בערט?

מאדאם דע ראטשארד
א סאלידער מענש, א בעאמטער, א דאקטאר, אן אינזשעניער. און ניט מיט אזא שעהן פּנים'על.

לעאן
ווארום ניט מיט אזא שעהן פּנים'ל?

מאדאם דע ראטשארד
איך האב געהאט א שעהנעם מאן, ווייס איך וואס דאס האט מיך געקאסט!

לעאן
אייך וואלט נאך מעהר געקאסט, ווען ער וואלט געוועזן העס־ליך. (מאדאם דע ראטשארד וויל ווערען אין כעס). איבריגענס זייט איהר די איינציגע פרוי, וועמען זשאן געפעהלט ניט.

מאדאם דע ראטשארד
דאס איז דאך, וואס איך טענה: ער איז צו שעהן. ער גע־פעהלט צופיעל די פרויען. ער האט שוין א מענגע שעהנע פרויען געמאהלען. ער וועט זיי ווייטער מאהלען. שעהנע פרויען וועלען שטונדען לאנג מיט איהם אין זיין אטעליע פערברענ־גען. און מען ווייס, וואס אין די אטעליעס טהוט זיך.

לעאַן

״מען ווייס?״ האַט איהר אַמאָל געזעהן. וואס דאָרט טהוט זיך?

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

איך? דאָס הייסט... איך בין יאָ אַמאָל געווען אין אַן אַטעליע ביי האראָס בערנעט.

לעאַן

ביי דעם מאָהלער פון שלאַכטען?

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

מיט איין וואָרט, אַזוינע מענשען, אַזוינע קינסטלער פּאַסען ניט אין אַ בעאַמטען־פאַמיליע ווי אונזערע. קיין ריכטיגע פאַמיליען־לעבען קענען זיי ניט פיהרען. ווי קען מען זיין אַ גוטער פאַמיליען־מאַן, ווען מען איז שטענדיג אַרומגערינגעלט פון פרויען, וואָס ווייסען ניט פון קיין אַנדער זאַך, ווי נור אַנטהאָן זיך און אויסטהאָן זיך! דאָ האָט מען צו טאָהן מיט פרויען, וואָס קומען מאַכען אַ בעשטעלונג און דאָ מיט די מאָדעל־מיידלאַך. בעזאָנדערס די מאָדעל־מיידלאַך (הויבט זיך אויף). איך זאָג: די מאָדעל־מיידלאַך, לעאַן!

לעאַן

אַה, איך פערשטעה, וואָס איהר מיינט טאַנטע. איהר ווילט געבען אַן אַנצוהערעניש אויף זשאַן'ם אַ געוויסען ראָמאַן. נו, איך ווייס, ער האָט אַ מאָדעל־מיידעל געליעבט, דריי יאָהר זי געליעבט, אויפריכטיג, ערנסט...

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

געליעבט? דאָס רופסטו אויך ליעבע?

לעאָן

יעדע פרוי קען מען ליעבען, טאַנטע, און די האָט זיין ליעבע פערדיענט מעהר ווי וועלכע אנדערע.

מאַדאַם דע ראַטשארד

מסתמא ווייל זי האָט געהאַט א שעהן פּנים'ל.

לעאָן

און ווייל זי איז געווען צערטליך, גוט, טריי און איבערגעגעבען.

מאַדאַם דע ראַטשארד

היינט פאַרוואָס האָט ער זי געוואָרפען?

לעאָן

טאַנטע, מיט זשאַן האָט פּאַסירט דאָס זעלבע, וואָס עס פּאַסירט מיט טויזענדע אנדערע יונגע לייט. א יונגער מאַן, א שעהנע מיידעל פון אכטצעהן יאָהר געטראָפען, געזעהן, געליעבט, א פערהעלטניס אָנגעפאַנגען. דאַן איז א צוויי־דריי יאָהר ארום — ער אוועק רעכטס, זי לינקס, — אַז אַלטע געשיכטע, וועלכע בלייבט אויביג ניי. דאָס איינציגע, וואָס האָט אונ־טערשיידעט זיין ליעבע פון אנדערע אזוינע, איז געווען דער מערקווירדיגער כאַראַקטער פון דער פרוי.

מאַדאַם דע ראַטשארד

דער מערקווירדיגער!ביי דער מיידעל א מערקווירדיגער כאַ־ראַקטער? ווי האָט איהר זי גערופען? איך געדענק ניט קלאָהר — פרייליין מוז... מוז...

לעאָן

מוזאטט, ליעבע טאַנטע, די קליינע מוזאַטט... א צונעמעניש, ווי אַלע מאַדעל־מיידלאַך האָבען.

מאַדאַם דע ראַטשארד

און ווי איז איהר עהרליכער נאָמען?

לעאַן

איהר ריכטיגער נאָמען איז הענריעטטע — הענריעטטע לע־וועקיו.

מאַדאַם דע ראטשארד

לעוועקיו? אזוי, אזוי!

לעאַן

און די דאָזיגע הענריעטטע לעוועקיו האָט די גאַנצע צייט פון איהר צוזאַמענלעבען מיט זשאַן איהם געליעבט, געעהרט, פערגעטערט, געאָטהעמט מיט איהם. דער דאָזיגער ליעבע האָט זי איהר יוגענד און איהר אונשולד, איהר שעהנהייט און פיליייכט אויך איהר גליק געאָפּפערט. און ווען זי האָט זיך געדאַרפט צושיידען מיט איהם, האָט זי ערשט געוויזען, ווי שטאַרק איהר ליעבע איז געווען. אָהן א טרער, אָהן דעם מינדסטען פאַרוואורף האָט זי זיך מיט איהם צושיידט. עס האָט איהר וועה געטהאָן, שרעקליך וועה געטהאָן, איהרע וועה־טאָגען אָבער האָט זי דערשטיקט אין איהר הארצען. די אונ־גליקליכע האָט פערשטאַנען, אַז זי האָט איהם פערלאָרען אויף אויביג. זי האָט זיך אונטערגעגעבען איהר שיקזאַל און איז פערשוואונדען פון די אויגען. מען האָט זי קוים איינגערעדט, זי זאָל נעהמען די שטיצע, וואָס זשאַן האָט איהר פאַרגעלעגט, ווייל זי וואָלט זיך גיכער געטויטעט, איידער צו ציהען מאַטע־ריעלע נוצען פון איהר ליעבע.

מאַדאַם דע ראטשארד

און זייט דעם האָט זי זשאַן אַמאָל געזעהן?

לעאַן

קיינמאָל ניט. און דאָס איז שוין א געשיכטע באַלד פון אַכט מאָנאַטען. וועהרענד דער דאָזיגער צייט האָט ער מיך א פּאָר מאָל געבעטען אויסצוגעפינען, ווי איהר געהט. איך האָב אָבער

גאָרנישט געקענט אויסגעפינען, ווייל מען ווייס ניט וואו זי איז פערשוואונדען, (ענדערט דעם טאָן) אבער וואס דער־צעהל איך עס אייך. איהר ווייסט דאָך עס אלעם פונקט אזוי ווי איך. מיר האבען שוין צוואנציג מאָל וועגען דעם גע־רעדט.

מאַדאַם דע ראטשארד

און היינט, ווען איך הער די דאזיגע געשיכטע צום איין און צוואנצינסטען מאָל, גלויב איך אזוי ווענינ ווי צום ערשטען מאָל.

לעאָן

אבער דאס איז דאָך אמת!

מאַדאַם דע ראטשארד

אויב דאָס איז אמת, ווארום האסטו ניט געזעהן, אז זשאַן זאָל בלייבען מיט אזא מערקווירדיגע פרוי?

לעאָן

ליעבע טאַנטע, איך האָב געטהאַן מיין פפליכט. ווען דאָס דאזיגע דריי־יאהריגע פערהעלטניס וואלט נאָך לענגער געדויערט, וואלט זשאַן געווען א פערלאָרענער מענש!

מאַדאַם דע ראטשארד

איז עס געווען דיין דאגה?

לעאָן

יא, טאַנטע, זשאַן איז מיין פריינד געווען, און איך האָב גע־האלטען פאר מיין פפליכט איהם צו ראטעווען, פונקט ווי איך האָב פאר מיין ברודער פפליכט געהאַלטען, צו זעהן, אז זשיל־בערט זאָל מיט איהם הייראטען, ווייל ער וועט זיין א בראַ־ווער און טיכטיגער מאַן. און איהר וועט זעהן. טאַנטע,

שפּעטער, ווען איהר וועט וויעגען אַ קליינעם פּלימעניק אָדער אַ קליינע פּלימעניצע, דאַן וועט איהר דאָס קליין בעשעפּע־ניש'ל נאָך מעהר ליעב האָבען ווי אַלע אייערע הינטעלאַך.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד (כמעט געריהרט)

אה, לאַז, דו וועסט מיך ניט איבעררייידען! די אונגליקליכע הינטעלאַך, איך וועל זיי קיינמאָל ניט פערגעסען. דו ווייסט דאָך, אַז איך ליעב זיי ווי אַ מוטער.

לעאָן

איהר מוזט אבער ליעב האָבען אייערע פּלימעניקעס ווי אַ מוטער און אייערע הינטעלאַך ווי אַ טאַנטע.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

דו ביזט אונאויסשטעהליך!

(זשאַן מאַרטינעל און זשילבערט ערשיינען דורך די מיטעלסטע טהיר; הינטער זיי דער דיענער זשאָזעף).

זשאַן (צום דיענער)

זשאָזעף, איהר האָט פערגעסען, בלומען מוזען זיין איבעראַל.

זשאָזעף

איהר קענט זיין רוהיג, אַלסדינג וועט זיין ריכטיג. (אָב).

לעאָן (צו זיין טאַנטע)

נו, זאָגט אַליין, זיינען זיי ניט דאָס שעהנסטע פּאָר?

זשאַן (צוגעהענדיג צו מאַדאַם דע ראַטשאַרד).

איהר ווייסט, מאַדאַם, פון וועמען מיר האָבען איצט גערעדט? פון אייך!

לעאָן (פאַר זיך)

נו! נו!

**זשאן**

די גאנצע צייט האב איך אלץ געטראכט, וואס פאר א פרע־זענט גיט מען זשילבערט'ס ליעבענסווירדיגער טאנטע.

**מאדאם דע ראטשארד** (טרוקען)

זשילבערט האט מיר שוין א פרעזענט גענעבען פאר אייך ביי־דען. איך דאנק אייך, מיין הערר.

**זשאן**

ניין, דאס איז ניט גענוג. איך האב זיך בעמיהט אייער גע־שמאק צו טרעפען און וויסט איהר, וואס מיר איז איינגעפא־לען? (דערלאנגט איהר א פארטאמאנע) מאדאם, דא וועט איהר געפינען עטליכע הונדערטער פאר אייערע פערלאזענע הינטעלאך. איך וויל נור איהר זאלט מיר ערלויבען זיי צו בעזוכען פון צייט צו צייט, ווייל איך וויל זיך מיט זיי בעק־קענען. און נאך עפעס: ווען איך וועל קומען, זאלט איהר נור ניט אויסוועהלען די בייזסטע פון זיי מיך צו בעגריסען.

**מאדאם דע ראטשארד** (געריהרט)

איך דאנק אייך פון טיעפען הארצען. עס איז זעהר שעהן פון אייך, וואס איהר האט געטראכט פון מיינע ארימע יתומים'־לאך!

**לעאן** (זשאן'ען אויפ'ן אויער)

דו ביזט א דיפלאמאט!

**זשאן**

מאדאם, איהר דארפט זיך ניט וואונדערען, ווארום איך האב עס געטהאן. איך האב זעהר ליעב חיות. און ווידער זיינען זיי דאך אונזערע אפפער, אונזערע שקלאפען און מאנכע פון זיי אונזער נאהרונג. אייגענטליך זיינען זיי דיווירקליכע מאר־טירער פון אונזער וועלט.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

דאַס איז זעהר ריכטיג, מיין ליעבער פריינד. איך אליין האָב אויך פיעל מאָל אזוי געדענקט. אך, ווען מען זעהט אַמאָל, ווי די פערד ווערען געמוטשעט און געשלאָגען פון די ווילדע קו־טשערס!

לעאָן (מיט איראָניע)

און די פייגעל, און די ענטלאַך, און די האָזען, וואָס ווערען נעבעך דערשאָסען! פיף־פאַף־בום!...

מאַדאַם דע ראַטשאַרד (פערשטאָפּט זיך די אויערען)

אַה, רייד ניט דערפון, מיך שוידערט. עס איז צו שרעקליך!

זשאַן (געהט צו צו זשילבערט)

ניט אמת, עס איז צו שרעקליך?

זשילבערט (פרעהליך)

יאָ, אָבער זיי שמעקען גוט ווען מען עסט זיי.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד (צו לעאָן)

דו האָסט קיין הארץ ניט!

לעאָן (שטיל צו מאַדאַם דע ראַטשאַרד)

פאַר חיות — ניין! אָבער איהר האָט קיין הארץ ניט פֿאַר מענשען, און דאָס איז ערגער.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

וואָס מיינסטו?

לעאָן (ווייזענדיג אויף זשאַן און זשילבערט, וועלכע זיצען אויף דער זאָפע — לינקס).

יאָ, יאָ, טאַנטע, איהר האָט קיין הארץ ניט פאַר מענשען. וואָרים ווען איהר וואָלט יאָ אַ הארץ געהאַט פאַר מענשען, וואָלט איהר דאָס יונגע פּאָר איבערגעלאָזט איצט אליין. גלויבט מיר.

אז אייער אנוועזענהייט איז זיי איצט ניט בעזונדערס אנגע־
נעהם. (נעהמט זי אן ביים ארם) קומט טאנטע, אריין אין
ביליארד־צימער: פאפא האט שוין געוויס דארט זיין סיגאר
אויסגערייכערט.

מאדאם דע ראטשארד

און דו?

לעאן

איך דארף ארונטערגעהן אין מיין קאבינעט. איך קום באלד
צוריק.

מאדאם דע ראטשארד

אין דיין קאבינעט! דער קאבינעט דיינער איז דיין אטעליע,
ניט אמת, הולטאי דו? א קליענטקע ווארט דארט, הא?

לעאן

אבער, טאנטע, וואס פאלט אייך איין? פאר אן אדוואקאט
ענטפלעקט מען נור די זעלע. (פאר זיך) ליידער! (געהט
מיט מאדאם דע ראטשארד צום אויסגאנג און געהענדיג ווענדעט
ער זיך צו זשאן און זשילבערט). קינדער, איך ווינש אייך
גליק. (אב מיט מאדאם דע ראטשארד).

זשאן

יא, יא, איצט זייט איהר מיין פרוי, פריילין!

זשילבערט

פריילין!

זשאן

אך, ענטשולדיגט מיך. ווירקליך, איך ווייס גאר ניט ווי אזוי
איך זאל אייך רופען.

**זשילבערט**

רופט מיך איינפאד : זשילבערט.

**זשאן**

אלזא, זשילבערט, ענדליך, ענדליך, ענדליך זייט איהר מיין פרוי !

**זשילבערט**

געגוג מיה האט עס געקאסט —

**זשאן**

איך האב די העכסטע אכטונג פאר אייער ענערגיע ! איהר זייט די רייצענדסטע העלדין ! ווי איהר האט עס געקעמפפט גע־געז אייער פאטער און געגעז אייער טאנטע ! נור אייער ענערגיע האב איך צו פערדאנקעז, וואס איהר געהערט איצט מיר, און מיין הארץ איז פול דאנקבארקייט צו אייך !

**זשילבערט**

איך האב צו אייך געהאט פערטרויעז און דאס האט מיך גע־שטארקט אין מיין קאמפף.

**זשאן**

נור פערטרויעז ?

**זשילבערט**

אזא פראגע שטעלט א נאר ! אבער גוט, איך וועל אייך ענט־פערעז : איהר זייט מיר געפעהלעז געוועז אויך, דאס האט איהר געדארפט וויסעז. ווען איהר וואלט מיר ניט געפעהלעז געוועז, וואלט איך וואהרשיינליך צו אייך קיין פערטרויעז ניט געהאט. פריהער פון אלץ מוז מעז געפעהלעז, אז ניט העלפט ניט דאס פערטרויעז, מיין שטאלצער העדר !

**זשאן**

רופט מיך זשאן, ווי איך רוף אייך זשילבערט.

**זשילבערט** (צעגערט)

איך קען דאס ניט. איבריגענס וועל איך פּרואווען... ניין, ניין, איך קען ניט! (זי הויבט זיך אויף און געהט נאָך רעכטס).

**זשאן** (געהט איהר נאָך)

ווי איך האָב אייך ליעב! ווי שעהן איהר זייט און ווי גראַציעז! און די שעהנהייט איז מיין געטין, די געטין פון קינסטלער. איהר בעצויבערט מיך אייגנפּאָר. ווירקליך, אויסער אייך עקזיסטירט ניט פֿאַר מיר קיינער און גאָר נישט אויף דער גאנצער וועלט!

**זשילבערט**

אייערע ווערטער פערשאפען מיר פיעל פרייד, דאָך בעט איך אייך, איהר זאָלט מעהר אזוי ניט ריידען, ווייל איהר שטעלט מיך אין אַ פערלעגענהייט. אפילו אמת איך האָב זיך געריכט צו הערען פון אייך הײנט אזוינע שעהנע ווערטער, היינט אין אונזער האָכצייטס־טאָג. פיליכט שפּעטער וועלען אייערע ווערטער אויך מיט אזוי פֿיעל ליעבע קלינגען, איך וויל ניט אין דעם צווייפלען, איהר האָט דאָך די פאנטאזיע און די בערעדזאמקייט פון אַ קינסטלער, און איהר ליעבט מיך — אָבער אין דער אייגענער צייט גלויב איך, וועלען דאן אייערע ווערטער גאנץ אנדערש זיין.

**זשאן**

אַה!

**זשילבערט** (זעצט זיך אויף א שטוהל נעבען טיש)

און דארום... רעדט ווייטער!

**זשאַן**

וואָס מיך האָט פון דעם ערשטען אויגענבליק אַז צו אייך גע־צויגען, איז געווען די געהיימניספולע האַרמאָניע פון אייער וועזען און אייער זעעלע. געדענקט איהר, ווען איך בין דעם ערשטען מאָל צו אייך געקומען?

**זשילבערט**

אה, יאָ, זעהר גוט. מיין ברודער האָט אייך צום דינער מיט־געבראַכט. פריהער האָט איהר זיך געלאָזט בעטען, ניט גע־וואָלט געהן צו אונז.

**זשאַן** (לאַכט)

דאָס ווייסט איהר אויך? לעאָן איז דאָך אַן אַדוואָקאַט און קיין סוד קען ער ניט האַלטען! ער האָט עס אייך דערצעהלט? ער האָט עס ניט געדאַרפט טהאָן, שעהמען זאָל ער זיך! יאָ, איך מוז צוגעבען, מיר האָט זיך גאָר ניט געלוסט צו קומען צו אייך. אַלס קינסטלער בין איך געוועהנט געווען צו אונ־זער איינגענאַרטיגע, פרייע, לוסטיגע און ליאַרמדיגע געזעל־שאַפט. דער געדאַנק צו קומען איז אַזאַ ערנסטע הויז ווי איי־ערע און פערברענגען מיט בעאַמטע און יונגע מיידלאַך האָט מיך בעאונרוהיגט. אָבער איך האָב זעהר ליעב געהאַט אייער ברו־דער פאַר זיין לוסטיגקייט, אָפענהערציגקייט, ליעבענסווירדיג־קייט, פאַר זיין וויץ און זיין ערנסט, און איך האָב איהם ניט געקענט אָבזאָגען, ווען ער האָט מיר צו אייך איינגעלאַדען. און איך בעדויער דאָס גאָר נישט, ניין, ווירקליך ניט! איז'ם האַרצען בין איך איצט איהם זאָגאַר זעהר דאַנקבאַר, וואָס ער האָט מיך דאַן איינגעלאַדען צו אייך! איהר געדענקט, ווען איך בין צום ערשטען מאָל צו אייך געקומען, האָט איהר פרישע בלומען אין וואַסער געשטעלט, אין אַ כינעזישער וואַזע האָט איהר די בלומען געשטעלט. איהר געדענקט עס?

**זשילבערט**

אהה, געווים!

**זשאן**

אייער פאטער האט גערעדט פון מיין אנקעל מארטינעל, וועל־כען ער האט געקענט פון פריהער. איך האב מיט אייער פא־טער גערעדט, אבער די גאנצע צייט האב איך די אויגען ניט ארונטערגענומען פון אייך און די בלומען.

**זשילבערט** (שמייכעלט)

יא, איהר האט זעהר פיעל געקוקט אויף מיר, פאר א ערשטעם מאל אביסעל צו פיעל!

**זשאן**

פערגעסט ניט, אז איך בין א קינסטלער און דער קינסטלער האט געקוקט אויף אייך. איך האב בעוואונדערט אייך. אייער געזיכט, אייער האלטונג, אייערע בעוועגונגען האבען מיך ענטציקט! און דערנאך בין איך זעקס מאנאטען נאכאנאנד צו אייך אין הויז געקומען, געקומען ווייל אייער ברודער האט מיך געלאדען און, נאך מעהר, ווייל איהר האט מיך געצויגען. (ער זעצט זיך נעבען איהר אויף א שטוהל). און דא האט א שטילע אהנונג אין מיין זעעלע ערוואכט, אז פיללייכט וועט איהר אמאל מיין פרוי ווערען. פון דעמאלט אן האב איך זיך בעמיהט די בעציהונגען צווישען אייער פאטער און מיין אנ־קעל ווידער אנצוקניפען, זיי זיינען פריינד געווארען! האט איהר דען ניט בעמערקט מיין מאנעוור?

**זשילבערט**

אייער מאנעוור? ניין! נור צייטענווייז האב איך עפעס געפיהלט, אבער איך האב זיך געוואונדערט, וואס אזא מאן ווי איהר, אזא בעריהמטער קינסטלער. אינטערעסירט זיך אזוי

פיעל מיט אזא איינפאכער מיידעל ווי איך בין. מיר האט זיך עס אויסגעוויזען אזוי אונגעוועהנליך, דאס איך האב געצווייפעלט אין אייער אויפריכטיגקייט.

**זשאן**

דאך האבען מיר זיך פערשטאנען און פערשטאנען זיך גאנץ שנעל.

**זשילבערט**

איהר זייט מיר געפעהלען געוועזען. איך האב געפיהלט, אז איהר זייט ניט נור א גוטער מאהלער, נור א גוטער מענש דערצו. אויך לעאן האט אייך זעהר ליעב געהאט און שטענדיג גערעדט מיט מיר פון אייך.

**זשאן**

איך ווייס עס! און איך גלויב זאגאר, אז ער האט פון אונזער הייראט געטראכט פריהער פון אונז ביידען, איז דאס ניט א שאנדע? (נאך א קורצער פויזע). געדענקט איהר, ווי מיר האבען זיך צוריקגעקעהרט פון „סען־זשערמען", דאמאלט ווען מיר האבען אין דעם פאוויליאן הענרי דער פיערטער דינער גענעסען?

**זשילבערט**

אויב איך געדענק עס?

**זשאן**

מיין אנקעל און אייער טאנטע, איהר און איך זיינען געזעסען אין איין וואגען, דאס ווירדיגע פאאר אויף איין זייט, דאס יונגע פאאר אויף דער אנדער זייט. אייער פאטער און לעאן זיינען נאכגעפאהרען פון הינטען. עס איז געוועזען א שעהנע ווארימע זומערנאכט: אבער אייער בענעהמען זיך נעגען מיר איז געוועזען זעהר קאלט.

זשילבערט

איך בין געווען אזוי פערוווירט.

לעאָן

און דאך האט איהר גערארפט ערוואַרטען, אז ווען עס־איז וועל איך אייך די פראגע שטעלען, וואס האט אייך דאן צור־מישט. דען שוין דעמאלט האט פאר אייך קיין סוד ניט גע־קענט זיין, אז איך אינטערעסיר זיך מיט אייך מעהר ווי גע־וועהנליך, אז איך ליעב אייך.

זשילבערט

דאס איז אמת. פונדעסטוועגען האט מיך אייער פראגע איבער־ראשט און צוטומעלט. אה, זייט דעם האב איך אָפט פון דעם געטראכט, אבער די ווערטער, וואס איהר האט מיר דאן גע־זאגט, האב איך זיך ניט געקאנט דערמאנען, איהר געדענקט זיי?

זשאן

ניין! איך ווייס נור, אז די ווערטער האבען זיך פון'ם הארצען אויף די ליפען ארויסגעריסען, ווי א פרומער געבעט. איך ווייס נור, אז איך האב אייך געזאגט: איך דארף צו אייך אין הויז מעהר ניט קומען, ווען איהר זאלט מיר ניט געבען דאס רעכט צו פיהלען זיך דארט, ווי אן אייגענער מענש. און דא האט איהר מיר געענטפערט נאך א לאנגען צעגערן מיט אזא שטילער שטימע... ווי איך וואלט וועלען נאך אמאל הערען די דאזיגע שטימע!...

זשילבערט (שטיל, ווי אינ'ם טרוים)

עס וועט מיר וועה טהאן, ווען איהר וועט ניט קומען.

זשאן

יא, יא, ווארט אין ווארט, וואס איהר האט דאן געזאגט און מיט דער אייגענער שטימע!

**זשילבערט**

איהר האט עס ניט פערגעסען?

**זשאן**

קען מען עטוואס אזוינס פערגעסען? (מיט טיעפען געפיהל)
און ווען איך בעדענק דאס אלעס און בעטראכט אייך, ווערט
מיר אלץ קלארער, אז מיר פערשטעהן איינער דעם אנדערן,
פאסען זיך איינע צום אנדערן און אז מיר וועלען גליקליך
זיין!

(קלייגע פויזע)

**זשילבערט** (שטעהט אויף)

דאך איצט מוז איך אייך פערלאזען.

**זשאן** (אויך אויפגעשטאנען)

ווארום?

**זשילבערט** (ווענדעט זיך נאך רעכטס)

איך מוז געהן זיך פארצובערייטען ווי געהעריג צו דער האכ־
צייטס־רייזע! און איהר פערגעסט גור ניט צו זאגען פאפא
אדיע, איידער איהר נעהמט ביי איהם אוועק זיין קינד, איהר
שלעכטער מענש!

**זשאן** (געהט איהר נאך)

איך וועל עס גערן טהאן, אבער פריהער מוזט איהר מיר זא־
גען אז איהר ליעבט מיך.

**זשילבערט**

יא, איך ליעב אייך!

**זשאן** (קושט זי אויפ'ן שטערן)

און איך פערגעטער אייך!

(זשילבערט אב נאך רעכטס)

(מ. מארטינעל ערשיינט דורך דער מיטעלסטער טהיר, זעהט אויס זעהר אויפגערעגט און האלט א בריעף אין דער האנד.

**מ. מארטינעל** (בעמערקט זשאן, בעהאלט ער שנעל דעם בריעף אין קעשענע).

וואו איז לעאן?

**זשאן**

איך ווייס ניט, איהר דארפט איהם?

**מ. מארטינעל**

איך וויל איהם זעהן. איך דארף עפּעס אויסגעפינען וועגען געזעץ

לעאן בעווייזט זיך אין דער מיטעלסטער טהיר.

**זשאן**

דא איז ער! איך קום גלייך! (אב נאך רעכטס)

**מ. מארטינעל** (צו לעאן, וגעהענדיג צו איהם שנעל)

איך מוז מיט אייך גלייך ריידען. א שרעקליכע געשיכטע. איך ווייס ניט, אויף וואס פאר א וועלט איך בין!

**לעאן**

וואס האט פּאסירט?

**מ. מארטינעל**

מיר האבען ערשט די פּארטיע ביללִיארד געענדיגט, דא האט אייער דיענער א בריעף אריינגעטראגען, אדרעסירט צו מארטינעל אהן דעם ערשטען נאמען. איך האב געמיינט, אז דער בריעף איז צו מיר און איך האב איהם געעפענט. ערשט דער בריעף איז צו זשאן געשריבען. איך האב דארט איבערגעלעזען עטוואס אזוינס, וואס האט מיך אין גאנצען צומישט. איצט וויל איך, איהר זאלט מיר א ראטה געבען, ווארום מיר מוזען גלייך עפּעס טהאן, גלייך!

לעאַן

וואס איז דארט, רעדט!

מ. מארטינעל

איך וויים אליין נים, צו דארף איך גאר ריידען. עס איז זעהר אן ערנסטע אנגעלעגענהייט, א געהיימניס, וואס איך האב נור צופעליג דערוואוסט...

לעאַן

רעדט, איהר מענט מיר פערטרויען.

מ. מארטינעל

איך פערטרויע אייך. דאס איז דער בריעף. ער איז פון דאקטאר פעלערין, זשאן'ס פריינד. ער איז א לעבע־מאן, א דאקטאר פאר שעהנע דאמען, אבער ער וואלט אזא בריעף קיינמאל נים געשריעבען, ווען עס וואלט נים געווען זעהר נויטיג.
(דערלאנגט איהם דעם בריעף)

לעאַן (לעזט הויך)

„ליעבסטער! מיר איז זעהר שווער אייך מיטצוטיילען, און בעזאנדערס אין אייער האכצייטס־טאג, דאס, וואס איהר וועט זיך דערוויסען דורך די דאזיגע צייל̇ען. אום מיך צו פערענטפערען פאר זיך אליין, זאג איך מיר, אז איהר וואלט מיר קיינמאל נים מוחל געווען, ווען איך וואלט אנדערש געהאנדעלט. אייער אמאליגע געליעבטע, הענריעטטע לעוועקיו, ליעגט אויפ'ן טויטען־בעט און וויל זיך מיט אייך זעגענען. זי וועט די היינטיגע נאכט נים איבערלעבען. מיט צוויי וואכען צוריק האט זי א קינד געבוירען, וועמענס פאטער איהר זייט. אויפ'ן טויטען־בעט ערשט האט זי עס מיר געזאגט. זי האט פריהער געהאט בעשלאסען, אז איהר זאלט נים וויסען וועגען דאס קינד, אבער דער נאהנטער טויט צווינגט זי, זי זאל זיך צו אייך

ווענדען. איך ווייס, ווי איהר האט געליעבט דאס דאזיגע מיי־
דעל, איהר ווערט געווים האנדלען, ווי אייער גוט־הארץ וועט
אייך דיקטירען. העגריעטטע'ס אדרעס איז: רי טשאפעלל 31.
איך דריק אייך קרעפטיג די האנד. אייער פעלעריו"

**מ. מארטינעל**

אט האט איהר א חתונה'קע און דוקא היינט ביינאכט! וואס
טהוט מען? זאלען מיר דעם בריעף בעהאלטען? אבער דאס
וואלט געווען ניט אנשטענדיג.

**לעאן** (ענערגיש)

יא, דאס וואלט געווען ניט אנשטענדיג! איהר מוזט איהם
איבערגעבען דעם בריעף.

**מ. מארטינעל**

וואס וועט ער טהאן?

**לעאן**

דאס איז זיין זאך.

**מ. מארטינעל**

און ווען ער וועט ביי מיר פרעגען א ראטה?

**לעאן**

איך גלויב ניט אז ער וועט עס טהאן. אין אזעלכע זאכען בע־
ראטה מען זיך נור מיט'ן אייגענעם געוויסען.

**מ. מארטינעל**

אבער ער קוקט אויף מיר ווי אויף זיין פאטער. אין אזא קריי־
טישע לאגע, ווען זיין גאנצעם גליק איז אין געפאהר, קען זיין,
ער זאל זיך ווענדען צו מיר — וואס זאל איך איהם ראטהען?

לעאָן

איהר זאלט איהם ראטהען צו האנדלען אזוי, ווי איהר אליין וואלט געהאנדעלט אין אזא פאל. ווי וואלט איהר געהאנדעלט?

מ. מארטינעל

איך וואלט אהין נעגאנגען. און איהר?

לעאָן

איך אויך.

מ. מארטינעל

און אייער שוועסטער?

לעאָן (טרויעריג, זעצט זיך נעבען דעם מיטעלסטען טיש)

מיין ארימע שוועסטער! וואס פאר אן אונגליק!

מ. מארטינעל (נאך א קורצע פויזע)

ניין, עס וועט זיין צו שרעקליך פאר איהם! איך וועל איהם דעם בריעף ניט געבען. איך בעגעה דערמיט אן אונרעכט, אבער איך ראטעווע איהם.

לעאָן

דעם בריעף מוזט איהר איהם איבערגעבען, הערר מארטינעל! מיר קענען ביידע די אונגליקליכע, און מיט שרעק פרעג איך זיך, אויב די היינטיגע חתונה איז ניט שולדיג אין איהר טויט. (שטעהט אויף) ווען מען האט דריי יאהר לאנג אין דעם הארצען פון א פרוי געהערשט, דאן איז די פפליכט צו געהן צו איהר, אום דעם לעצטען אדיע איהר צו זאגען, בעזאנדערס נאך, ווען זי רופט. און ניט קוקען וואס דערפון וועט ארויס־קומען.

מ. מארטינעל

וואס וועט זשילבערט זאגען?

לעאָן

זי ליעבט זשאַן'ען.

מ. מארטינעל

ווי וועט זי זיך פון דעם פיהלען? וועט זי איהם פערציהען?

לעאָן

איך צווייפעל זעהר. בעזאנדערס, ווייל פון דער דאזיגער פרוי האט מען דא אין הויז שוין אזוי פיעל גערעדט. אבער מיר טארען ניט זיך רעבענען מיט דעם. וואו איז זשאַן? איך וועל איהם רופען אהער. (געהט נאך דער מיטעלסטער טיהר)

מ. מארטינעל

אבער ווי זאל איך עס איהם מיטטיילען?

לעאָן

גיט איהם איינפאך דעם בריעף! (אב)

מ. מארטינעל (אליין)

ארימע קינדער! אין מיטען אייער גליק דארף אזא אונגליק טרעפען! אבער יענע, נעבאך, זי שטארבט דארט. אך! דאס לעבען איז מאנכעסמאל צו גרויזאם!

(זשאַן און לעאָן קומען שנעל אריין דורך דער הינטערסטער טהיר).

זשאַן

וואס איז געשעהן, אנקעל?

מ. מארטינעל

נא, מיין אינגעל, לעז דאס און ענטשולדיג, וואס איך האב דעם בריעף געעפענט, איך האב געמיינט, אז ער איז פאר מיר. (גיט זשאַן'ען דעם בריעף און קוקט אויף איהם ווען ער לעזט).

**לעאָן**

(קוקט אויף אויף זשאַן'ען).

**זשאַן** (אז ער האט געענדיגט)

איך מוז... עס איז מיין פפליכט. (צו מארטינעל) ליעבער אנקעל, איך בעט אייך, בלייבט דא. דערצעהלט גאר נישט מיין פרוי, אבער בלייבט דא אונטער אלע אומשטענדען, ביז איך וועל זיך צוריקקעהרען. (צו לעאָן) דיך קען איך, און איך וויים, אז דו פערשטעהסט מיך און גיעסט מיך רעכט. איך פערטרויע דיר מיין צוקונפט. אדיע! (ער טהוט זיך א קעהר צו דער טיהר לינקס).

**לעאָן** (געהט צו צו איהם און דריקט איהם די האנד)

געה...

**זשאַן** (נאכדעם ווי ער האט א בליק געווארפען אויף די טיהר רעכטס, וואו עס געפינט זיך זשילבערט'ס צימער).

דיר פערדאנק איך דאס הארץ פון דיין שוועסטער. האלט עס איין פאר מיר אויב דו קענסט! (אב שנעל נאך לינקס)

**מ. מארטינעל** (זעצט זיך לינקס)

וואס וועט איצט זיין? וואס וועלען מיר זאגען? מען וועט דאך עפּעס דארפען זאגען?

**לעאָן**

לאזט עס איבער צו מיר. זאגען דארף איך, ווייל די דאזיגע הייראט איז אין גאנצען מיין אויפטהו.

**מ. מארטינעל**

פון מיינטוועגען. (שטעהט אויף) אבער איך וואלט וועלען זיין מיט פיער און צוואנציג שטונדען עלטער. ניין, ניין, איך בין גאר ניט קיין פריינד פון ליעבעס-טראגעדיען! אבער

וואס זאל מען טהאן מיט'ן קינד? מען קאן דאך עס ניט
לאזען אויף הפקר. ש־ש־ש! זשילבערט!

(זשילבערט קומט אריין פון רעכטס. זי האָט איהר חופה־קלייד אויס־
געטהאָן, איז אָנגעטהאָן אין אַן עלעגאַנט אנצוג און האלט אַ רייזע־
מאַנטעל אין דער האַנד, וועלכען זי לייגט אוועק אויף אַ שטוהל).

**זשילבערט**

האט איהר פילייייכט מיין פערלארענעם מאן געזעהן?

**לעאָן**

ער וועט זיין באלד צוריק.

**זשילבערט** (ערשטוינט)

איז ער דען אוועק?

**לעאָן**

יא.

**זשילבערט**

אוועק? איצט! היינט?!

**לעאָן**

וועגען זעהר א וויכטיגע זאך. ער האט געמוזט אוועקגעהן
אויף א שטונדע.

**זשילבערט**

וואס האט פאסירט? איך פיהל אז דו בעהאלסט עפּעס פון
מיר. עפּעס אן אונגליק? א ניט וואלט ער דאך ניט אוועק
אין מיטען דערינען.

**לעאָן**

ניין, ניין, בערוהיג זיך!

מ. מארטינעל

עס איז גאר נישט מיט גאר נישט.

זשילבערט

אבער עפעס האט דאך פאסירט, רייד! (אונגעדולדיג) נו, זאג, דערצעהל!

לעאָן

איך קען דיר גארנישט זאגען. ווארט א שטונדע און ער וועט דיר אליין דערצעהלען, וואס פֿאר א היילינע פפליכט ער האט געהאט צו ערפילען.

זשילבערט

א היילינע פפליכט? דו געברויכסט אזוינע ווערטער. זאג מיר, וואס האט פאסירט, דו שרעקסט מיך!

לעאָן

עס איז א געשיכטע פון פפליכט, פון פריינדשאפט, פון מיט־לייד. מעהר דארף איך דיר ניט זאגען, האב איין שטונדע געדולד.

זשילבערט (צו מארטינעל)

איהר זייט זיין אנקעל, רעדט איהר! וואו איז ער? וואוהין איז ער געגאנגען? איך פיהל עפעס אז אונגליק פאר מיר און פֿאר אונז אלע! אך, איך בעט אייך, רעדט!

מארטינעל (מיט טרעהרען אין די אויגען)

אבער איך קען אייך זאגען ניט מעהר ווי לעאן! אייער ברו־דער און איך האבען פערשפראכען צו שווייגען. איך קען אייך נור זאגען, אז איך וואלט אויך אזוי געהאנדעלט ווי ער. איין א שטונדע ארום, ליעבעם קינד, וועט איהר אלסדינג וויסען.

זשילבערט

איהר זייט צומישט, עטוואס שרעקליכעס האט געמוזט פאַ־סירען.

מ. מארטינעל

ניין, ניין, עס טהוט מיר נור וועה, אייך צו זעהן אזוי צו־שראקען. ווארום איך ליעב אייך פונ'ם גאנצען הארצען. (ער נעהמט איהר ארום)

זשילבערט (צו לעאָן)

דו האסט עפּעס גערעדט פון פריינדשאפט, פון מיטלייד. איך פיהל אבער, ווען איך קוק אויף אייך, אז דא האנדעלט זיך עפּעס וועגען א געהיימניס, א שרעקליכע געהיימניס...

לעאָן

שוועסטערל, דו האסט צוטרוי צו מיר?

זשילבערט

יא, דו ווייסט עס גוט.

לעאָן

שווער איך דיר ביי מיין עהרע, אז איך וואלט פונקט אזוי געהאנדעלט ווי זשאן, און נור זיין איבערגעבענהייט צו דיר איז די אורזאך, וואס ער האט ביז דעם לעצטען אויגענבליק ניט געוואוסט דאָס, וואָס ער האָט זיך ערשט דערוואוסט.

זשילבערט (קוקט דעם ברודער אין די אויגען אריין)

איך גלויב דיר און איך דאנק דיר! דאך בערוהיגען זיך קען איך ניט, ביז ער האט זיך ניט צוריקגעקעהרט. ווען דו שווערסט, אז מיין מאן האט פריהער ניט געוואוסט פון דעם, וואס האט איהם געצווינגען מיך היינט צו פערלאזען, גלויב איך דיר. איך בין זיכער, אז ניט דו און ניט הערר מארטינעל ווילען מיך אפּנארען. (גיט זיי ביידען די הענד)

(מ. דע פעטיפר און מאדאם דע ראטשארד קומען שנעל אריין דורך
דער מיטעלסטער טהיר).

מ. פעטיפר

וואס הער איך? זשאן איז אוועק?

מ. מארטינעל

ער קומט באלד צוריק, מיין הערר.

מ. פעטיפר

יא, אבער ווי האט ער געקענט אוועקגעהן היינט? (צו
זשילבערט) האט ער דיר געזאגט אז ער געהט אוועק?

זשילבערט

ניין, ליעבער פאפא, איך האב דערפון ניט געוואוסט.

מאדאם דע ראטשארד

און ביי דער פאמיליע האט מען זיך אויך ניט ענטשולדיגט.
דאס איז ניט שעהן.

מ. פעטיפר

און קען מען וויסען די אורזאכע פון אזא זאנדערבארען בע־
נעהמען זיך?

מ. מארטינעל

אייער זוהן וויים די אורזאך פונקט אזוי ווי איך, מיין פריינד.
אבער ניט ער און ניט איך קענען זי אייך זאגען. אייער
טאכטער איז איבריגענס צופריעדען צו ווארטען ביז איהר
מאן וועט קומען...

מ. פעטיפר

מיין טאכטער איז צופריעדען, איך אבער ניט. איך וויל
גלייך וויסען, ווארום ער איז היינט אוועק. איהר זייט

דער איינציגער, וואס האט פריהער געוואוסט אז אייער נעפּפּע געהט אוועק.

מאדאם דע ראטשארד (ציטערענדיג פאר צארן)

אייד האט מען דעם געהיימניספּולען בריעף דערלאנגט. איהר האט איהם געלעזען...

מ. מארטינעל

יא, מאדאם, איך האב איהם געלעזען. איך זעה אז איהר ווייסט וועגען דעם. מען האט דא ווירקליך א בריעף געבראכט. איך האב אבער אויף זיך אליין די פֿעראנטווארטליכקייט ניט געוואלט נעהמען און האב דעם אינהאלט פון דעם בריעף אייער זוהן מיטגעטיילט, אום צו וויסען זיין מיינונג, וואס מיט דעם בריעף צו טהאן.

לעאָן

און איך האב געראטהען דעם בריעף מיין שוואגער אפּצוגעבען און וואס זשאן האט געטהאן. ווען ער האט דעם בריעף איבערגעלעזען, וואלט איך אויף זיין ארט אויך געטהאן.

מ. פּעטיפר (געהט צו צו איהם)

ביי מיר האט ער געדארפט א ראטה פרעגען און ניט ביי דיר.

מאדאם דע ראטשארד

אזא סקאנדאל!

לעאָן

דו האסט רעכט, ביי דיר האט מען געדארפט א ראטה פרעגען, אבער ער האט געמוזט זיך איילען.

מאדאם דע ראטשארד (צוגעהענדיג צו מארטינעל)

אבער דער דאזיגער בריעף — פון וועמען איז געווען דער דאזיגער בריעף?

מאַרטינעל

דאס קען איך אייך זאגן. ער איז געווען פון א דאקטאר.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

פון א דאקטאר — א דאקטאר! אַלזא עס האנדעלט זיך וועגען א קראַנקען. מען האט איהם צו א קראַנקען גערופען. אבער ווער איז דער דאזיגער קראַנקער? אה, איך וועל וועטען, אז עס איז ניט קיין קראַנקער, נור א קראַנקע, עס איז יענע פרוי, זיין אמאַליגע געליעבטע, וועלכע האט איהם אומיסטנע א שפּיצעל אַבגעטהאַן און איז גראד היינט קראַנק געוואָרען. אַזא סקאַנדאַל! גראד היינט! זי האט זיך וואהר־שיינליך אומיסטנע פערגיפטעט מיט שוועבעלאַך, אום איהם צו ווייזען, אז זי ליעבט איהם נאַך, אז זי האַט איהם גאַר ניט אויפגעהערט צו ליעבען! דיעזע מערקווירדיגע פרוי! (צו לעאָן). און דו נעהמסט זיך דאַך אימער אַן פאַר אזוינע פרויען — דו...

לעאָן

טאַנטע, וואָלט איהר וועניגסטענס דאָס ניט גערעדט, ווען זשילבערט איז דערביי. איהר ווייסט דאַך ניט וואָס דאַ האָט פּאַסירט.

זשילבערט

איך בעט אייך אַלעמען, רעדט ניט איצט דערפון. איהר צור־רייצט מיר דאָס הארץ מיט אייערע רייד און בעשמוצט מיר מיינע הייליגע געפיהלען! איך וועל וואַרטען ביז מיין מאַן וועט זיך צוריקקעהרען; איך וויל אַלסדינג הערען פון זיין

מויל. איז אַז אומגליק געשעהן, וועל איך מוטה האַבען עס צו טראַגען. (זי געהט אָב נאָך רעכטס. פּעטיפּר בעגלייט זי).

(פּויזע).

מאַדאַם דע ראַטשארד

נו, לעאָז, דו זעהסט ווי עהרליך די מענער זיינען? איינער ווי דער אנדערער! . . .

# צווייטער אקט

מוזאמט׳ס צימער. עלעגאנט, אָבער אָהן לוקסוס. אַ טהיר אין מיטען. אַ צווייטע טהיר לינקס. רעכטס, אין׳ם הינטערגרונד, אַ בעט. נעבען דעם בעט, לינקס, אַ וועג. רעכטס, פאָרנט, אַ זאָפע מיט אַ שפּאַנישע וואַנט. אויף דעם קאַמין און אויף אַ קליינעם טישעל פאָרענט, לינקס, מעדיצין פלעשלאך, טאססען און אַ צוקערניע.

## ערשטע סצענע

מוזאמט, צוויי און צוואנציג יאָהר אלט, שלאָפט. די אם, ליזע באבין, זעקס און צוואנציג יאָהר אלט, און די הייבאמע מאַדאַם פלאשע, פינף און דרייסיג יאָהר, ריידען האַלב שטיל. מוזאמט ליגט ריכטיג אויף דער זאָפע, הינטער דער שפּאנישער וואנד, וואָס פערשטעלט זי אין גאנצען.

באבין (האלב שטיל)
איצט שלאָפט זי.

מאד. פלאשע (אויך אזוי שטיל)
זי וועט לאנג ניט שלאָפען, דאס הייסט, אויב זי וועט זיך נאך אויפכאפּען!

באבין

א נאַרישע זאַך דער טויט. בעזאַנדערס נאָך איז'ם קינדבעט! (זעצט זיך לינקס נעבען טישעל).

מאדאם פלאשע

אזוי איז עס. ליעבע מאדאם באבין. מען שטארבט און מען ווערט געבאַרען. און עס איז ריכטיג אזוי. אניט וואָלט די וועלט ענג געוואָרען. (זעצט זיך רעכטס נעבען טישעל).

באבין

איהר ווייסט? אלע מענשען האָבען געדאַרפט שטארבען אין דעם זעלביגען עלטער. דאן וואָלט דער טויט וועניגסטענס קיין איבעררַאשונג ניט געווען.

מאדאם פלאשע (אנגיסענדיג טהעע)

זייט איהר אָבער נאַאיוו. מאדאם באבין! איך וואָלט וועלען שטארבען פלוצים: איינגעשלאָפען און ניט אויפגעשטאַנען מעהר! דאָס וואָלט געווען א טויט אָהן ליידען. צום ביישפּיעל פון א הארץ־שלאג.

באבין (א קוק־טהוענדיג אויף די קראנקע)

איז עס ניט א משוגעת צו לעגען זיך דוקא אויף דער זאַפע, ווען דער דאָקטאָר האָט איהר אויסדריקליך דאָס פערבאָטען.

מאדאם פלאשע

אה. איך פערשטעה דאָס זעהר גוט. ווען מען ליעבט א מאַן טהוט מען א סך נאַרישקייטען. זי האָט זיך געוואָלט אביסעל אויספּוצען. זי האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט זי אויסזעהן העסליך אויפ'ן בעט. די אָרעמע מוזאטט! איך האָב זי געמוזט פריזירען און שעהן מאַכען. איהר, פון דאַרף, קענט דאָס ניט פערשטעהן.

באבין

מאָדנע פּרויעז זיינען די פאַריזערינס. אפילו אויפ׳ן טויטען־בעט פּוצען זיי זיך אויך. (פּויזע). וועט ער קומען... ער. איהר פערהעלטנים, איהר געליעבטער?

מאדאם פלאשע

איך גלויב ניט. די מענער איילען זיך ניט צו קומען צו זייערע פערלאָזענע געליעבטע אין אזא צייט. אויסערדעם האָט ער היינט ביינאכט געהייראט.

באבין

אויב אזוי וועט ער געוויס ניט קומען. וואָלט איהר אזוינע אומשטענדען צו אַ מאַן געגאנגען? איהר?

מאדאם פלאשע

אה, ווען איך וואָלט איהם ווירקליך געליעבט, וואָלט איך געוויס געגאנגען.

באבין

אפילו דאן, ווען איהר וואָלט אין דעם זעלביגען טאָג מיט אן אנדערען געהייראט?

מאדאם פלאשע

דאן זיכער! דאָס וואָלט מיך צונומען, ערשיטערט. און איך האָב אזוי ליעב שטאַרקע איבערלעבונגען!

באבין

און איך וואָלט ניט געגאנגען. איך וואָלט זיכער ניט געגאנגען. ווייל איך וואָלט מורא געהאט פאר מיין מילך.

מאדאם פלאשע (נאָך אַ פּויזע)

דאָקטאָר פּעלערין בעהויפּטעט, אז זי (ווייזט אויף מוזאטט) אז זי וועט נאָך אויך קריגען איהר מילך.

באבין

קענט איהר גוט דעם דאָקטאָר ?

מאדאם פלאשע

דאָקטאָר פעלעריז ? צו איך קען איהם !

באבין

ער זעהט אוים, ווי ער וואָלט קיין איין פרוי נים דורכגעלאָזען.

מאדאם פלאשע

און ער לאָזט טאקע נים דורך קיין איין פרוי ! אבער ער איז א גוטער דאָקטאָר. און קאָמיש איז ער, קאָמיש, דאָס מען קען שטארבען פון איהם ! קורץ, ער איז א מענש, וואָס נעהמט זיך נים קיין זאך צום הארצען. נים אומזיסט איז ער דאָקטאָר ביי דער אָפּערא. און ווי ער קען ליעבען, אך, ווי ער קען ליעבען ! איך זאָג אייך, ער קען משוגע מאכען ! איך האָב זיך מים איהם בעקאַנט אין דער אָפּערא.

באבין

אין דער אָפּערא ?

מאדאם פלאשע

ווי איהר קוקט מיך אן, בין איך אכט יאָהר געווען א טענצער־רין אין דער אָפּערא.

באבין

איהר ? וואָס רעדט איהר ?

מאדאם פלאשע

יא, יא, וואָס איהר הערט! די מאמע מיינע איז געווען א הייב־אמע און האָט מיך געלאָזט לערנען אין דער אייגענער צייט איהר וויסענשאפט און די קונסט פון טאנצען, ווארים זי

פלעגט אימער זאגען: „אין׳ם לעבען מוז מען קענען שפּיע־לען אויף צוויי אינסטרומענטען״. זעהט איהר, מיט דעם טאנ־צען קען מען פיעל דערגרייכען אין׳ם לעבען, מען דארף אבער ניט האבען קיין צו גרויסען אפּעטיט צום עסען. איך אבער בין געשטראפט געווען מיט א גוואלדיגען אפּעטיט. צו צוואנציג יאהר בין איך געווען זעהר דין און לייכט. דערנאך אבער בין איך געווארען אלץ דיקער און דיקער, א דאנק מיין אפּעטיט, און צום סוף בין איך אזוי שווער געווארען, דאס איך האב אזש אנגעהויבען צו סאפּען ווי א פעטע גאנז. דארום, ווען מיין מאמע איז געשטארבען, האב איך איבערגענומען איהר פּראַ־פעסיאן און איהרע קונדען. א דיפּלאם האב איך געהאט פון פריהער, האב איך נאך צוגעגעבען דעם טיטול: ״הייבאמע פון דער גרויסער אפּערא״ צו איהם. איך האב אלעמען פון דער אפּערא געהאלפען מיט ראט און טהאט, און דאס האט מיר אריינגעבראכט א שעהנע קונדשאפט. מען האט מיך דארט זעהר ליעב. ווען איך בין געווען א טענצערין, האב איך זיך גערופען ״מאמזעל פלאשע די ערשטע״.

### באבין

מאמזעל? און זייט דעם האט איהר געהייראט?

### מאדאם פלאשע

גיין, אבער ביי מיין פּראפעסיאן מוז מען זיך רופען מאדאם. עס פּאסט זיך בעסער און מען האט מעהר צוטרוי. (פּויזע).
נו, און איהר אם? פון וואנען זייט איהר? איך ווייס דאך נאך גאר נישט וועגען אייך.

### באבין

איך בין פון איוועטא.

### מאדאם פלאשע

איהר זייט אן אם צו ערשטען מאל?

באבין

נייז, צום דריטעז. איך האב צוויי טעכטער אוז א זוהז.

מאדאם פלאשע

אייער מאז איז מסתמא אז ערד־ארבייטער אדער א גערטנער?

באבין (איינפאך)

איך בין נאך א מיידעל.

מאדאם פלאשע (לאכט)

א מיידעל אוז שויז צום דריטעז מאל אז אם! איך מוז אייך א קאמפלימענט מאכעז. איהר קענט נאך זעהר פיעל ערר־ייכעז!

באבין

אך, זאלעז מיר בעסער פוז דעם ניט ריידעז. איך האב דאס געוויס ניט געוואלט, גאט האט אזוי געוואלט! וואס האב איך געקענט טהאז?

מאדאם פלאשע

(לאכט)

אוז ווען איהר וועט קומעז אהיים, וועט איהר פילייכט דער־נאך צום פיערטעז מאל קענעז געהן אלס אם?

באבין

עס קען זייז! אוז איהר, מאדאם פלאשע, ווען איהר זייט א טענצעריז געוועז, האט איהר מסתמא אויך געהאט גענוג ליע־בעס?

מאדאם פלאשע (געשמייכעלט, טרוימעריש)

איך לייקעז עס ניט. איך האב איינינע זעהר לוסטיגע ליעבעס מיטגעמאכט.

באבין

נו?... און אייך איז עס אזוי גלאט אריבער? קיין איין קינד אויך ניט?

מאדאם פלאשע

ניין!

באבין

ווי קומט עס?

מאדאם פלאשע

אויף דערויף האב איך מיין פראפעסיאן. (גערט צום קאמין).

באבין

און איך האב געקענט א הייבאם, וועלכע האט פינף קינדער געהאט.

מאדאם פלאשע

מסתמא איז זי ניט געווען קיין פאריזערין.

באבין

ניין, קיין פאריזערין איז זי ניט געווען.

מוזאטט (מיט א שוואכער שטימע)

איז אימיצער דא?

מאדאם פלאשע

זי האט זיך אויפגעכאפט. דא בין איך! (שטעהט אויף). איך געה גלייך צו אייך! (לעגט צונויף די שפאנישע וואנד, וועלכע האט ביז איצט פערשטעלט די זאפע).

מוזאטט

ער איז נאך ניט געקומען?

מאדאם פלאשע

ניין.

מוזאטט

ווען ער וועט קומען, וועט שוין זיין צו שפעט. אה, מיין גאט, מיין גאט!

מאדאם פלאשע

ער וועט שוין קומען!

מוזאטט

און מיין קינד?

מאדאם פלאשע

אה, עס שלאפט ווי א מלאך'ל!

מוזאטט (נאכדעם ווי זי האט זיך בעטראכט אין א קליין האנד־שפיגעלע)

ווען ער וועט מיך דערזעהן!... אה, מיין גאט! מיין קינד, איך וויל איהם זעהן!

מאדאם פלאשע

אבער ווען איך וועל איהם צו אייך ברענגען, וועט ער זיך אויפ־כאפען און דערנאך וועט שווער זיין איהם איינצושלעפערען.

מוזאטט

רוקט צו אהער די וויעג.

מאדאם פלאשע

אם, קומט אהער! (זי און באבין רוקען צו פארזיכטיג די וויעג צו דער זאפע)

מוזאטט

נאך מעהר, נעהנטער, איך זאל איהם קענען גוט זעהן. דעם ליעבען זונעניו. מיין קינד! מיין קינד! און איך וועל עס

פערלאזען, איך וועל פערשווינדען! אה, מיין גאט, ווי טרויע־
ריג דאס איז!

מאדאם פלאשע

אבער וואס מוטשעט איהר זיך. איהר זייט גאר ניט אזוי גע־
פעהרליך ווי איהר מיינט. קראנקערע ווי איהר האב איך
געזונד געמאכט. נא, האט איהר דאס, איהר האט איהם אויפ־
געוועקט! אם, העלפט מיר אוועקשטעלען די וויעג צוריק
אויף איהר פלאץ (זיי שטעלען די וויעג ווידער אויף איהר פריהער־
דיגען פלאץ, צו דער אם) לאזט מיך, לאזט מיך, איהר ווייסט
דאך, אז נור איך קען איהם בערוהיגען! (זעצט זיך נעבען דער
וויעג, זינגט א סטראפע פון א וויעג־ליעד און שאקעלט די וויעג).

באבין (געהט צו צום קאמין, טרינקט אויס א גלאז וואסער מיט צוקער
און שטאפט זיך אן פולע קעשענעס מיט צוקער · פיר זיך)
די עופה׳לאך מוז מען צוזעהן. צוקער איז גוט פיר זיי! און
אין דער קיך האב איך געזעהן א קאלבס־בראטען, דאס איז
אויך גוט פיר עופה׳לאך. מען מוז די קליינע ווערימלאך צו־
זעהן! (אב אין קיך, מאדאם פלאשע זינגט די צווייטע סטרא־
פע פון׳ם וויעג־ליעד שוין שטילער)

מוזאטט (נאך א טיעפען זיפץ)
איז ער איינגעשלאפען?

מאדאם פלאשע

יא פרייליין. (הויבט זיך אויף און געהט צו צו מוזאטט) ווי א
מלאך׳ל שלאפט ער! איך פערזיכער אייך, אז איהר וועט
נאך דערלעבען צו זיין חתונה. ער איז אזוי ליעב!

מוזאטט

איז ער ווירקליך ליעב?

מאדאם פלאשע

איך שווער אייך, אז ער איז איינער פון די שעהנסטע אינגע־לאך, וואס איך האב ווען אויף מיין לעבען געזעהן.

מוזאטט

און איך וועל איהם באלד שוין ניט קענען מעהר זעהן...

מאדאם פלאשע

וואס האט איהר זיך איינגערעדט!

מוזאטט

אה, איך וויים זעהר גוט, וואו איך האלט. איך האב געהערט וואס איהר האט דער אם געזאגט. איך וויים אז איך וועל באלד שטארבען. פיליכט נאך די נאכט! וואלט דער דאק־טאר היינט צו זשאן געשריעבען, אין דעם אבענד פון זיין האכצייט, ווען ער וואלט ניט געוואוסט, אז די נאכט איז מיין לעצטע? (עס דערהערט זיך א קלינגען פונ׳ם טיהר־גלעקעל. זי לאזט ארוים א געשריי) ער! ער קומט! שנעל, עפענט איהם! מאדאש פלאשע, שנעל, שנעל, שנעל! אה, מיין גאט, גיכער! (קוקט אויף דער מיטעלסטער טיהר)

מאדאם פלאשע עפענט, דאקטאר פעלערין קומט אריין.

מוזאטט

אה, ניט ער!

דאקטאר (צוגעגאנגען צו מוזאטט)

ער איז נאך נישטא?

מוזאטט

ער וועט ניט קומען.

דאקטאר

ער וועט קומען. איך בין פעסט איבערצייגט, איך קען איהם!

מוזאטט

ניין!

דאקטאר

איך קען שווערען אז ער וועט קומען. (אומגעדרעהט זיך צו מאדאם פלאשע) ער האט גאר נישט געענטפערט, ניט וואהר?

מאדאם פלאשע

ניין, הערר דאקטאר!

דאקטאר

אויב אזוי וועט ער קומען. און זי? (ווייזט אויף מוזאטט) ווי האט זי עפּעס?

מאדאם פלאשע

זי האט א ווייל'ע געשלאפען.

מוזאטט (זעהר אויפגערעגט)

נאך מיר, נאך מיר! איך פיהל עס. אבער פריהער וואלט איך איהם וועלען זעהן.

דאקטאר

ער וועט קומען. און מארגען וועט איהר איהם אויך זעהן.

מוזאטט

איהר וואלט איהם היינט ביינאכט ניט גערופען. ווען איך וואלט איהם מארגען אויך געקענט זעהן!

(ווידער דאס קלינגען פון טיהר־גלעקעל)

מוזאטט (מורמעלט פערצווייפעלט)

ניט ער! ניט ער!

מאדאם פלאשע (וועלכע איז אריינגעגאנגען עפענען, קעהרט זיך צוריק מיט א מעדיצין־פלעשעל)
די מעדיצין פון אפאטעק!

מוזאטט (אויסער זיך)
ער וועט ניט קומען! וואס האב איך איהם פיר א שלעכט געטהאן, וואס ער לאזט מיך אזוי ליידען. דאקטאר, ווייזט מיר מיין קינד, איך וויל עס זעהן, זאלאנג איך קען נאך זעהן.

דאקטאר
אבער דאס קינד שלאפט דאך!

מוזאטט
עס וועט זיך נאך אויסשלאפען, עס וועט זיך...

דאקטאר
אבער בערוהיגט זיך דאך, אום גאט'ס ווילען!

מוזאטט
ווען זשאן וועט ניט קומען, ווער וועט זיך פאר דאס קינד אננעהמען? דען עס איז זיין קינד, איך שווער עס אייך. איהר גלויבט מיר? אך, ווי איך האב איהם ליעב געהאט.

דאקטאר
יא, יא, איך גלויב אייך, אבער בערוהיגט זיך דאך!

מוזאטט
זאגט נור, דאקטאר, פון וואנען קומט איהר איצט?

דאקטאר
איך קום פון א פאציענט.

**מוזאטט**

ניט אמת, איהר קומט פון זשאן'ען, איהר האט איהם גערופען און ער האט ניט געוואלט געהן.

**דאקטאר**

איך גיב אייך מיין עהרען ווארט, אז איך בין ביי איהם ניט געווען!

**מוזאטט**

דאך, איך פיהל, אז איהר האט איהם געזעהן. איהר וואגט אבער ניט מיר די ווארהייט צו זאגען, איהר ווייסט, אז דאס וועט מיך טויטען —

**דאקטאר**

נא, נא, איהר האט שוין ווידער דאס פיעבער. איך וויל אבער ניט, איהר זאלט פאנטאזירען ווען ער וועט קומען. (צו מאדאם פלאשע). מיר וועלען אן איינשפריצונג מאכען, דאס וועט זי בערוהיגען. דערלאנגט מיר דאס מארפיום. (מאדאם פלאשע דערלאנגט איהם א פלעשעלע פון'ם קאמין. באבין קומט אריין פון לינקס).

**מוזאטט** (פערקאשערט אליין דעם ארבעל אויפ'ן ארם)

ווען ניט דאס, ווייס איך ניט ווי איך וואלט די לעצטע טעג איבערגעלעבט.

**דאקטאר** (מאכט איהר די איינשפריצונג)

איצט וועט איהר שלאפען. איך פערביט אייך צו ריידען. איך וועל אייך מעהר ניט ענטפערען און איך פערשפרעך אייך, אז זשאן וועט דא זיין ניט שפעטער ווי אין א פיערטעל שטונדע ארום. (מוזאט ציהט זיך אויס און שלאפט).

באבין (געהט הינטער די זאפע און שטעלט אויף די שפאנישע וואנד
אזוי דאס זי פערשטעלט אינגאנצען מוזאטט)

ווי גיך דאס שלעפערט איין! אז אמת'ע ברכה איז עס די רפואה. אבער איך וואלט ניט וועלען מען זאל מיר דאס ארייגשפריצען. איך האב מורא — דאס איז פון דעם ניט גוטען! (זעצט זיך נעבען וויעג און לעזט א צייטונג).

מאדאם פלאשע (שטיל צום דאקטאר)

אה, ווי זי מוטשעט זיך, א שרעק!

דאקטאר

איך האב מיטלייד מיט איהר. איך קען זי שוין לאנג. זשאן האט איהר צו פערדאנקען דריי גליקליכע יאהר.

מאדאם פלאשע

גלויבט איהר, אז ער וועט קומען?

דאקטאר

איך גלויב אז ער וועט קומען. ער איז אן אנשטענדיגער יונגער מאן. ער קאן דאך ניט פלוצים פערלאזען דארט זיין פרוי און די אנדערע אין הויז. פערגעסט ניט אז היינט איז געווען זיין האכצייט!

מאדאם פלאשע

גראדע היינט האט עס איהם געדארפט טרעפען. איז דאס ניט א בייזער שפאס?

דאקטאר

יא, אנגענעהם איז עס ניט.

מאדאם פלאשע (ענדערט איהר טאן)

אבער וואו ביזטו דאס געווען? דו וועסט דאך מיר ניט דערצעהלען, אז דו ביזט אין א פראק געווען ביי א פאציענט?

דאקטאר

איך בין געווען אין דער אפּערא, נור א קורצע צייט, איך האָב געוואָלט זעהן דעם באַלעט־טאַנץ פון אונזער אנדרע מאַנטראַזשי.

מאַדאַם פלאַשע (פּעראַינטערעסירט, זעצט זיך אויפ'ן טיש)

נו, איז עפּעס דאָ וואָס צו זעהן?

דאקטאר (זעצט זיך רעכטס נעבען טיש)

זעהר שעהן.

מאדאם פלאשע

די נייע דירעקציאָן פערשטעהט איהר געשעפט.

דאקטאר

די מאַרעלי, דו ווייסט דאך, זשענני, און די פאַייוורער מאַכען איצט זעהר גרויסע אויפזעהן.

מאדאם פלאשע

די פאַיוורער? די קליינע פאַיוורער? דו ווייסט וואָס דו רעדסט? ווען דו זאָגסט מעראַלי, וואונדערט מיך ניט, זי זעהט אפילו אויס ווי אַן אויסגעפּוצטע אַפּע, אבער זי האט קראַפּט! און די מורי?

דאקטאר

זי איז גאָר א וואונדער! א פייגעל! א וואונדער אין דער וועלט!

מאדאם פלאשע

דו ביזט פערליעבט אין איהר?

דאקטאר

פערליעבט? גאָט בעוואַהר! איך בעוואונדער זי נאָר. דו

ווייסט דאך, וואס פאר א בעוואונדערער איך בין פון א גוטען באלעט.

מאדאם פלאשע

און אמאל נאך מעהר פון א באלעט־טענצערין.

דאקטאר

און דו בענקסט גאר ניט נאך דיינע ליעבעם?

מאדאם פלאשע

אמאל יא. אבער מען מוז דאך צו די עלטערע יאהרען ווערען פערנינפטיג. איבריגענס, מיר פעהלט גאר נישט.

דאקטאר

דו פערדיענסט פיעל געלד און מען האט מיר דערצעהלט, אז דו גיסט דינערס.

מאדאם פלאשע

און גוטע דינערס אויך. דאקטאר'ל, קום אמאל צו מיינעם א דינער! קום אמאל די וואך!

דאקטאר

מיט פערגעניגען. ווען ווילסטו זאל איך קומען?

מאדאם פלאשע

ווילסט מיט אנדערע דאקטוירים אדער אליין?

דאקטאר

אויב מען קען אליין איז בעסער. איך ליעב ניט די קאלעגען, דאס הייסט ביים עסען!

(דאס קלינגען פון טהיר גלעקעל דערהערט זיך).

**מוזאטט** (אויפגעכאפט זיך)

אה, מען האט געקלונגען. זעהט, ווער דארט איז! (מאדאם פלאשע געהט ארום דורך די מיטעלסטע טהיר. פויזע. פון דרויסען הערט מען א שטימע).

ש ט י מ ע (פון דרויסען). פויילין הענריעטטע לעוועקיו!

**מוזאטט** (לאזט ארויס א געשריי)

אה, ער! דאס איז ער! (מאכט אן אנשטרענגונג אויפצוהויבען זיך. די מיטעלסטע טהיר עפענט זיך, זשאן טרעט אריין).

**מוזאטט**

זשאן! זשאן! ענדליך!!! (האט זיך אביסעל אויפגעהויבען און שטרעקט אויס די ארעמס צו איהם).

**באבין**

געקומען! (נעהמט אוועק די שפאנישע וואנד).

**זשאן** (געהט צו צו דער זאפע, לאזט זיך ארונטער אויף די קניע, קושט דער קראנקער'ס הענד און מיט טרעהרען אין'ם קול)

מוזאטט! מיין קליינע מוזאטט! (שלוכצעט, ווישט זיך אב די אויגען מיט א טיכעל, בלייבט א ווײַלע אונבעוועגליך, דערנאך שטעהט ער אויף און דערלאנגט דעם דאקטאר די האנד).

**דאקטאר**

האב איך ריכטיג געטהאן?

**זשאן**

ריכטיג, ריכטיג. איך דאנק!

**דאקטאר** (שטעלט פאר)

מאדאם פלאשע, די הייבאמע, דארט די אם — און דא (ווייזט אויף די וויעג).

**זשאן** (געהט צו צו דער וויעג, הייבט אויף דעם פארהאנג, דערביי לייכט
איהם צו די אם, בויגט זיך איין און קושט דאס קינד ; גלייכט
זיך אויס ווידער און זאגט טרויעריג)
עס זעהט אוים גאנץ קרעפטיג!

**דאקטאר**
א שטארקער קערל!

**מאדאם פלאשע**
א שעהן אינגעלע, א מלאך'ל!

**זשאן** (שטיל)
און וואס מאכט זי?

**מוזאטט** (וועלכע האט עס דערהערט)
אה, איך — פון מיר וועסטו שוין לאנג ניט ליידען, ניט ליידען, איך וויים עס. שטעהט דארט דער טאבורעט? קום, זעץ זיך נאהנט נעבען מיר און לאמיר א ווײַלע ריידען, זאלאנג איך קען. איך האב אזוי פיעל דיר צו זאגען, ווארים מיר וועלען זיך שוין מעהר קיינמאל ניט זעהן. דו האסט נאך צייט גליקליך צו זיין, אבער איך — איך, אה, פערצייה, פערצייה, איך בין אזוי צופריעדען דיך צו זעהן, דאס אלסדינג וועל איך לייכט איבערטראגען.

**זשאן** (געהט צו צו איהר)
ש־ש־ש! ! רוהיג ליגען און זיך ניט אויפרעגען. פערשטעהסטו, קליינע?

**מוזאטט**
אה, דו! ווי קען איך רוהיג בלייבען, ווען איך זעה דיר ווידער?!

**זשאן** (זעצט זיך אויפ'ן טאבורעט און נעהמט אן איהר האנד)

מיין ארימע מוזאטט! ווי איך האב זיך דערשראקען, ווען איך האב דערהערט, אז דו ביזט קראנק!

**מוזאטט**

בעזונדערס היינט, מיין ארימער זשאן! יא, דאס איז דיר ניט געווען אנגענעהם.

**זשאן**

ווי, דו ווייסט?

**מוזאטט**

יא! זייט איך בין קראנק געווארען האב איך זיך יעדען טאג אויף דיר נאכגעפרעגט, ווייל איך האב געוואלט דיר זעהן איידער איך פערלאז די וועלט אויף אויביג, ווייל איך האב געוואלט מיט דיר ריידען. (זשאן גיט א ציטער. דאקטאר, מאדאם פלאשע און באבין געהען שטיל ארויס דורך די מיטעלסטע טהיר).

**מוזאטט**

אלזא דו האסט דעם בריעף ערהאלטען?

**זשאן**

יא.

**מוזאטט**

און דו ביזט באלד געקומען, ניט געטראכט אפילו, באלד געקומען, באלד?

**זשאן**

וואס פאר א פראגע?

מוזאטט

איך דאנק דיר, אה, איך דאנק דיר. ווייסטו, איך האָב אפרי־
הער געוואָלט וואַרטען ביז מאָרגען, אָבער דאָ האָב איך גע־
הערט, וואָס די צוויי פרויען ריידען. האָב איך דאַן פערשטאַנען
אז מאָרגען וועט פיליכט זיין צו שפּעט. איך האָב דאַן גע־
רופען דאָקטאָר פעלערין און איהם געבעטען, ער זאָל מיך גוט
אונטערזוכען און שיקען נאָך דיר.

זשאן

פארוואָס האסטו עס פריהער ניט געטהאָן?

מוזאטט

איך האָב ניט געדענקט, אז עס האַלט מיט מיר אַזוי שלעכט
און איך האָב ניט געוואָלט דיין גליק שטערען.

זשאן (ווייזענדיג אויף די וויעג)

אָבער דאָס קינד? ווארום האָב איך ניט געוואוסט?

מוזאטט

דו וואָלסט קיינמאָל פון דעם קינד ניט געוואוסט, ווען עס
וואָלט מיך ניט געטויטעט. די זאָרג וואָלט איך דיר פערשפּאָרט.
ווען דו האָסט מיך פערלאָזען, האסטו מיר געגעבען וואָס איך
האָב צום לעבען געברויכט. צווישען אונז איז אַלעס געווען
געענדיגט. און, אויסער דעם, וואָלסטו מיר אין אַן אנדערער
מינוט, ניט אין אַזאַ, געגלויבט, ווען איך וואָלט דיר געזאָגט:
„עס איז דיין זוהן?"

זשאן

יאָ. איך האָב קיינמאָל אין דיר ניט געצווייפעלט!

מוזאטט

דו ביזט גוט ווי אימער, מיין זשאן! ניין, איך זאָג דיר
ניט קיין ליגען, דו דאַרפסט מיר גלויבען! עס איז דיין קינד,

דיין זוהן, איך שווער עם דיר, אויף מיין טויטען־בעט — איך שווער עם דיר פאר גאט!

**זשאן**

איך האב דיר שוין געזאגט, אז איך גלויב דיר, אז איך האב דיר אימער געגלויבט.

**מוזאטט**

הער ווי דאס אלעס האט פאסירט. באלד ווי דו האסט מיך פערלאזען, בין איך קראנק געווארען, ריכטיג קראנק! איך האב שוין געמיינט, אז איך שטארב, אזוי שרעקליך האב איך געליטען. דער דאקטאר האט מיר געהייסען, איך זאל דעם קלימאט ענדערען. דו געדענקסט דאך, דאס איז געווען אין מיטען זומער. איך בין אוועקגעפאהרען אין סענט מאלא, צו די אלטע קרובים, וועגען וועלכע איך האב דיר אפט דער־צעהלט.

**זשאן**

יא, יא, איך געדענק.

**מוזאטט**

דערנאך, אין א געוויסע צייט שפעטער, האב איך עם בע־מערקט. און איך בין געווען אזוי גליקליך — דיין, דיין קינד! (פויזע). אפריהער האב איך געדענקט צו לאזען דיר וויסען — דו ביזט דאך אזוי גוט, אזוי עהרענהאפט — דו וואלסט דאס קינד אנערקענט, דו וואלסט פילייכט זיך פון דיין הייראט דאן אבגעזאגט. און, זעהסטו, דאס האב איך ניט געוואלט. מיר האבען זיך צושיידט, דארפען מיר בלייבען צושיידט! ווארים דאס האב איך אימער גוט געוואוסט, אז דיין פרוי קען איך קיינמאל ניט זיין. (לאכט). איך מאדאם מארטינעל — איך, דיין נארישע מוזאטט, דאס וואלט טאקע פאר מיר ריכטיג געפאסט! קענסטו זיך דאס פארשטעלען? (לאכט און הוסט).

**זשאַן**

אַה, ווי ווילד מיר מענער זיינען, ווי ברוטאַל!

**מוזאַטט**

זאָג דאָס ניט, נאַרוניו, איך בין ניט פאַר דיר בעשאַפֿען געד ווען. איך בין געווען אַן אַרימע מאַדעל־מיידעל און דו ביזט אַ גרויסער קינסטלער. איך האָב קיינמאָל ניט גע'חלום'ט צו פערבלייבען מיט דיר! (זשאַן שלוכצעט). וויין ניט, וויין ניט, דו דאַרפסט עס אַזוי ניט נעהמען צום האַרצען! דו האַסט זיך ניט וואָס פאַרצוואַווארפען. דו ביזט אימער גוט צו מיר געווען, גאָט אָבער איז ניט אימער צו מיר גוט געווען!

**זשאַן**

מוזאַטט!

**מוזאַטט**

לאָז מיר ענדיגען. איך בין פערבליבען אין סענט מאַלאָ אַזוי לאַנג ווי איך האָב נור געקענט און קיין זעעלע האָט ניט בעד מערקט, וואָס מיט מיר איז. דערנאָך בין איך אַוועקגעפאָהר רען צוריק אין פאַריז און אין איינינגע מאָנאַטען שפּעטער איז דאָס קינד געקומען! איך בין געווען אַזוי גליקליך! „עס איז זיין בלוט", — האָב איך מיר געטראַכט — „זיין הייסעס לעבען, אַ געשענק פון זיין ליעבע!" איך וועל עס ערציהען און ווען עס וועט אויסוואַקסען, וועט עס מיך רופען „מאַמע"! (זי וויינט). מיין קינד וועט אָבער מיך קיינמאָל ניט רופען „מאַמע", עס וועט מיך קיינמאָל מיט די קליינע הענטעלאַך ניט אַרומנעהמען, ווארים איך מוז איהם פערלאָזען, איך מוז אַוועק, איך וויים ניט וואוהין, — וואוהין אַלע וועלען אַמאָל געהן! אַה, מיין גאָט! מיין גאָט!

**זשאַן**

בערוהיג זיך, מיין קליינע מוזאַטט! וואָלסטו געקענט אַזוי

ריידען ווי דו רעדסט, ווען דו וואלסטווירקליך אזוי קראנק געווען, ווי דו דענקסט?

מוזאטט

זעהסטו ניט, אז איך ברען אין גאנצען, אז איך וויים ניט, וואס איך רייד?

זשאן

אבער בערוהיג זיך, רעג זיך ניט אויף!

מוזאטט

ווייז ארוים מיר אביסעלע דיין ליעבע און איך וועל זיך בערוהיגען.

זשאן (קושט איהר די האאר און גלעט זי)

אזוי! דו זעהסט, דו פיהלסט שוין בעסער, ליג אזוי א ווײלע שטיל און איך וועל זיצען נעבען דיר!

מוזאטט

אבער איך מוז מיט דיר ריידען, איך האב נאך דיר אזוי פיעל צו זאגען און איך וויים ניט, איך קען ניט מיינע געדאנקען צונויפנעהמען! אה, מיין גאט, איך מוז דאך מיט איהם ריידען (הויבט זיך אויף, קוקט ארום זיך און דערזעהט די וויעג). אך, יא, איצט וויים איך שוין, איך וויים שוין, פון איהם, פון מיין קינד וויל איך ריידען! זאג מיר, וואס וועסטו מיט איהם טהאן? דו ווייסט, איך בין א יתומה! ער וועט אליין בלייבען, גאנץ אליין אויף דער וועלט! מיין אונגליקליך קינד! הער מיך אוים, זשאן, אין בין ווידער ביי מיין פערשטאנד, איך וועל גוט פערשטהען וואס דו וועסט מיך ענטפערען און די רוה פון מיין לעצטע שטונדע וועט אין גאנצען דערפון אבהענגען. איך האב קיינעם ניט, וועמען איך זאל מיין קינד איבערלאזען אויסער דיך.

**זשאן**

דא האסטו מיין האנד דערויף, אז איך וועל איהם צונעהמען און איהם ערציהען.

**מוזאטט**

ווי א פאטער?

**זשאן**

ווי א פאטער.

**מוזאטט**

האסטו איהם שוין געזעהן?

**זשאן**

יא.

**מוזאטט**

קוק איהם אן נאך אמאל, ווילסטו? (זשאן געהט צו צו דער וויעג) ער איז ליעב ניט אמת? די גאנצע וועלט זאגט עס. קוק איהם אן גוט, אונזער אינגעלע! ערשט עטליכע טעג אלט. דאס געהערט אונז ביידען, דו ביזט דער פאפא, איך בין די מאמע! (זי לאכט) און די מאמע וועט היינט שטארבען! פערשפרעך מיר, אז ער וועט אימער זיין פאפא האבען!

**זשאן** (קעהרט זיך צוריק צו איהר)

איך פערשפרעך עס דיר!

**מוזאטט**

א ווירקליכען פאפא. וואס וועט איהם זעהר ליעב האבען?

**זשאן**

געוויס.

מוזאטט

וועלכער וועט גוט, גוט, זעהר גוט זיין צו איהם?

זשאן

איך שווער עס דיר!

מוזאטט

איצט האב איך נאך עפּעס אויפ'ן הארצען, אבער איך וואג עס ניט!

זשאן

וואס? רייד!

מוזאטט

זייט איך בין געקומען צוריק אין פּאריז, האב איך נאכאנאנד דיך געזוכט צו זעהן פון א ווינקעלע, אז דו זאלסט מיך ניט בעמערקען. און איך האב דיך דריי מאל געזעהן. דו ביזט געווען מיט איהר, מיט דיין כלה, מיט דיין פרוי, און מיט נאך א הערר, וואהרשיינליך איהר פאטער. אה, ווי איך האב זיך צוגעקוקט צו איהר. איך האב זיך אלץ געפרעגט, וועט זי איהם אזוי ליעבען, ווי איך האב איהם געליעבט? וועט זי איהם גליקליך מאכען? זאג מיר, זשאן, איז זי א גוטע, ווי דענקסטו?

זשאן

איך דענק, אז זי איז זעהר א גוטע.

מוזאטט

ביזטו זיכער אין דעם?

זשאן

גאנץ זיכער.

**מוזאטט**

איך האָב עס מיר אויך געטראַכט, ווען איך האָב זי געזעהן. זי איז אַזוי שעהן, איך בין געווען אביסעלע אייפערזיכטיג. ווען איך בין אהיים געקומען, האָב איך געוויינט. אָבער זאָג מיר, ווי אַזוי וועט זי זיך פערהאַלטען צו אונזער, צו דיין קינד?

**זשאַן**

איך ווייס ניט... איך וועל מיין פּפליכט טהאָן.

**מוזאטט**

אַלס מאַן אָדער אַלס פּאַטער?

**זשאַן**

אַלס פּאַטער!

**מוזאטט**

הער אויס, זשאַן, ווען איך וועל שוין מעהר ניט זיין, בעט דיין פרוי אין מיין נאָמען, אין דעם נאָמען פון אַ טויטער, אָנצונעהמען דאָס קינד און עס ליעבען, ווי איך האָב עס געליעבט. זי זאָל זיין מאַמע זיין אָנשטאָט מיר. אויב זי איז אַ גוטע און האָט ליעבע און רחמנות אין איהר הארצען, וועט זי איינוויליגען. זאָג איהר: זי האָט פיעל, זעהר פיעל אויסגעשטאַנען און איהר לעצטע ביטטע, איהר לעצטע האָפנונג האָט זי אויף איהר טויטען־בעט געווענדעט צו דיר — ווי הייסט זי?

**זשאַן**

זשילבערט.

**מוזאטט**

ריכטיג, זשילבערט. אַלזאָ צו דיר, מיין זשילבערט! ווילסטו דאָס טהאָן?

זשאַן

יאַ, איך וועל עס טהאָן.

מוזאטט

אַה, איך דאַנק דיר, איך דאַנק דיר, איצט בין איך רוהיג, מיין קינד איז פערזאָרגט. איצט בין איך רוהיג, איצט בין איך גליקליך. אַך, ווי גוט מיר איז! זשאַן, דו ווייסט דאָך נאָך ניט, אַז איך האָב איהם אַ נאָמען געגעבען נאָך דיר. דו האָסט דאָך נישט דאַגעגען? זאָג!

זשאַן (שלוכצעט)

געוויס ניט

מוזאטט

דו וויינסט, דו ליעבסט מיר נאָך אַלזאָ אַביסעלע? איך דאַנק דיר, זשאַן, איך דאַנק דיר! אַה, ווען איך וואָלט ניט געמוזט שטאַרבען! און אפשר?... איך פיהל זיך דאָך איצט אַזוי גוט, זייט דו ביזט נעבען מיר און זייט דו האָסט מיר אַלעס פערשפּראָכען. גיב מיר דיין האַנד! איך בין אַזוי צופריעדען, אַזוי גליקליך, אַזוי לוסטיג. מיר ווילט זיך לאַכען. זעהסטו, איך לאַך, און איך וויים גאָר ניט וואָרום. (זי לאַכט).

זשאַן

בערוהיג זיך, מיין קליינע מוזאטט!

מוזאטט

אַך, ווען דו וואָלסט געוואוסט, וואָס מיר איז ווידער איינגעפאַלען! דו געדענקסט, ווען איך בין געשטאַנען פאַר דיר אַלס מאָדעל פאַר דיין „בעטלערין" און דערנאָך פאַר דיין „בלומען־פערקויפערין" און פאַר די „געפאַלענע", וועלכע האָט דיר דעם ערשטען מעדאַל פערשאַפט? און געדענקסטו דעם פריהשטיק ביי לעדאָהען, וואו מיר, פינף און צוואַנציג פּערזאָן, זיינען געזעסען אַרום טיש, וואו עס

איז קוים פלאץ געווען פאר צעהן? האבען מיר זיך דאן נאריש געמאכט, בעזאנדערס דער קליינער. ווי הייסט ער? את דער קאמישער, וואס מאהלט אימער פארטרעטען, וועל־כע זיינען קיינמאל ניט עהנליך צום אריגינאל. אה, יא, טע־וועניר! און געדענקסטו, ווען איך בין געבליבען נעכטיגען ביי דיר אין אטעליע, ווי איך האב זיך דאן ביינאכט דער־שראקען פאר די צוויי גרופפען סקעלעטען? איך האב דיר גערופען און דו ביזט געקומען און מיך בערוהיגט! אה, איז דאס געווען א פרעהליכע צייט, ניט אמת? (זי לאכט אויפ'ן קול). ווי איך וואלט געוואלט דאס נאך א מאל איבער־לעבען! (זי לאזט ארויס א געשריי). אי, מיר איז שלעכט! מיר איז זעהר שלעכט! (זשאן וויל לויפען אין צימער ליגקס דעם דאקטאר צו רופען). ניין, ניין, בלייב! (ווי פערלארען: דאס געזיכט און שטימע ענדערען זיך פלוצים). דאס שעהן ווע־טער, זעה נור! ווען דו ווילסט, פאהרען מיר מיט'ן קינד מיט'ן שיף איבער דער סיינע. זעה אונזער זוהנוניו, ווי גרויס ער איז געווארען! ער הייסט זשאן, ווי דו! איך האב מיינע ביידע ליעבע זשאנס! זיי געהערען מיר — מיר נור אליין! ווי גליקליך איך בין! אה, יא, דו ווייסט דאך נאך ניט, אז היינט איז ער צום ערשטען מאל געלאפען, ער איז אזוי גע־לאפען מיט זיינע פיסעלאך, אזוי געלאפען, אזוי געלאפען... את זעה, זעה, ווי ער לויפט!... (זי לאכט ווידער אויפ'ן קול און ווייזט אויפ'ן קינד, וואס איהר דאכט זיך אויס, אז זי זעהט פאר זיך).

**זשאן** (שלוכצעט)

מוזאטט, מוזאטט, דערקענסטו מיך?

**מוזאטט**

אויב איך דערקען דיך? דו, ליעבער נאר! איך בין דאך דיין פרוי! קוש מיך, מיין מאן, קוש מיך, מיין אלעם!

**זשאן** (נעהמט זי אריין אין זיינע ארעמס, מיט אונטערדריקטע טרערען)
מוזאטט ,מוזאטט !
מוזאטט הויבט זיך פלוצים אויף אויף איהר קישען און ווייזט אויף די וויעג. זשאן דרעהט זיך אום און קוקט אהין. דאן פאלט זי פלוצים אויף דער זאפע טויט.

**זשאן** (טהוט זיך א ווארף צו דער טיהר לינקס)
דאקטאר ! דאקטאר !

דאקטאר פעלעריז. מאדאם פלאשע און די אם באבין לויפען אריין.

**דאקטאר** (צוגעלאפען שנעל צו מוזאטט, בויגט זיך צו צו איהר און הערט)
דאס הארץ קלאפט ניט. שנעל א שפיגעל, מאר. פלאשע !

**זשאן**
איך ציטער. (מאדאם פלאשע דערלאנגט א קליין שפיגעלע דעם דאקטאר).

**דאקטאר** (ווען ער לעגט צו דאס שפיעגעלע צו מוזאטט'עס מויל)
זי איז טויט !

**זשאן** (בויגט זיך דאן צו צו דער טויטער, גיט איהר א קוש און זאגט מיט א ציטערענדיגע שטימע)
מיין אונגליקליכע פריינדין ! נאך מיט א מינוט צוריק האט זי געקוקט אויף מיר און געלאכט. און איצט . . .

**דאקטאר** (געהט צו צו איהם און לעגט איהם די האנד אויפ'ן שולטער ארויף)
געהט, געהט, איצט האט איהר שוין ניט מעהר וואס צו טהאן דא. איהר האט אייער פפליכט געטהאן, געהט !

לעאָן

איך געה! אדיע, מיין מוזאטט!

דאקטאר

איך וועל דאָ אַלעס בעזאָרגען. אבער וואס טהוט מען מיט'ן קינד? זאָל איך איהם אין אנשטאלט אריינגעבען?

זשאן

ניין, ניין, איך וועל איהם נעהמען צו זיך. איך האב עס דער טויטער פערשפּראָכען. ברענגט איהם באַלד צו מיר. אבער ווער וועט בלייבען נעבען איהר?

מאדאם פלאשע

איך, מיין הערר, איהר קענט זיין רוהיג, אויף מיר קענט איהר זיך פערלאָזען!

זשאן

איך דאנק אייך, מאדאם! (געהט צו דער טויטער, מאכט איהר צו די אויגען און טהוט זי אַ קוש. אַדיע, אויף אויביג! (דאן געהט ער צו צו דער וויעגעלע, עפענט דעם פאָרהאַנג, קושט דאָס קינד). אויף ווידערזעהן, מיין קליינער זשאן! (אב שנעל דורך די מיטעלסטע טהיר).

# דריטער אקט.

---

דער אייגענער סאלאָן ווי אין'ם ערשטען אקט. נעבען דעם מי־טעלסטען טיש זיצט מ. מארטינעל. לינקס זיצט מ. פעטיפר, רעכטס — לעאָן און מאדאם דע ראטשארד, וועלכע שפרייזט איבער'ן צימער הין און צוריק, זעהט אוים זעהר אויפגערעגט.

---

מאדאם דע ראטשארד

שוין זיעבען מינוטען נאך צוועלף. שוין צוויי שטונדען, אז ער איז אוועק.

לעאָן

אבער, ליעבע טאנטע, פערגעסט נים, אז א שטונדע דארף געדויערען דאס פאָהרען אהין און צוריק, בלייבט איהם נור איין שטונדע פאר דעם, צוליעב וואס ער איז געפאָהרען.

מאדאם דע ראטשארד

א שטונדע איז א לאנגע צייט!

לעאָן

אבער וואָרום זאלט איהר די מינוטען צעהלען? אייער אונ־גערולד וועט דא גאר גישט העלפען.

מאדאם דע ראטשארד

ווי קען מען זיין רוהיג, ווען דאס הארץ ציטערט, ווען עס ווילט זיך וויינען.

לעאָן

זעהט איהר, טאַנטע, איהר זייט גאָר ניט אזוי שלעכט, ווי מען קען אמאָל מיינען.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

אך, לאָז מיך צו־רוה!

מ. מאַרטינעל

בערוהיגט זיך מאַדאַם! אמת, די לאַגע איז ניט קיין אנגע־נעהמע, אָבער מורא האָבען איז נישטאָ פאַר וואָס. עס וועט אלעס גלאַט אבגעהן, ווען מיר וועלען נור אין דער ריכטיגער צייט האָבען די נויטהיגע קאַלטבלוטיגקייט.

לעאָן

יאָ, טאַנטע, הערר מאַרטינעל האָט רעכט!

מאַדאַם דע ראַטשאַרד (געהט נאָך לינקס)

אייך ביידען וואָלט איך געקענט קאַלטבלוטיג ערמאָרדען! איהר ווייסט אלעס און ווילט נישט זאָגען! אך, די מענער זיינען שרעקליכע מענשען! האָבען זיי א סוד, וועט מען איהם ביי זיי קיינמאָל ניט דערגעהן, כאָטש לעג זיך און שטאַרב!

מ. מאַרטינעל

זשאַן וועט צוריקקומען און וועט אליין אייך אלסדינג דער־צעהלען. האָט נור גערולד!

מ. פעטיפר

יאָ, יאָ, מיר מוזען זיך בערוהיגען. זאָלען מיר ריידען פון עפּעס אנדערש אָדער אין גאַנצען שווייגען.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

אין גאַנצען שווייגען? דאָס קען איך ניט!

דער דיענער טרעט אריין פון לינקס

דיענער

אונטען פרעגט אימיצער אויף הערר מארטינעל.

מ. מארטיגעל (שטעהט אויף)

אויף מיר? (אב לינקס).

מאדאם דע ראטשארד (לויפט צו צום דינער)

ווער, ווער פרעגט אויף הערר מארטינעל?

דיענער

איך ווייס ניט מאדאם. דער פארטיער איז ארויפגעקומען און—

מאדאם דע ראטשארד

לויפט שטעל ארונטער און געפינט אויס, ווער איז דער הערר, וואס האט אויף איהם געפרעגט.

מ. פעטיפר (מישט זיך אריין)

ניין, שפיאנירען זאלט איהר ניט! מיר וועלען ווארטען, ער וועט באלד קומען. (צום דיענער) איהר קענט געהן! (דער דיענער אב).

מאדאם דע ראטשארד (צו מ. פעטיפר)

איך פערשטעה דיך נים, אדאלף. ווי אזוי קענסטו זיין רוהיג, ווען עס האנדעלט זיך וועגען דאס גליק פון דיין טאכטער. איז מיר קאכט, די גאל פלאצט אין מיר!

מ. פעטיפר

דאס וועט דיר ניט העלפען. בעסער זאלען מיר פרואווען צו ריידען פערניפטיג. הערר מארטינעל איז דא ניטא, מיר זיינען אלע אייגענע מענשען.

מאדאם דע ראטשארד (זעצט זיך לינקס)

ווען ער וואָלט שוין צוריקגעפאָהרען אין זיין האוז! איך קען איהם ניט אַנזעהן!

לעאָן

דאָס וואָלט אייך אויך ניט געהאָלפען!

מ. פעטיפר

איך מיין, אז...

מאדאם דע ראטשארד (ברעכט איהם אונטער)

ווילט איהר וויסען, וואָס איך דענק? איך דענק, אז מען טהוט אונז אָב דאָ עפּעס אַ מיאוס'ן שפּיצעל, אז מען נארט אונז אריין דאָ אין זאק, ווי מען זאגט!

מ. פעטיפר

וואָס דיר קען איינפאַלען! צו וועלכען צוועק זאָל מען עס טהאָן? זשאַן איז אַן עהרען־מאַן. ער ליעבט מיין טאָכטער, און לעאָן, פון וועמען איך האַלט, כאָטש ער איז מיין זוהן —

לעאָן (פאַלט איהם אריין אין מיטען די רייד)

זעהר שמייכעלהאַפט, פּאפּא!

מ. פעטיפר

לעאָן איז זיין פריינד און אכטעט איהם. וואָס אַנבעלאַנגט דעם אָנקעל —

מאדאם דע ראטשארד

אך, פון איהם רייד ניט, איך בעט דיר! מיר דארפעןריידען פון דער דאזיגער פרוי, וואָס האָט אונז היינט אָבגעשפּיעלט אַ קאָמעדיע. גראָד היינט האָט זי אויסגעקליבען, כדי צו מאַכען אַן עפּעקט!

### לעאָן

(לאַכט)

איך בעוואונדער אייער פאנאטזיע, טאַנטע!

### מאַדאַם דע ראַטשאַרד

דו לאַכסט, האַ? אבער איך קען די פרויען, איך ווייס אויך וואס זיי זיינען פעהיג! איך האָב גענוג פון זיי געליטען!

### מ. פעטיפר

אך, דו וואלסט געקענט גאַנץ גוט לעבען מיט דיין מאַן, ווען דו וואלסט איהם נור פערשטאַנען!

### מאַדאַם דע ראַטשאַרד (שטעהט אויף)

וואָס מיינסטו „ווען דו וואלסט איהם פערשטאַנען?" לאָזען איהם טהאָן וואָס ער וויל, לאָזען איהם געהן וואוהין ער וויל און מיט ווענען ער וויל? ניין, ניין! בעסער, בעסער זיך לעבען אזוי אונגליקליך און עלענד, ווי איך האָב געלעבט! בעסער צו ליידען פון דיר, פון אייך אַלעמען!

### מ. פעטיפר

אַלס פרוי האָסטו פיליייכט רעכט. אָבער מען מוז האָבען אין זינען די פאַמיליע אויך.

### מאַדאַם דע ראַטשאַרד

וואָס דען האָב איך אין'ם זינען געהאַט, אויב ניט די פאַ־מיליע? און דאָס זאָגסטו מיר, אַ ריכטער?

### מ. פעטיפר

דערפאַר טאַקע זאָג איך עס, ווייל איך בין געוועזן אַ ריכטער, דערפאַר אורטהייל איך אזוי פאַרזיכטיג די מענשען. דער מענש איז אָפט אזוי וועניג פעראַנטוואָרטליך פאַר דאָס, וואָס ער טהוט, די אומשטענדען זיינען אזוי מעכטיג, די אונדורכ־

דרינגליכע נאטור איז אזוי קאפריזנע, די אינסטינקטען זיינען
אזוי געהיימניספול, דאס מען דארף ניט אורטהיילען צו
שטרענג פעהלערען, וועלכע זיינען מעהר שוואכקייטען ווי
פערברעכענס.

מאדאם דע ראטשארד

אלזא א פרוי מעג מען בעטריגען? און דאס זאגסטו אין דער
געגענווארט פון דיין זוהן? א שעהנע לעהרע פאר דיין זוהן!

לעאן (הייבט זיך אויף)

אה, טאנטע, וועגען דעם האב איך שוין מיין מיינונג.

מ. פעטיפר (שטעהט אויף)

אמאל האט זיך עס גערעכענט אלס פערברעכען, היינט אבער
איז עס א גאנץ געוועהנליכע זאך. פאר דעם ווערט מען זא־
גאר היינט ניט בעשטראפט, ווארים די שיידונג, וועלכע האט
געזאלט זיין די שטראף פאר דעם, איז גיכער א בעפרייאונג.

מאדאם דע ראטשארד

און איך זאג דיר — (מ. מארטינעל קומט אריין).

לעאן

אה, דא איז הערר מארטינעל!

מ. מארטינעל (זעהר בעוועגט)

איך האב א שווערע פפליכט צו ערפילען. זשאן האט צו מיר
געשיקט דעם דאקטאר פעלעריין און איך מוז אייך איצט ער־
קלעהרען זיין, אונזער אלעמענס שמערצליכע לאגע.

מאדאם דע ראטשארד

נו, דאנקען גאט, קוים דערווארט זיך!

מ. מארטינעל

א בריעף, וואס איך וועל אייך פארלעזען, האט אונז היינט אבענד דערשראקען. מיר האבען זיך דערוואוסט, אז א פרוי, וועגען וועלכע איהר אלע ווייסט, האלט ביים שטארבען.

מאדאם דע ראטשארד

איך האב אבער באלד פערשטאנען, אז עס האנדעלט זיך וועגען איהר!

לעאן

לאזט איהם דאך ריידען, טאנטע!

מאדאם דע ראטשארד

און איצט, אז זי האט איהם געזעהן, וואס מאכט זי, די שטארבענדע? בעסער נאטירליך!

מ. מארטינעל

איצט ליידעט זי שוין ניט מעהר —

מאדאם דע ראטשארד

אהא!

מ. מארטינעל

זי איז געשטארבען, מאדאם, אין זיין געגענווארט איז זי געשטארבען.

מאדאם דע ראטשארד

גראדע היינט אבענד? באלד גלויב איך אייך!

מ. מארטינעל

און דאך איז עס אזוי, מאדאם!

לעאָן (פאַר זיך)

אַרימע מוזאַטט!

מ. מאַרטינעל

עס איז אָבער דאָ נאָך אַ וויכטיגער פּונקט. זי האָט איבערגע־לאָזען אַ קינד און דער פֿאָטער פֿון דעם דאָזיגען קינד איז זשאַן.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד (צוטומעלט)

אַ קינד?

מ. מאַרטינעל (צו פּעטיפער)

לעזט, איך בעט אייך, דעם בריעף, וואָס דער דאָקטאָר האָט געשריבען. (ער גיט איהם דעם בריעף. פּעטיפער לעזט).

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

ער האָט געהאַט אַ קינד און האָט אונז דערפון גאָר נישט גע־זאָגט? ער האָט עס פון אונז פערבאָרגען? דאָס איז אַ געמיינהייט!

מ. מאַרטינעל

ער אַליין האָט עס ערשט דערוואוסט.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

ער אַליין האָט עס ערשט דערוואוסט? עס איז אַביסעלע צופיעל, מיין הערר! איהר מאַכט שפּאַס פון אונז, וואָס?

לעאָן

טאַנטע, דער פּאַפּאַ דאַרף ריידען, ניט איהר! (טהוט זיך אַ קעהר רעכטס). איך וועל געהן צו זשילבערט. מיר האָבען מעהר קיין רעכט ניט צו פערבאָרגען פון איהר די וואהרהייט. איך וועל איהר אַלסדינג ערקלעהרען.

מאדאם דע ראטשארד (בעגלייט איהם)

דו קענסט זאָגען און טהאָן וואס דו ווילסט, א רוהיג הארץ וועסטו איהר ניט קענען געבען.

לעאָן

וועט איהר וועט זיך נור ווענינער מישען — (אָב).

מ. פעטיפר

איהר זאָגט אלזא, מיין הערר, אז זשאן האט פריהער ניט גע־וואוסט וועגען דעם צושטאנד פון דער דאזיגער מיידעל?

מ. מארטינעל

איך גיב אייך מיין עהרען־ווארט!

מאדאם דע ראטשארד

דאָס וועט קיין קלאָהרער מענש אייך ניט גלויבען!

מ. מארטינעל

אויף דעם קען איך אייך נור ענטפערען, אז ווען ער וואָלט עס פריהער געוואוסט, וואָלט ער פריהער אזוי געהאנדעלט, ווי היינט.

מ. פעטיפר

איך פערשטעה אייך ניט, רעדט דייטליכער!

מ. מארטינעל

גאנץ איינפאך. זשאן וואָלט געהאנדעלט אזוי ווי היינט. צו יעדער צייט ווען ער וואָלט זיך דערוואוסט, אז דאָס מיידעל האָט ביים שטארבען, וואָלט ער צו איהר געלאָפען. און ווען ער וואָלט ווען, איהר זאָלט דערפון ניט וויסען, וואָלט ער עס לייכט פון אייך געקענט פערבעהאלטען. איך אליין וואָלט עס אויך געקענט פון אייך פערבעהאלטען. ווען איך וואָלט ווע־

לען, וואָלט אפילו זשאַן דערפון אויך ניט געוואוסט. איך וואָלט איהם איינפאַך דעם בריעף ניט אָבגעגעבען. פון וואַנען וואָלט ער דאַן געוואוסט? אונזער שולד איז אַלזאָ, וואָס מיר האָבען געהאַנדעלט עהרליך און אַנשטענדיג. און דאָס פערדריסט מיך גאָר ניט. מיין גאַנצען לעבען בין איך געווען עהרליך און אַנשטענדיג.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

אָבער, מיין הערר!

מ. פּעטיפּר

דו שווייג איצט, קלאַרעססע! (צו מאַרטינעל). איהר זייט גערעכט, הערר מאַרטינעל! עס האַנדעלט זיך אָבער איצט ניט וועגען אייער עהרליכקייט און אַנשטענדיגקייט, אין דעם צווייפעל איך ניט. איך וועל אויך אָננעהמען, אַז אייער נעפּפּע האָט פריהער ניט געוואוסט וועגען דעם צושטאַנד פון דער מיידעל. אָבער דאָס קינד? וואָס פאַר אַ בעוויז האָט איהר, אַז דאָס איז זיין קינד?

מ. מאַרטינעל

און וועלכען בעוויז האָט זשאַן דאָפיר? ער גלויבט עס. כאָטש איהם וואָלט זיך בעסער געלוינט עס ניט צו גלויבען. איהר וועט דאָך ניט זאָגען, אַז עס איז אַזוי אַנגענעהם פּלוצים און אונערוואַרטעט צו ווערען אַ פאָטער פון אַ קליין נפש׳ל און דערצו נאָך אין דעם טאָג, ווען מען האָט חתונה געהאַט! און טראָץ דעם האָט ער געגלויבט. און איך, און איהר, און מיר אַלע, מיר זאָלען אין דעם צווייפלען? מיר זאָלען צווייפלען אין דעם, אין וואָס ער, דער פאָטער אַליין, צווייפעלט ניט! (נאָך אַ קורצערע פּויזע). איהר ווילט, איך זאָל אייך בעווייזען, אַז זשאַן איז דער פאָטער?

פעטיפר און מאַדאַם דע ראַטשאַרד

יאָ!

מ. מארטינעל

בעווייזט מיר אפריהער, אז ער איז עס ניט!

מאַדאַם דע ראטשארד

איהר פערלאנגט אונמעגליכעס.

מ. מארטינעל

איהר אויך. דער איינציגער, וואָס האָט דאָ צו ענטשיידען, אויב זשאַן איז דער פאָטער צו ניט, איז זשאַן אַליין!

מאַדאַם דע ראטשארד

פונדעסטוועגען איז דאָך דאָס —

מ. פעטיפר

שווייג, קלאַריססע, העררר מארטינעל איז גערעכט!

מאַדאַם דע ראטשארד

שוין ווידער?

מ. מארטינעל (צו פעטיפר)

איך האָב געוואוסט, אז איהר וועט מיך פערשטעהן. איהר זייט אַ פערנינפטיגער מענש.

מאַדאַם דע ראטשארד

און איך, וואָס בין איך דען?

מארטינעל

איהר? איהר זייט — אַ טאַנטע!

מאַדאַם דע ראטשארד

און גראדע אַלס דאמע, פראָטעסטיר איך! צו זשאַן האָט פריהער געוואוסט צו ניט, אבער איין זאך איז זיכער, אז צו

דער חתונה פון זיין יונגער פרוי שענקט ער איהר א שעהנע מתנה, אן אונגעזעצליך קינד. פרעג איך אייך, אלס דאמע, אדער אלס טאנטע, רופט מיך ווי איהר ווילט, קען מען דערביי רוהיג זיין ?

**פעטיפר**

דאס מאל איז מיין שוועסטער גערעכט, הערר מארטינעל !

**מאדאם דע ראטשארד**

ענדליך !

**פעטיפר**

עס האנדעלט זיך דא וועגען א פאקט, א קלאהרען פאקט, וועלכער האט געשאפען זעהר א טרויעריגע סיטואציאן. מיר האבען דאס שיקזאל פון אונזער טאכטער איבערגעגעבען צו א מאן, וועלכער, מיר האבען געגלויבט, איז א פרייער מענש און וועט זיין פערפפליכטעט נור צו איהר אליין. איצט ווייזט זיך ארויס, אז מיר זיינען געווען גענארט. מיר פיהלען זיך דורכאויס געקרענקט און בעטראגען, ווייל מיר וואלטען זיכער אונזער צושטימונג צו דער דאזיגער חתונה ניט געגעבען, ווען מיר וואלטען פריהער פון דעם געוואוסט !

**מאדאם דע ראטשארד**

און וואס זאל מען מיט'ן קינד טהאן ? צו אונז עס אריינ־נעהמען, וועט עס שטענדיג זיין אן אורזאכע פון ערגערניש און צאנקערייען צווישען אונז אלעמען. און ווען זשילבערט אליין וועט ווערען א מוטער ? אייפערזוכט, פארווירפען. יא, האס, האס וועט דאס אונגעזעצליך קינד ארויסרופען ביי די געזעצליכע קינדער. דאס דאזיגע קינד וועט אן אונגליק זיין פאר אונז אלעמען !

**מ. מארטינעל**

צום טייפעל, ניין ! דאס קינד וועט אייך קיינעם ניט פאלען

צו לאסט. איך וועל איהם צו נעהמען צו זיך. איך בין א פרייער מענש, איך וועל פון איהם פערגעניגען האבען, סיי־דען איהר, מאדאם, ווילט איהם נעהמען צו זיך, איהר, וועלכע האט אזוי פיעל רחמנות פאר עלענדע הינטעלאך...

מאדאם דע ראטשארד

איך וועל נעהמען צו זיך אזא קינד, איך? אה, דאס שטייגט אריבער אלע גרענעצען!

מ. מארטינעל

ווי עס ווייזט אויס, וועט זיין געזינטער און שעהנער פאר מיר, ווען איך וועל זיך פון דאנען אבטראגען!

מאדאם דע ראטשארד

הערר מארטינעל, איך האב גאר נישט געזאגט!

מ. מארטינעל

דערווייל נאך ניט, דאס איז וואהר, אבער איהר קענט עפעס באלד זאגען (מיט אן אנדער טאן). און איהר זייט דאך גאר ניט אזא שלעכטע. יא, יא, איהר שפיעלט נור די הארטהער־ציגע, ווייל איהר זייט אין אייער לעבען ניט גליקליך געוועזן און מחמת דעם זייט איהר אויסערליך פערביטערט געווארען, אבער נור אויסערליך, אזוי ווי די מילך, וואס איז פון אויבען־אויף זויער, אבער אונטער איהר זויערקייט איז פערבארגען די בעסטע פוטער.

מאדאם דע ראטשארד (בעלייזיגט)

וואס זאגט מען צו אזא פערגלייך! זויערע מילך — פוטער — פוי! מען קען חלש'ן פאר ניט־גוטקייט!

פעטיפר

אבער, קלאריססא!

מ. מארטינעל

דאַ איז אייער טאַכטער!

זשילבערט און לעאָן קומען אריין פון דער טהיר רעכטס.

פעטיפר (צו זשילבערט)

איידער דו זעהסט דיין מאַן, אויב דו וועסט איהם נאָך איי־בערהויפּט זעהן, מוזען מיר צוזאמען בעשליסען, וואָס דו זאָלסט איהם ענטפערען.

זשילבערט (זעצט זיך לינקס נעבען מיטעל־טיש; זעהר אויפגערעגט)

איך האָב געפיהלט, אַז עפּעס אַן אונגליק האָט געטראָפען.

מ. מארטינעל (זעצט זיך נעבען איהר)

יאַ, מיין קינד. אַבער עס זיינען דאַ צווייערליי אונגליקען. איין אונגליק אין וועלכען עס זיינען שולדיג אונזערע פעהלערען, און אַ צווייטער אין וועלכען עס איז נור שולדיג דער צופאַל, אָדער ריכטיגער, דאָס שיקזאַל. אין דעם ערשטען פאַל זיינען מיר שולדיג, אין דעם צווייטען זיינען מיר אָפּפער. איהר פער־שטעהט דאָך מיר?

זשילבערט

געוויס.

מ. מארטינעל

אַן אונגליק, וואָס האָט אימיצען געטראָפען, קען זיך אויך שווער אַברופען אויף זיינע נעהענסטע. זאָלען זיי דערפאַר ניט פערצייהען דעם אונגליקליכען, וועלכער איז נור אַן אָפּפער פון אַ צופאַל?

זשילבערט (מיט אַ ציטערענדיגער שטימע)

פון אַ צופאַל?

מ. מארטינעל

יאָ. איהר האָט דאָך געוואוסט, אז זשאַן, איידער ער האָט זיך פערליעבט אין אייך און איידער ער האָט די האָפנונג געהאָט אייך צו הייראַטען, האָט געהאַט אַ פערהעלטניס מיט אַ מיידעל. איהר האָט פון דעם קיין וועזען ניט געמאַכט, אַ סך בלות מאַכען ניט דערפון קיין וועזען.

זשילבערט

יאָ, איך האָב דערפון „קיין וועזען" ניט געמאַכט.

מ. מארטינעל

נו, און דאָס איבעריגע האָט אייך דער ברודער מסתמא איצט דערצעהלט.

זשילבערט (גאנץ שטיל)

יאָ.

מ. מארטינעל

און וואָס זאָל איך זאָגען זשאַן'ען?

זשילבערט (הייבט זיך אויף)

איך קען אייך נאָך איצט קיין ענטפער ניט געבען. איך בין נאָך ניט געקומען צו זיך פון דער שרעקליכער איבערראַשונג. איהר האָט דאָך געקענט יענע פרוי, ניט אמת?

מ. מארטינעל

יאָ, מיין קינד. און איך קען נור גוטעס וועגען איהר זאָגען. זי איז געווען איהם טריי איבערגעגעבען און האָט איהם אויפ־ריכטיג ליעב געהאַט. איהר קענט מיר גלויבען, קיינער האָט אַזוי ניט בעדויערט די דאָזיגע פערהעלטניס ווי איך, ווארים איך בין דאָך כמעט געווען זשאַן'ס פאָטער — אָבער דעם אמת מוז מען אימער זאָגען.

זשילבערט

אונ זשאנ האט זי געווים אויך זעהר ליעב געהאט?

מ. מארטינעל

געווים.

זשילבערט

אונ איצט איז ער נעבענ איהר טויט־בעט געשטאנענ —

מ. מארטינעל

ער איז דאך געגאנגענ זיך זעגענענ מיט איהר.

זשילבערט (האלב שטיל)

ווענ איך וואלט נור געוואוסט, וואס אינ זיינ הארצענ קומט איצט פאר! אה, די דאזיגע טויטע קענ מיר זיינ געפעהרליכער, ווי ווענ זי וואלט געלעבט.

מאדאם דע ראטשארד (וועלפע איז געזעסענ לינקס, הייבט זיך אויף אונ געהט צו צו איהר)

איך פערשטעה דיך ניט, מיינ קינד. זי איז טויט, נו, ביזטו איצט בעפרייט פונ איהר!

זשילבערט

ניינ, טאנטע, וואס איך פיהל איז אזוי שרעקליך, דאס פיעל לייכטער וואלט פאר מיר געווענ, ווענ זי וואלט געלעבט.

פעטיפר

וואס דא מאכט די לאגע בעזאנדערס שווער איז דאס קינד. מענ מעג דערמיט מאכענ וואס מענ וויל, עס בלייבט אבער דאס קינד פונ מיינ איידים אונ עס מיינט א געפאהר פאר אונז אלע־מענ.

מאַדאַם דע ראַטשאַרד

און שטעלט זיך נאָך פאַר, וואָס לייטע וועלען זאָגען!

לעאָן

לאָזט צופריעדען „לייטע", וועניגסטענס איצט, טאַנטע. זי דאַרף זאָגען און נור זי! (ווייזט אויף זשילבערט). זאָג, זשיל־בערט, דער געדאַנק וועגען דאָס קינד שרעקט דיך זעהר?

זשילבערט

אַה, ניין, דאָס אָרימע קינד!

פעטיפּר

נו, יאָ, די ריכטיגע פּרויען־סענטימענטאַליטעט, וועלכע האָט קיין אהנונג ניט פון דעם האַרטען ערנסט פון אונזער לעבען.

לעאָן

פּאַפּאַ, אָבער וואָרום האָבען מיר ניט די זעלביגע מאָראַל פאַר זיך, וואָס מיר האָבען פאַר אַנדערע? וואָרום איז אַזאַ אונ־טערשייד צווישען אונזערע געדאַנקען און אונזערע האַנדלונ־גען? צווישען דעם, וואָס אַנדערע דאַרפען טהאָן, וואָס מען פערלאַנגט פון אַנדערע, און וואָס מיר אַליין טהוען? געוויס, וואָס דאָ האָט פּאַסירט איז פּיינליך און זעהר אונאַנגענעהם. אָבער מיר איבערטרייבען די בעדייטונג פון דעם, ווייל דאָס האָט גראָד אונז אַנגעריהרט. וואָלטען מיר אָבער אַזאַ געשיכטע געלעזען אין אַ צייטונג אָדער אין אַ ראָמאַן, וואָלטען מיר אויף דעם גאַנץ אַנדערש געקוקט. טרעהרען וואָלטען מיר פער־גאָסען אויף דאָס אונגליקליכע קינד און זיין מוטער, וואָס האָט מיט איהר לעבען בעצאָהלט פאַר זיין לעבען. ווי געאַכטעט וואָלט איהר דאָן זשאַן'ען, וועלכער האָט אַזוי מוטהיג און בראַוו געהאַנדעלט! און איהר וואָלט איהם נאָך מעהר ווי פעראַכטעט, ווען ער וואָלט דאָס אייגענע קינד, נאָכדעם ווי ער האָט צוגעמאַכט די אויגען זיין אונגליקליכער מוטער, ערגעץ

פערשליידערט. די גאנצע וועלט וואלט איהם דאן מיט שטיי־
נער פערוואָרפען, איהם, דעם מענשען אהן א הארץ, אהן עהרע
און פפליכט־געפיהל, איהם, דעם אונגאטירליכען פאטער! און
איהר, ליעבע טאנטע, וואלט זיך דאן דערמאָהנט אן אייערע
הינטעלאָד, וועלכע איהר האט ניט געלאזט אומקומען, און מיט
עדעלער ענטריסטונג וואלט איהר דאן אויסגעשריען: „דער
ניעדערטרעכטיגער, פפוי!"

**מ. מארטינעל**

גאנץ ריכטיג!

**מאדאם דע ראטשארד**

די הינט זיינען מעהר ווערט, ווי די מענשען!

**לעאן**

קינדער זיינען נאָך דערווייל ניט קיין מענשען, זיי דארפען עס ערשט ווערען, טאנטע!

**פעטיפר**

דאס אלעס איז זעהר געשיקט געזאגט און דו רעדסט אויסגע־
צייכענט —

**מאדאם דע ראטשארד**

יא, דא איז לייכטער צו ריידען ווי פאר'ן געריכט!

**פעטיפר**

אבער דא האנדעלט זיך ניט וועגען א ראמאן און וועגען
אויסגעטראכטע פערזאנען. זשילבערט האט געזעצליך געהיי־
ראט א יונגען מאן, מיר האבען איינגעוויליגט —

**מאדאם דע ראטשארד**

בעגייסטערט זיינען מיר ניט געוועזן פאר דעם שידוך.

**פעטיפר**

יא, בעגייסטערט זיינען מיר ניט געוועזן, דאס איז אמת! אבער

דאך האבען מיר שפעטער איינגעווילינט. און דא, אין דער
האכצייטס־נאכט, האט ער געבראכט אלס א חתונה־מתנה
זיין פרוי, זיין כלה — איך האלט ניט פון קיין חתונה־מתנות —

לעאן

דאס בעווייזט נור, וואס פאר א בראווער מאן איז דיין איידים!
ער האט זיין גליק אין קאן איינגעשטעלט, אום זיין פפליכט צו
ערפילען: בעווייזט עס ניט קלאהר ווי עהרליך ער איז?

מ. מארטינעל

דאס איז דאך קלאהר ווי די זון!

מאדאם דע ראטשארד (פיר זיך)

וואס וויל ער נאך? ער וועט מיך היינט משוגע מאכען!

פעטיפר

אלזא, דו דענקסט, אז עס איז מעגליך זשילבערט זאל אין
איהר האכצייטס־טאג ווערען די ערציהעריין פון דעם קינד,
וואס איהר מאן'ס געליעבטע האט געבוירען?

לעאן

איך האלט עס דורכאוים פאר מעגליך ווי אלעס וואס איז שעהן
און עהרענהאפט. און דו אליין וואלסט עס אויך געהאלטען
פאר מעגליך, ווען זשילבערט וואלט ניט געווען דיין טאכטער.

פעטיפר

ניין!

לעאן

אלזא, וואס שלאגסטו פאר?

פעטיפר

גאנץ איינפאך — שיידונג! דער סקאנדאל פון היינט ביי־
נאכט איז גענוג.

מאדאם דע ראטשארד (שפרינגט אויף)

וואס? זשילבערט זאל זיך שיידען? וואס פאלט דיר איין? א העלפט פון אונזערע בעקאנטע וועלען זי דאן ניט איינלאדען! וואס וועט דאן ווערען פון איהר! לאזט מיך צופריעדען מיט אייער שיידונג — אונזער רעליגיאן און אונזערע זיטען. אונ־זערע זיטען, ניט הערר מארטינעל'ס, זיינען געגען דעם!

פעטיפר

יא, אבער אנדערע שיידען זיך אויך. זי איז ניט די איינציגע. די סטאטיסטיק ווייזט —

מאדאם דע ראטשארד

אך, די סטאטיסטיק! מיט דער סטאטיסטיק קען מען בעוויי־זען אלסדינג וואס מען וויל. ניין, ניין, אלעס וואס איהר ווילט, אבער ניט שיידען זיך! איך פערשטעה נאך אן עלע־גאנטע, פארנעהמע שיידונג, ווי איך האב זיך מיט מיין מאן געשיידעט, צום ביישפיעל. דאס איז פערגעקומען אזוי שטיל, פיין, עלעגאנט. אין דער הויכער געזעלשאפט קומען פאר אזוינע שיידונגען גאנץ אפט. אבער שיידען זיך וואולגאר — ניין!

לעאן (ערנסט)

איך מיין, אז די איינציגע פערזאן, וואס דארף וועגען דעם עפעס זאגען און וועמענס מיינונג אין דער דאזיגער פראגע איז וויכטיגער ווי אונזער אלעמענס מיינונג, איז זשילבערט. (טהוט זיך א קעהר צו איהר). זשילבערט, דו האסט אלעס גע־הערט, דו ביזט גענוג פערנינפטיג, אום אליין צו אורטהיילען און ענטשיידען. פון דיר העננט אב אלעס, פערצייהונג אדער שיידונג. דו האסט געהערט, וואס פאפא האט געזאגט. וואס האט אויף דעם דיין הארץ געענטפערט? הערר מארטינעל האט פריהער ביי דיר געבעטען אז ענטפער פאר זשאן'ען. איך

האָב אַ בעסערען פּלאַן: איך וועל איהם אהער רופען און זאָל ער אליין פון דיין מויל דיין ענטפער הערען. (נעהמט אָן מיט ליעבע זי פאר אַ האַנד). שוועסטערל, שוועסטערל, זיי ניט צו שטאָלץ! זיי ניט הויכמוטהיג! הער זיך צו מיט דיין קליין אויערל צו דיין הארצען און ווען דארט איז קימער, פערביטער איהם ניט נאָך מעהר מיט דיין שטאָלץ!

**זשילבערט**

אזוי ווי איך וואָלט נאָך געקענט זיין שטאָלץ! איך וויים ניט, וואס מיר איז, איך לייד אבער אזוי, מיין גליק איז צו־שטערט, אין מיין הארצען פיהל איך נור ביטערניש!

**לעאָן**

היט זיך, מיין שוועסטער! אין אזוינע אויגענבליקען קען איין טראָפּען ביטערקייט פערגיפטען די שמערצענדע וואונדען אויף אויביג.

**זשילבערט**

ניין, ניין, רוף איהם ניט, איך האָב מורא פאר איהם און פאר זיך אליין, איך האָב מורא. איך פערטרויע זיך אליין ניט!

**לעאָן**

איך וועל איהם רופען!

**זשילבערט** (ענטשלאָסען)

ניין! איך וויל ניט, איך פערביעט עס דיר! (זשאָן בעווייזט זיך פון לינקס. זי דערזעהט איהם און לאָזט ארויס אַן אונטער־דריקטען געשריי). אה! ער!

**לעאָן** (געהט צו צו איהם)

דו?!

**זשאן**

יאָ, איך. איך פיהל זיך ווי אַן אָנגעקלאָגטער, וואָס ערוואַרט דאָס אורטהייל פון זיין ריכטער: בעפרייאונג אָדער טויט. די שטונדע, וואָס איך האָב אויף דעם געוואַרט, וועל איך קיינמאָל ניט פערגעסען.

**לעאָן**

דיין אָנקעל און איך — מיר האָבען אַלעס פאַרגעבראַכט; איצט רייד דו!

**זשאן**

איך קען ניט — איך וואָלט געקענט נור מיט מיין פרוי אַליין — פאַר אַלעמען דאָ צו ריידען — פעהלט מיר דער מוטה — איך בעט אייך, לאָזט מיר נור איבער אויף איין אויגענבליק מיט איהר — דערנאָך וועל איך פערלאָזען דאָס הויז, ווען זי וועט עס פערלאַנגען. איך וועל טהאָן, וואָס זי וועט וועלען. אין איהרע הענד איז מיין צוקונפט. איך וויל הערען פון איהר אייגענעם מויל וואָס איך דאַרף איצט ערוואַרטען פון איהר. (צו זשילבערט). דאָס וועט איהר דאָך מיר ניט פערווייגערען! דאָס וועט זיין די איינציגע פראַגע וואָס איך וועל אייך שטעללען. איך שווער עס אייך! (זיי שטעהען איינער געגען אנדער׳ן און קוקען זיך אָן).

**זשילבערט** (נאָך א פויזע און ענטשלאָסען)

ליעבער פאַפּאַ, ליעבע טאַנטע, איך בעט אייך, לאָזט מיר אויף אַ ווײַלע איבער אַליין מיט הערר מאַרטינעל. איהר זעהט, איך בין פאָלשטענדיג געקומען צו זיך.

**פעטיפר**

— פונדעסטוועגען

**זשאן** (מיט היטץ צו איהם)

הערר דע פעטיפר, איך וועל גאָר נישט טהאָן אָהן אייער צו־

שטימונג. איך בין ניט צוריקגעקומען צו טהאָן עפּעס אייך צולהכעיס, אדער צו בעשטעהן אויף מיין רעכט אלס מאַן. איך בעט נור אייער ערלויבניס מיט מיין פרוי צו בלייבען א ווײלע אליין. געדענקט נור, פּיליכט זעהען מיר זיך דעם לעצטען מאָל. פערגעסט ניט, אז דאָ איז דאך א פראגע פון אונזער ביידענס צוקונפט!

**מאַדאַם דע ראַטשאַרד**

אונז אינטערעסירט נור זשילבערט׳ס צוקונפט.

**זשאַן** (צו מאַדאַם דע ראַטשאַרד)

מאַדאַם, איך אַפּעליר צו אייער הארץ, וואָס האָט אויך געליטען. פערגעסט ניט, אז אייער צאָרן און פערביטערקייט געגען מיר זיינען די פרוכט פון די קריינקונגען, וואָס אנאנדערער האָט אייך פערשאַפט. איך בין דאך ניט שולדיג, וואָס אַן אנדערער האָט אייער לעבען פערניכטעט. מאַדאַם, איהר דאַרפט ניט וועלען, אז אייער ניכטע זאָל פיהרען אזא אונגליקליך לעבען ווי איהר האָט געפיהרט! (מאַדאַם דע ראַטשאַרד מאַכט א בעוועגונג. זשאַן רעדט ווייטער) איהר האָט דאך א גוט הארץ. איך ווייס עס דאך, און איך שווער אייך, ווען איך בלייב זשילבערט׳ס מאַן, וועל איך איהר ליעבען, ווי א זוהן, ווי א געטרייער זוהן!

**מאַדאַם דע ראַטשאַרד** (איז געוואָרען זעהר געריהרט און מורמעלט ארויס פאַר זיך)

ווי א זוהן — ער האָט מיך געריהרט! (האַלב שטיל צו פּעטיפאַר). אָבער אדאָלף, דו זעהסט דאך. קום, זאָלען זיי בלייבען אליין!

**פּעטיפאַר** (צו זשאַן)

אַלזאָ, גוט! (דערלאַנגט מאַדאַם דע ראַטשאַרד דעם אָרעם און געהט מיט איהר אָב דורך די מיטעלסטע טהיר).

**מ. מארטינעל** (וועלכער געהט גלייך ארוים נאך זיי מיט לעאן)
זיי וועלען זיך שוין איינפערשטעהן. די הערצער וועלען שוין פאר זיי ריידען, די בעסטע אדוואקאטען! (אב דורך די מיטעלסטע טהיר).

**זשאן** (צו זשילבערט)
איהר ווייסט אלעס, ניט אמת?

**זשילבערט**
אלעס. עס האט מיר דאס הארץ צוריסען.

**זשאן**
איהר מיינט דאך ניט, האף איך, אז איך האב אייך בעטראגען.

**זשילבערט**
אה, ניין!

**זשאן**
האט איהר מיך געטאדעלט, ווייל איך בין היינט אוועק?

**זשילבערט**
מען טאדעלט קיינעם ניט פאר טהאן זיין פפליכט.

**זשאן**
איהר האט שוין פון דער דאזיגער פרוי געהערט. איצט איז זי טויט.

**זשילבערט**
גראד ווייל זי איז טויט בין איך אזוי אונרוהיג.

**זשאן**
איהר מיינט, ווייל א קינד איז געבליבען?

**זשילבערט**

ניין, ניין, וואס איז דאס קינד שולדיג. ניין, וואס מיך בעאונ־רוהיגט איז עטוואס, וואס איך קען ניט ערקלעהרען.

**זשאן**

וואס בעאונרוהיגט אייך?

**זשילבערט**

איך קען עס אייך ניט איבערגעבען. איך פיהל נור א שמערץ. אזא טיעפען, טיעפען שמערץ!...

**זשאן**

הערט מיך אוים. אין דעם דאזיגען אויגענבליק טאר קיין שאטען פון א מיספערשטענדניס צווישען אונז ניט זיין. אונ־זער גאנץ לעבען הענגט אב דערפון. איהר זייט מיין פרוי, אבער נאכדעם וואס האט פאסירט, בעטראכט איך אייך אלס פאלשטענדיג פריי. איך וועל מיט אלעם איינפערשטאנען זיין, וואס איהר וועט מיר פארשלאגען. איך וועל זיך אונטער־ווארפען יעדען וואונש אייערען. איך וועל אפילו אויף א שייד־דונג אויך איינוויליגען, ווען איהר וועט עס פאדערען. אבער וואס וועט דאן פון מיר ווערען? איך קען עס זיך מיר גאר ניט פארשטעלען. ווארים איך ליעב אייך אזוי, דאס איך וויים גאר ניט, ווי אזוי איך וועל קענען לעבען אהן אייך! (זשיל־בערט מאכט א בעוועגונג).

**זשאן** (רעדט ווייטער)

איך זוך ניט צו מאכען אויף אייך אן איינדרוק, צו מאכען ווייך אייער הארץ, איך זאג אייך איינפאך די ווארהייט. איך פיהל ווען איהר זאלט מיך פון זיך פערשטויסען, בין איך פערלארען!

**זשילבערט** (בעוועגט)

ליעבט איהר מיךווירקליך אזוי שטארק?

**זשאן**

מיט א ליעבע, פאר וועלכער עס איז קיין רעטונג ניטא!

**זשילבערט**

אבער יענע האט איהר דאך אויך געליעבט.

**זשאן**

איז יענע בין איך געווען ניט פערליעבט. איך האב געפיהלט א צונויגונג צו דער דאזיגער ליעבער מיידעל, וועלכע איז געווען מיר איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען. (האלב שטיל און ליידענשאפטליך) הערט אויס! וואס איך וועל אייך איצט דער־צעהלען, איז אונווירדיג, פילייכט העסליך — אבער איך בין נור א שטערבליכער מענש, מיט מענשליכע שוואכקייטען! פריהער נעבען טויטען־בעט פון יענער האב איך ביטער גע־וויינט, מיין גאנצער וועזען האט געציטערט פאר שמערץ, אבער אין דער אייגענער צייט האב איך אויף דעם גרונד פון מיין זעעלע געטראכט נור פון אייך!

**זשילבערט** (טהוט א ציטער)

איז דאס אמת?

**זשאן** (איינפאך)

איך קען ניט זאגען קיין ליגען!

**זשילבערט**

דאן זאלט איהר אויך וויסען, וואס מיר האט בעזאנדערס וועה געטהאן פריהער, ווען מיין ברודער האט מיר די געשיכטע דערצעהלט. איצט קען איך עס אייך זאגען! איך בין געווען אייפערזיכטיג! דאס איז העסליך — ניט אמת? אויף א טויטע אייפערזיכטיג צו זיין. אבער ער האט אזוי פיעל גוטעס מיר דערצעהלט וועגען איהר, אום מיין מיטלייד צו

ערוועקען, און איך האב מיר זיך פארגעשטעלט, ווי אזוי זי האט אייך געליעבט, און מיר האט זיך אויסגעדוכט, אז נאך איהר וועל איך זיך אייך אויסווייזען קאלט און אונאינטערע־סאנט, און דאס האט מיר אזוי וועה געטהאן און אזוי דער־שראקען, דאס איך האב אייך געוואלט אבזאגען.

**זשאן**

און איצט, זשילבערט?

**זשילבערט** (גיט איהם ביידע הענד)

דא האסטו מיך!

**זשאן**

אה, דאנק, דאנק! (ער קושט איהר ביידע הענד) אבער איצט נאך עפּעס. איך האב דער אונגליקליכער פערשפּראכען צו פערזארגען דאס קינד. (זשילבערט וויל עפּעס זאגען) ווארט, דאס איז נאך ניט אלעס! ווייסט איהר, וואס איהר לעצטער וואונש, איהר לעצטע ביטע איז געווען? זי האט מיך בע־שווארען, איך זאל אייך בעטען, איהר זאלט דאס קינד אונטער אייער שוץ נעהמען.

**זשילבערט**

אונטער מיין שוץ?

**זשאן**

יא, זשילבערט!

**זשילבערט** (זעהר בעוועגט)

און זי האט געהאפט, אז איך וועל עס אננעהמען?

**זשאן**

זי האט עס געהאפט, און די דאזיגע האפנונג האט איהר דעם טויט פערלייכטערט.

**זשילבערט** (געהט זיך דורך איבער'ן צימער הין און צוריק זעהר אויפגערעגט)

וואו איז דאס קינד?

**זשאן**

ביי מיר!

**זשילבערט**

ביי אייך?

**זשאן**

זאל איך איצט אוועקגעהן? דארף איך אייך גלייך פער־לאזען?

**זשילבערט**

ניין, ניין, מיר געהן ביידע. מיין נייע היים איז דאך זייט היינט ביי אייך!

**זשאן** (מיט פריידיגער אויפרעגונג)

אה, זשילבערט! אבער אייער פאטער וועט דאך אייך ניט לאזען.

**זשילבערט** (פרעהליך)

אויב מיין פאטער וועט מיך ניט וועלען לאזען צו אייך, ווייסט איהר, וואס איהר וועט דאן דארפען טהאן? איהר וועט מיך מוזען, מיין הערר, ארויסגנב'ענען פון דאנען!

**זשאן**

ארויסגנב'ענען?

**זשילבערט**

יא, שנעל, דארט איז מיין מאנטעל און מארש פון דאנען! וואס ווייטער וועט זיין וועלען מיר מארגען זעהן. (זי ווייזט

איהם אן אויפ׳ן מאנטעל, וועלכען זי האט אין דעם ערשטען אקט אויפ׳ן שטוהל נעבען דער טיהר רעכטס געלעגט)

**זשאן** (נעהמט שנעל דעם מאנטעל און טהוט איהר ארויף איבער די אקסלען)

איך פערגעטער אייך! (גיט איהר דעם ארם און זיי ביידע טהוען זיך א לאז צו דער טיהר לינקס)

פעטיפר, מאדאם דע ראטשארד, מ. מארטינעל, לעאן קומען ארייין דורך די מיטעלסטע טיהר.

**מאדאם דע ראטשארד**

וואוהין? איהר געהט גאר ביידע אוועק?

**פעטיפר**

וואס מיינט עס?

**זשילבערט**

איך האב געוואלט אנטלויפען. ניין! איך האב געוואלט מיין מאן זאל מיך ארויסגנב׳ענען פון דאנען!

**מאדאם דע ראטשארד**

איהר הערט?

**זשילבערט**

אבער מארגען וואלט איך צוריקגעקומען. וואלט אייך דער־צעהלט די גאנצע געשיכטע און וואלט זיך ענטשולדיגט פאר אייך.

**פעטיפר**

דו האסט גאר געוואלט אוועקגעהן ניט געזעגענטערהייט?

**זשילבערט**

איך האב געוואלט פערמיידען ווייטערע רייד...

לעאָן

זי איז גערעכט! טראג זיך פון דאנען, טראג זיך, מארש!

זשילבערט

(ווארפט זיך איהר פאטער אויפ'ן האלז)

ביז מארגען, פאפא! ביז מארגען טאנטע! גוט נאכט אייך אלעמען! איך האב געהאט גענוג אויפרעגונג און שמערץ!

מאדאם דע ראטשארד (געהט צו צו איהר, און נעהמט זי ארום)

יא, מיין הארץ, לויף שנעל! דארט ווארט א קינד אויף דער מוטער!

פארהאנג

ענדע.

# א פאמיליען־קאמעדיע

אין צוויי אקטען.

פ ע ר ז א נ ע ן:

דע סאלום.

דע ראנדאל.

מאדאם דע סאלום.

---

צייט: פאריז, 1890.

# ערשטער אַקט.

---

## ערשטע סצענע.

מאדאם דע סאלום זיצט אין איהר סאלאָן ביים קאַמין. עס קומט אריין זשעק דע ראנדאל אויף די שפּיץ־פינגער, קוקט זיך אום און קושט מאַדאַם דע סאלום שנעל אויף די האָהר. זי טהוט זיך אַ צאפּעל, לאָזט ארויס אַ געשריי און דרעהט זיך אום צו איהם.

מאד. דע סאלום

אה, ווי אונפארזיכטיג איהר זייט!

דע ראנדאל

האָט נאָר ניט מורא, קיינער האָט מיר ניט געזעהן.

מאד. דע סאלום

אבער די דיענער!

דע ראנדאל

אה, זיי זיינען איז'ם צווייטען קארידאָר.

מאד. דע סאלום

ווי קומט עס, וואָס קיינער פון זיי האָט אייך ניט געמעלדעט?

דע ראנדאל

זיי האָבען מיר געעפענט די טהיר.

מאד. דע סאלום

אבער וואס וועלען זיי דענקען?

דע ראנדאל

זיי וועלען זיכער דענקען, אז עס איבעריג מיך צו מעלדען.

מאד. דע סאלום

אבער דאס וועל איך ניט ערלויבען. וויימער מוזען זיי אייך מעלדען. עס קוקט אוים ניט שעהן.

דע ראנדאל

(לאכט)

פיליייכט זאלען זיי אייך שוין מעלדען אייער מאן אויך —

מאד. דע סאלום

זשעק, אייער וויץ איז אויסער פלאץ.

דע ראנדאל

פערצייהט מיר. (זעצט זיך). איהר ערוואַרט אימיצען?

מאד. דע סאלום

יא, מעגליך. איהר ווייסט דאך, אז אימער, ווען איך בין אין דער היים, נעהם איך אויף געסט.

דע ראנדאל

געוויס ווייס איך עס. אימער האב איך דאס פערגעניגען אייך צו זעהן א פינף מינוטען, פונקט גענוג צייט, אום אייך צו פרעגען וואס איהר מאכט, ווי איהר פיהלט זיך, און דערנאך קומט אן אימיצער אן אנדערער, אימיצער וואס איז פערליעבט אין אייך, פערשטעהט זיך, און ווארט אונגעדולדיג איך זאל זיך אבטראגען.

מאד. דע סאלום

(שמייכעלט).

וואס קען איך העלפען? אייער ווייב בין איך דאך ניט, ווי קען עס זיין אנדערש?

דע ראנדאל

אה, ווען איהר וואלט געווען מיין ווייב!

מאד. דע סאלום

ווען איך וואלט געווען אייער ווייב?

דע ראנדאל

איך וואלט מיט אייך אוועקגעפאהרען ערגעץ אויף פינף־זעקס מאנאטען פון דער דאזיגער שרעקליכער שטאדט און איך וואלט אייך אין גאנצען געהאט.

מאד. דע סאלום

און דאן וואלט איך זיך אייך גיך צוגעגעסען...

דע ראנדאל

ניין, ניין!

מאד. דע סאלום

יא, יא!

דע ראנדאל

ווייסט איהר, אז עס איז אן אמת'ער גיהנום צו ליעבען אזא פרוי ווי איהר?

מאד. דע סאלום

ווארום?

דע ראנדאל

ווייל איך בין אין דער לאגע פון יענעם הונגעריגען, וואס זעהט פאר זיך שפייז הינטער די גלעזערנע פענסטער פון א רעסטא־ראן. דער הונגער פייניגט איהם, עס ציהט איהם נאך די שפייז, אבער די פענסטער, וואס פערשטעלט די שפייז...

מאד. דע סאלום

אה, זשעק!

דע ראנדאל

יא, יא! א פרוי פון דער געזעלשאפט בעלאנגט אין גאנצען צו דער געזעלשאפט, דאס הייסט, צו יעדען איינעם, אויסער דעם מאן, צו וועמען זי האט זיך אבגעגעבען. ער קען זי פריי זעהן נור איינמאל אין דריי טעג פאר א פיערטעל שטונדע, ניט מעהר, ווייל די דיענער שטערען. אין א זעלטענעם פאל בעזוכט זי איהם איין מאל אדער צוויי א מאנאט אין א מעבלירטען צימער און דאן ציטערט זי און פלאטערט, און מעהר ווי א פיערטעל שטונדע איבערהויפט פערברענגט זי ניט מיט איהם, ווייל זי האט ערשט געמאכט א וויזיט מאדאם עקס און געזאגט איהר קוטשער ער זאל זי פיהרען צו מא־דאם זעט. מוז זי זיך שוין היטען פאר דעם קוטשער. אזוי ווי איהר זעהט, דער קוטשער און דער לאקיי, און מאדאם זעט, און מאדאם עקס, און די אלע אנדערע וואס בעזוכען איהר הויז, ווי זיי ווארטען א מוזעאום בעזוכט, א מוזעאום, וועלכער מאכט זיך קיינמאל ניט צו, — אט די דאזיגע אלע ער'ס און זי'ס, וואס נעהמען ביי איהר אוועק יעדע פרייע מינוט, יעדע פרייע רגע, וועלכע האבען א רעכט אויף איהר צייט פונקט ווי דער בעל־הבית אויף די צייט פון זיין ארבייטער, איינפאך דערפאר, ווייל זי געהערט אין גאנצען צו דער געזעלשאפט. — אט די דאזיגע אלע פערזאנען זיינען די גלעזערנע פענסטער, וואס פערשטעלען אייך פון מיין ליעבע...

מאד. דע סאלום

עס שיינט, איהר זייט היינט פון'ם זינגע ארונטער.

דע ראנדאל

ניין, ניין, אבער איך וויל אייך אליין האבען. זייט איהר מיינע, אדער ניין? אדער, ריכטינער, איך בין אייערער. איז עס ניט אמת? די גאנצע צייט זוך איך נור א מעגליכקייט אייך צו טרעפען. אונזער גאנצע ליעבע בעשטעהט פון צופעליגע בעגעגניסען, פון צופעליגע בעגריסען זיך, פון כאפען פער'גנב'עט א בליק, פון קוים־קוים בעריהרען איינער דעם אנדערען, ניט מעהר. מיר טרעפען זיך אין דער פריה אויף דער עוועניו — א נויג; מיר טרעפען זיך ביי אייך אין'ם הויז אדער ביי א בעקאנטען אין'ם הויז — צוואנציג ווערטער; מיר עסען ערגעץ ביי א טיש, צו ווייט איינער פון דעם אנדערען א ווארט צו ריידען, און איך וואג אפילו ניט א קוק צו טהאן אויף אייך, היט זיך אלץ פאר א בייז אויג. איז דאס ליעבע? ניין, מיר זיינען ניט מעהר ווי געוועהנליכע בעקאנטע.

מאד. דע סאלום

וואלט איהר מיך וועלען אוועקנעהמען פון אלעמען?

דע ראנדאל

צום אונגליק קען איך ניט.

מאד. דע סאלום

וואס דען ווילט איהר?

דע ראנדאל

איך וויים ניט. איך וויים נור, אז איך קען עס שוין מעהר ניט איבערטראגען.

מאד. דע סאלום

אייער ליעבע האלט נור אן דערפאר, ווייל זי האט אזוי פיעל שטערונגען...

דע ראנדאל

אה, מאדאם, ווי קענט איהר דאס זאגען?

מאד. דע סאלום (ווייך)

גלויבט מיר, מיין פריינד, איהר ליעבט מיך אזוי, ווייל עס איז אן אונגעזעצליכע ליעבע.

דע ראנדאל

דאן דענקט איהר, ווען איך וואלט אייך געהייראט, וואלט איך אייך אויפגעהערט צו ליעבען?

מאד. דע סאלום

ניט גלייך, ניט מיט א מאל, פיליכט, אבער ביסלעכווייז.

דע ראנדאל

אייערע ווערטער בעליידיגען מיך.

מאד. דע סאלום

זיי זיינען אבער אמת. איהר ווייסט, ווען א קאנפעקט־הענדלער נעהמט צו זיך אין געשעפט אריין א פערקויפעריז, וועלכע איז א גרויסע נאשעריז, זאגט ער איהר: „עס, מיין טהייערינקע, אזוי פיעל קאנפעקטען, וויפיעל דו ווילסט אליין". שטאפט זי זיך מיט דעם א וואך צייט און דערנאך איז זי איהר גאנץ לעבען לאנג זאט מיט דעם.

דע ראנדאל

אמת! אבער ווארום רעכענט איהר מיך אריין אין דעם דאזיגען קלאס?

מאד. דע סאלום

ווירקליך, איך וויים ניט, פיליכט אלס א שפאס!

דע ראנדאל

איך בעט אייך, רייצט זיך ניט מיט מיר.

מאד. דע סאלום

איך טראכט מיר אפט, דא איז א מאן, וועלכער ליעבט מיר זעהר שטארק. וואס אנבעלאנגט מיר, בין איך פאלקאם פריי מאראליש, זייט פאר צוויי יאהרען, זייט איך האב איין גאנצען אויפגעהערט מיין מאן צופריעדען צו שטעלען. פרעג איך זיך: אויב דער מאן ליעבט מיך, פארוואס זאל איך איהם ניט ליעבען?

דע ראנדאל

איהר זייט גרויזאם.

מאד. דע סאלום

איך בין גאר ניט גרויזאם. אין וואס זעהט איהר מיין גרויזאמקייט?

דע ראנדאל

גענוג! איהר מוטשעט מיך מיט די דאזיגע רייד. זייט איך האב אייך אנגעפאנגען צו ליעבען פייניגט איהר מיך אויף אזא שטייגער און נאך ביז היינטיגען טאג וויים איך ניט, צו איהר ליעבט מיך.

מאד. דע סאלום

איהר מוזט אבער צוגעבען, אז איך בין אימער געוועזען פריינדליך צו אייך.

דע ראנדאל

אה, איהר האט זיך נור געשפיעלט מיט מיר! פון דעם ער־

שטען טאָג אַז ווען איך האָב אייך געטראָפען, האָב איך גע־פיהלט, אַז איהר קאָקעטירט מיט מיר, קאָקעטירט מיט מיר פערבארגען, פערבעהאַלטען, פערשלייערט, אַזוי ווי איהר נור אַליין קענט קאָקעטירען, אום אַנדערע זאָלען עס ניט בעמערקען. ביסלעכווייז האָט איהר מיך בעזיעגט מיט אייערע בליקען, מיט אייערע שמייכלען, מיט אייער דריקען די האַנד. דערביי האָט איהר ניט מיט איין וואָרט מיר עפּעס פערשפּראָכען, ניט מיט איין זילבע אייערע געפיהלען צו מיר אויסגעדריקט. איך האָב זיך פערליעבט אין אייך מיט דעם גאַנצען פייער פון מיין זעעלע, יאָ, פערליעבט אויפריכטיג און איבערגעבען, און היינט ווייס איך ניט, וואָס פאַר אַ געפיהלען עס זיינען פערבאָרגען אין דער טיעפעניש פון אייער הארצען, וואָס פאַר אַ געדאַנקען אין אייער מוח, איך ווייס גאָר נישט, גאָר נישט. איך קוק אויף אייך און אַמאָל ווייזט זיך מיר אויס, אַז איהר ליעבט מיך, דאַכט זיך, און אַמאָל, דאַכט זיך, אַז איהר ליעבט מיך שוין ניט מעהר. ליעבט זי מיך, אָדער איך האָב שוין איהר דערעסען? אָדער האָט זי גאָר נור אַ פּראָבע געמאַכט, געגנר־מען אַ געליעבטען צו זעהן, צו וויסען, וואָס פאַר אַ טעם דאָס האָט, אָהן בעזונדערען חשק, אָהן ליעבע? עס זיינען דאָ צייי־טען, ווען איך פרעג זיך, אויב צווישען די אַלע, וואָס ליעבען אייך און ערקלעהרען זיך אייך טאָג־טעגליך אין ליעבע, איז נישטאָ עפּעס אימיצער, וועמען איהר האָט ווירקליך ליעב.

**מאַד. דע סאַלום**

מיין פריינד, ווירקליך, עס זיינען דאָ זאַכען, וואָס עס איז פיעל גלייכער מען זאָל זיי גאָר ניט בעריהרען.

**דע ראַנדאַל**

אַה, ווי גרויזאַם איהר זייט! אין אייער טאָן פיהל איך, אַז איהר ליעבט מיך נים.

**מאד. דע סאלום**

האב איך עס געזאגט?

**דע ראנדאל**

פערגיעט מיר, איך בין אייפערזיכטיג.

**מאד. דע סאלום**

צו וועמען?

**דע ראנדאל**

איך וויים ניט. איך בין אייפערזיכטיג צו אלסדינג, וואס איך וויים ניט וועגען אייך.

**מאד. דע סאלום** (מיט א שמייכעל).

און וואס איך אליין וויים אויך ניט וועגען זיך.

**דע ראנדאל**

פערגיט מיר, איך ליעב אייך אזוי, אזוי, דאס יעדער און יעדע זאך, וואס קומט אין בעריהרונג מיט אייך, בעאונרוהיגט מיך.

**מאד. דע סאלום**

יעדער?

**דע ראנדאל**

יא, יעדער און יעדע זאך.

**מאד. דע סאלום**

זייט איהר אייפערזיכטיג צו מיין מאן?

**דע ראנדאל** (צומישט).

וואס פאלט אייך איין?

**מאד. דע סאלום** (קאלט).

איהר זייט אונגערעכט.

דע ראנדאל

ווידער די אלטע געשיכטע!

מאד. דע סאלום

ניין, איך וויל מיט אייך ריידען ערנסט ווענען איהם און איך וויל איהר זאלט מיר א עצה געבען.

דע ראנדאל

ווענען אייער מאן?

מאד. דע סאלום

(ערנסט).

יא. איך מיין אהן שפאס, מיר ליגט ניט קיין שפאס אין זי־נען. (אין א לייכטערען טאן). צו מיין מאן, אלזא, זייט איהר ניט אייפערזיכטיג? און דאך ווייסט איהר, אז ער איז דער איינציגער מאן, וואס האט געזעצליך א רעכט אויף מיר.

דע ראנדאל

איך בין דערפאר טאקע ניט אייפערזיכטיג צו איהם, ווייל ער האט געזעצליך א רעכט אויף אייך. א פרוי וועט איהר הארץ ניט אבגעבען צו א מאן מחמת דעם נור, ווייל ער האט אויף איהר געזעצליך א רעכט.

מאד. דע סאלום

מיין פריינד, דאס געזעצליכע רעכט פון א מאן איז א מאכט: דאס איז א קאנטראקט, וועלכען ער קען האלטען פערשלאסען ביי זיך אין'ם שראנק, ווי מיין מאן טהוט עס פאר די לעצטע צוויי יאהר. אבער עס איז אויך א קאנטראקט מיט וועלכען ער קען זיך בענוצען יעדען מאמענט, ווי ער איז איבעריגענס די לעצטע צייט געוויגט צו טהאן.

דע ראנדאל (איבעראשט).

וואס? איהר זאגט, אז אייער מאן...

מאד. דע סאלום

יא.

דע ראנדאל

אונמעגליך!

מאד. דע סאלום

ווארום אונמעגליך?

דע ראנדאל

ווייל אייער מאן האט... האט... אנדערע... בע־שעפטיגונגען.

מאד. דע סאלום

עס שיינט, אז צוליעב ווארייעטי האט ער זיך איצט פער־בענקט...

דע ראנדאל

שפאס אן א זייט, מאדעלינע, וואס האט פאסירט?

מאד. דע סאלום

אהא, אהא, איצט זייט איהר שוין אייפערזיכטיג צו איהם?

דע ראנדאל

מאדעלינע, איך בעט אייך, זאגט מיר, איהר מיינט עס ערנסט, אדער איהר שפאסט?

מאד. דע סאלום

איך מיין עס ערנסט, זעהר ערנסט.

דע ראנדאל

וואס האט פאסירט?

מאד. דע סאלום

וואס האט פאסירט? איהר ווייסט דאך מיין לאגע, אבוואהל ווענען מיין פריהערדיגען לעבען ווייסט איהר ניט אלץ. איך וועל אייך דערצעהלען אין קורצען. ווען איך בין אלט געווען נײַנצעהן יאהר האב איך געהייראט דעם גראף דע סאלום, וועלכער האט זיך פערליעבט אין מיר נאכדעם ווי ער האט מיך געזעהן אין טהעאטער. ער האט דאן געהאט געקענט מיין פאטער'ס אדוואקאט. ער איז געווען זעהר גוט צו מיר, יא, זעהר גוט, און איך האב ווירקליך געגלויבט, אז ער איז אין מיר פערליעבט. איך אליין האב זיך דאן בענומען געגען איהם צוריקגעהאלטען, זעהר צוריקגעהאלטען, אזוי, דאס קיין שא־טען האט אויף מיין נאמען ניט געקענט פאלען.

דע ראנדאל

האט איהר איהם געליעבט?

מאד. דע סאלום

גאט מיינער, ווארום פרעגט איהר אזוינע פראגען?

דע ראנדאל

איהר האט איהם אלזא געליעבט?

מאד. דע סאלום

יא און ניין. אויב איך האב איהם געליעבט, האב איך איהם ווי א נאריש קינד געליעבט; יעדענפאלס האב איך עס איהם קיינמאל ניט געזאגט, ווארים נאך ביז היינטיגען טאג פער־שטעה איך ניט, ווי מען ווייזט ארוים ליעבע.

דע ראנדאל

דאס וויים איך!

מאד. דע סאלום

עס איז גאנץ מעגליך, אז צייטענווייז האב איך איהם גערן גע־

האט, נאטירליך, ווי א נאריש, שעהמענדיג קינד, ווי א יונגע זאך וואס האט שטענדיג מורא פאר די ליעבע פון א מאן, פאר די דאזיגע ליעבע, וואס איז מאנכעס מאל אזוי אנגענעהם! און וואס אנבעלאנגט איהם, — איהר קענט איהם. ער איז געווען א מאן, א מאן, וואס האט געהערט צו דער הויכער געזעלשאפט, און אזוינע זיינען אימער די ערגסטע מענער. די דאזיגע מענער ליעבען לאנג נור אזוינע מיידלאך, וועלכע קענען זיך צופאסען צו זיי, וועלכע קענען ליגען זאגען און זיין פאלש. מיר שיינט, אום צו געפעלען אזוינע מענער און זייער ליעבע איינצוהאלטען, מוזען די פרויען זיין פאלש צו זיי מיט לייב און זעעלע. איך האב באלד אנגעהויבען צו בעמערקען, אז ער איז גלייכגילטיג צו מיר, ווען ער האט מיך געקושט ווי פון יוצא וועגען און האט אפט מיך אין גאנצען ניט בעמערקט. קורץ, אין זיין האלטונג, אין זיין האנדלונג, אין זיינע געשפרעכען האב איך אנגעהויבען צו בעמערקען, אז איך אינטערעסיר איהם ניט מעהר. געקומען אהיים, האט ער זיך גלייך אויסגעצויגען אויף דער זאפע, מיט א צייטונג אין די הענד, געלעזען די צייטונג און געצויגען מיט די אקסלען. און ווען ער האט דארט עפעס געלעזען, מיט וואס ער איז ניט איינפערשטאנדען געווען, האט ער זיין אונצופריעדענהייט אויסגעדריקט הויך אויפ'ן קול. ביז איינמאל האט ער מיר א געגעץ געטהאן אין פנים. דאן איז מיר קלאהר געווארען, אז ער ליעבט מיך שוין ניט מעהר. דאס האט מיך אזוי בעליידיגט, דאס עס איז מיר גאר ניט איינגעפאלען, אנצופאנגען צו קאקעטירען מיט איהם און פרובען צוריקגעווינען זיין ליעבע. באלד האב איך אויך דערוואוסט, אז ער האט א געליעבטע, א פרוי פון דער געזעלשאפט. זייט דאן, נאך א היציגע ערקלעהרונג, האבען מיר געלעבט אבגעשיידט...

## דע ראנדאל

נאך א היציגע ערקלעהרונג? וועגען זיין געליעבטע?

מאד. דע סאלום

יא און ניין. עס איז מיר שווער דאס צו ערקלעהרען. אום איך זאל אויפהערען איהם צו פערדעכטיגען, האט ער פון צייט צו צייט, אפילו גאנץ זעלטען, גענומען ארויסווייזען ליעבע צו זיין געזעצליכער פרוי, צו דער פרוי, וואס האט א רעכט געהאט אויף זיין ליעבע. איך האב איהם געזאגט, אז איך בין איהם מוחל אזא ליעבע.

דע ראנדאל

ווי האט איהר איהם דאס געזאגט?

הערר דע סאלום

איך גערענק ניט.

דע ראנדאל

דאס האט געמוזט זיין זעהר קאמיש.

מאד. דע סאלום

גאר ניט קאמיש. אפריהער איז ער איבערדאשט געווען. דער־נאך האב איך איהם געהאלטען א קורצען ספיטש, וואס איך האב פון פריהער אנגעגרייט, אין וועלכער איך האב איהם גע־הייסען זיין ליעבע אבצוטראגען ערגעץ אנדערש. ער האט פער־שטאנען, האט זיך זעהר ליעבענסווירדיג פערנויגט פאר מיר און — געטהאן אזוי, ווי איך האב איהם געהייסען.

דע ראנדאל

איז ער צוריקגעקומען?

מאד. דע סאלום

קיינמאל, ביז...

דע ראנדאל (ברעכט זי אונטער).

האט ער מעהר קיינמאל וועגען זיין ליעבע גערעדט?

מאד. דע סאלום

קיינמאל, ביז...

דע ראנדאל (ברעכט זי אונטער).

האט עס אייך פערדראסען?

מאד. דע סאלום

דאס איז ניט וויכטיג. וויכטיג איז נור, וואס ער האט גע־האט געליעבטע אהן א צאהל, מיט וועלכע ער האט פערבראכט, וועלכע ער האט אויסגעהאלטען און מיט וועלכע ער איז אויס־געפאהרען. דאס האט מיך אזוי בעליידיגט, אזוי ערניעדריגט, דאן אבער האב איך זיך געמאכט הארץ, אמת, אפילו אביסעלע צו שפעט, צוויי יאהר צו שפעט, און גענומען א געליעבטען — אייך!

דע ראנדאל (קושט איהר האנד).

און איך, מאדעלין, ליעב אייך מיט מיין גאנצען הארצען.

מאד. דע סאלום

אבער דאס איז ניט גאנץ רעכט.

דע ראנדאל

וואס מיינט איהר „ניט גאנץ רעכט?"

מאד. דע סאלום

אך, מיין פריינד, דאס לעבען איז אלגעמיין איז — מיין מאן, זיינע געליעבטע... איך און מיין געליעבטער... איהר און אייער געליעבטע...

דע ראנדאל

אייערע ווערטער ווייזען קלאהר, אז איהר ליעבט מיך ניט!

מאד. דע סאלום

ווארום?

דע ראנדאל

ווען איהר וואגט צו זאגען וועגען אונזער ליעבע, אז זי איז ניט גאנץ רעכט, בעווייזט עס, אז איהר ליעבט מיך ניט. ווען איהר וואלט מיך ווירקליך ליעב געהאט, וואלט איהר עס ניט גע־קענט זאגען. וואס ? טרייע ליעבע איז ניט רעכט ?

מאד. דע סאלום

מעגליך. עס ווענדעט זיך ווי מען קוקט אויף דעם. איך, פון מיין זייט, קוק אויף מיין שטייגער און זעה צופיעל.

דע ראנדאל

וואס זעהט איהר ?

מאד. דע סאלום

איך זעה צו ווייט, צו קלאהר.

דע ראנדאל

איהר ליעבט מיך ניט ?

מאד. דע סאלום

ווען איך וואלט אייך ניט געליעבט — אביסעלע— וואלט איך זיך אייך ניט אבגעגעבען.

דע ראנדאל

אביסעלע — אזוי פיעל נור, אום צו האבען א תירוץ פאר אב־געבען זיך !

מאד. דע סאלום

איך זוך זיך ניט צו פערענטפערען מיט תירוצים פאר דעם. איך בעשולדיג זיך פאר דעם.

דע ראנדאל

אלזא פריהער האט איהר מיך געליעבט אביסעלע און היינט... איצט ליעבט איהר מיך שוין אין גאנצען ניט ?

מאד. דע סאלום

זאלען מיר זיך וועגען דעם ניט האמפערען.

דע ראנדאל

איהר האמפערט זיך דאך.

מאד. דע סאלום

ניין, איך אורטהייל נור די געגענוואַרט נאך דער פערגאנגענ־הייט. ווייל אימיצער פערשטעהן די געגענווארט, זאל ער זי פערגלייכען צו דער פערגאנגענהייט.

דע ראנדאל

און איהר בעדויערט די פערגאנגענהייט?

מאד. דע סאלום

פיליכט.

דע ראנדאל

און וואס איז וועגען מארגען?

מאד. דע סאלום

איך ווייס ניט.

דע ראנדאל

איז ביי אייך גאר נישט צו האבען איינעם, וועלכער געהערט אייך מיט ליב און לעבען?

מאד. דע סאלום (ציהט די אקסלען).

היינט געהערט ער מיר.

דע ראנדאל

און מארגען אויך!

מאד. דע סאלום (בעשטימט)

יא, מארגען נאך היינט ביינאכט, אבער ניט מארגען א יאהר נאך היינט ביינאכט.

דע ראנדאל

איהר וועט זעהן, אבער איהר האט געזאגט עפעס וועגען אייער מאן.

מאד. דע סאלום

ער האט זיך ווידער אין מיר פערליעבט.

דע ראנדאל

אונמעגליך!

מאד. דע סאלום (בעליידיגט)

וואס מיינט איהר „אונמעגליך?“ פאר וואס עפעס זאל עס זיין אונמעגליך?

דע ראנדאל

א מאן פערליעבט זיך אין זיין פרוי איידער ער האט זי גע־הייראט, אבער נאכדעם ווי ער האט זי געהייראט, וועט ער קיין מאל ניט בעגעהן דעם איינענעם פעהלער.

מאד. דע סאלום

אבער פיעלייכט איז ער פריהער קיינמאל ניט געווען פערליעבט אין מיר.

דע ראנדאל

עס איז אונמעגליך צו גלויבען, אז ער וואלט מיט אייך געלעבט, ווען ער זאל אייך ניט ליעב האבען.

מאד. דע סאלום (גלייכגילטיג)

אויב ער האט מיך פריהער ניט געליעבט, ליעבט ער מיך איצט.

דע ראנדאל

איך פערשטעה אייך ניט. דערצעהלט מיר, וואס אזוינס האט פאסירט?

מאד. דע סאלום

נישטאָ וואס צו דערצעהלען. ער האט זיך ערקלעהרט פאר מיר, גענומען מיך אין זיינע ארמס און געסטראשעט מיך מיט זיינע געזעצליכע רעכט. דאס שרעקט מיך און מאטערט מיך.

דע ראנדאל

מאדעלינע, איהר מוטשעט מיך, איהר פייניגט מיך!

מאד. דע סאלום

נו, און איך? איהר מיינט, אז איך לייד ניט? איך וויים, אז איך בין ניט זעהר קיין אנשטענדיגע פרוי, ווען איך האב גע־לעבט מיט אייך, אבער מיין הארץ קען איך אפגעבען נאר איי־נעם — אייך אדער איהם. קיינמאל וועל איך ניט זיין אייערע און זיינע. פאר מיר וואלט אזא זאך געווען דאס גרעסטע אונגליק, די גרעסטע שאנדע. א מענש קען פאלען, וויול, ווען דער וועג איז פול דערנער און שטיינער, איז זעהר שווער ניט אויסצוגליטשען זיך; אבער ווען מען איז געפאלען, איז דאס נאך ניט קיין אורזאך צו ארונטערשטופען זיך אליין נאך ניע־דריגער.

דע ראנדאל (נעהמט זי ארום און קושט זי)

איך פערגעטער אייך איינפאך!

מאד. דע סאלום

און איך ליעב אייך אויך זעהר, זשעק, און דערפאר טאקי בין איך אזוי אונרוהיג.

דע ראנדאל

אבער זאגט מיר, מאדעלינע, זייט ווען האָט אייער מאַנ׳ס הארץ זיך צוריקגעקעהרט צו אייך?

מאד. דע סאלום

אונגעפעהר זייט א דריי וואכען.

דע ראנדאל

איך וועל אייך ערקלעהרען, וואס דאס איז. אייער מאַן איז איינפאך נעבליבען אן אלמן.

מאד. דע סאלום

וואס מיינט איהר?

דע ראנדאל

איך מיין, אז אייער מאן האָט איצט קיין אנדערע, איז זיין פרוי אויך גוט.

מאד. דע סאלום

איך זאג אייך אבער, אז ער ליעבט מיך.

דע ראנדאל

יא — יאָ און ניין. ער ליעבט אייך און נאָך מעהר אַן אנדערע. זאָגט מיר, ער איז דאָך אין א שלעכטען מוטה, ווי געוועהנליך, ניט אמת?

מאד. דע סאלום

זעהר אין א שלעכטען.

דע ראנדאל

אָט האָט איהר דאס! אייער מאַן דריקט אויס זיין ליעבע און צערטליכקייטען דורך גראבע ווערטער. ער איז דאָך גראָב צו אייך, ניט אמת?

מאד. דע סאלום

זעהר גראב.

דע ראנדאל

ווען ער וואלט זיך געווענדעט צו אייך צערטליך, וואלט איהר ניט געווען אונרוהיג. איהר וואלט זיך געטראכט: „ער האט זיך ענדליך געכאפט“, און דאן וואלט ער אין אייער הארצען מיט־לייד ערוועקט, איהר וואלט אויף איהם רחמנות געהאט, ווארים א פרוי האט אימער רחמנות אויף דעם מאן וואס ליעבט זי, ווען דער מאן איז אפילו איהר אייגענער מאן.

מאד. דע סאלום

מעגליך, אז עס איז אזוי.

דע ראנדאל

איז ער נערוועז, צוטראגען?

מאד. דע סאלום

יא.

דע ראנדאל

גראב? פאדערט זיין רעכט, בעט ניט?

מאד. דע סאלום

יא.

דע ראנדאל

מיין ליעבע, אין דעם דאזיגען מאמענט דארף ער אייך, אום איהר זאלט אויספילען דעם פלאץ פון אן אנדערער, וועלכע ער ליעבט.

מאד. דע סאלום

ניט אמת! ניט אמת!

דע ראנדאל

מיין טהייערע, אייער מאן'ס לעצטע געליעבטע איז געוועז מאַ־דאם דע בארדיין, וועלכע ער האט מיט צוויי מאנאטען צוריק פלוצלים פערלאזען צוליעב מאדאם סאנטעלי.

מאד. דע סאלום

וואס, די זינגערין?

דע ראנדאל

יא, צוליעב דער דאזיגער בעקאנטער זינגערין און קאפריזנע פרוי.

מאד. דע סאלום

דערפאר בעזוכט ער אזוי אפט די אפערא?

דע ראנדאל

אהן ספק.

מאד. דע סאלום

ניין, ניין, דאס דאכט זיך אייך נאר.

דע ראנדאל

מאדאם סאנטעללי וועהרט זיך געגען איהם, זיין ליידענשאפט איז צופלאקערט, האט ניט קיין אויסגאנג, זוכט ער פיר איהר אן אויסגאנג ביי אייך.

מאד. דע סאלום

מיין ליעבער, איהר חלומ'ט. ווען ער וואלט געליעבט מאדאם סאנטעללי, וואלט ער ניט געזאגט, אז ער ליעבט מיך. ווען זיין הארץ וואלט געוועזן אזוי פערנומען מיט איהר, וואלט ער מיך ניט געקענט זוכען אין דער אייגענער צייט.

דע ראנדאל

ווי וועניג איהר קענט אייער מאן! אזוינע מענער ווי אייער

מאן, ווען זיי זיינען פון ליעבע צופלאקערט, וועלכע איז ביי זיי ניט מעהר ווי א טהירישע פערלאנג — אזוינע מענער, זאג איך, ווי ער, ווערען צורייצטע חיות, ווען א פרוי, וואס זיי ליעבען, וועהרט זיך געגען זיי. זיי בענעהמען זיך דאן ווי משוגעים, מיט אויסגעשטרעקטע ארמס און ווייט־געעפענטע מיילער. זיי מוזען דאן עמיצען ליעבען, קיין אונטערשייד ווע־מען, אזוי ווי א משוגע'נער הונד מיט אויסגעשצירעטע ציינער מוז עמיצען בייסען. מאדאם סאנטעללי האט איהם משוגע געמאכט, איז ער געקומען צו אייך, דער ווילדער ברוט, מיט אויסגעשצירעטע ציינער. היט זיך פון איהם! דאס איז ניט קיין ליעבע, נור די ליידענשאפט פון א צורייצטע ברוטאלע חיה!

## מאד. דע סאלום (סארקאסטיש)

ווירקליך, איהר זייט אונגערעכט צו איהם. איך האב מורא, אז די אייפערזוכט פערבלענדעט אייך.

## דע ראנדאל

זייט זיכער, איך בין ניט פערבלענדעט. עס איז אזוי ווי איך זאג אייך.

## מאד. דע סאלום

יא, יא, איך דענק אז איהר זייט פערבלענדעט. פריהער האט מיין מאן מיך פערלאזען, ווייל איך בין איהם ניט געפעהלען געווען, היינט אבער געפעהל איך איהם. דאס איז איינפאך, דאכט זיך. נאטירליך, היינט בין איך ערגער ווי פריהער און פיר איהם איז אויך ערגער. ווייל ער וועט מוזען דענקען, אז איך בין איהם געבליבען די גאנצע צייט א געטרייע פרוי.

## דע ראנדאל

מאדעלינע!

מאד. דע סאלום

וואס?

דע ראנדאל

קען מען דען א יונגע שעהנע פרוי בעשולדיגען פאר ניט בלייבען טריי איהר מאן, ווען ער, דער מאן איהרער, וועלכער האט גע־נומען אויף זיך צו זארגען פאר איהר עקזיסטענץ, איהר ליעבע, איהר גליק, איהרע האפנונגען, האט זי בעהאנדעלט ווי אייער מאן אייך?

מאד. דע סאלום

מיר שיינט, אז איך האב אייך שוין געזאגט, אז עס זיינען דא זאכען, וועגען וועלכע עס איז בעסער נישט צו רעדען, און די פראגע וועגען מיר און מיין מאן איז איינע פון די (פונ'ם קארי־דאר הערט זיך דאס קלינגען פונ'ם גלעקעל צוויי מאל). מיין מאן קומט. איך בעט אייך, שווייגט. ער איז איצט אין א שלעכטען מוטה.

דע ראנדאל (הויבט זיך אויף)

איך וועל בעסער אוועקגעהן. איך האב איהם ניט ליעב און עס וועט מיר שווער זיין צו זיין העפליך מיט איהם, ווען איך פעראכט איהם און ווען איך וויים, אז ער דארף מיך פעראכטען, און וואלט מיך פעראכטעט, ווען ער וואלט געוואוסט אלסדינג.

מאד. דע סאלום (אונגעדולדיג)

איהר רעדט שוין ווידער וועגען דעם?... איך בעט אייך נאך א מאל... אזוי פיעל מאל שוין אייך געבעטען, איהר זאלט וועגען דעם ניט ריידען...

---

## 2טע סצענע.

**הערר דע סאלום** קומט אריין. קוקט אויס נערוועז, בעטראַכט א ווײלע זיין פרוי און דע ראנדאל, וועלכער קלײבט זיך אוועקצוגעהן

**דע ראנדאל**

אה, סאלום!

**הערר דע סאלום**

וואס מאכט איהר, ראנדאל? איך האָף אז איהר געהט ניט אוועק, ווײל איך בין געקומען.

**דע ראנדאל**

ניין, אבער פונקט צוועלף מוז איך עמיצען טרעפען אין קלוב און עס איז שוין האלב נאך עלף (זיי דריקען זיך די הענד) איהר קומט פון דער ערשטער פארשטעלונג פון „מאהאמעט"?

**הערר דע סאלום**

יא.

**דע ראנדאל**

א גרויסער ערפאלג?

**הערר דע סאלום**

אהן צווייפעל אן ערפאלג.

**דע ראנדאל** (דריקט ווידער די הענד ה. דע סאלום און מאדאם דע סאלום).

אדיע!

**הערר דע סאלום**

אדיע, מיין פריינד.

דע ראנדאל

אדיע, מאדאם.

מאד. דע סאלום

אדיע, הערר דע ראנדאל.

(דע ראנדאל אב)

---

3טע סצענע.

הערר דע סאלום (זעצט זיך אין א פאָטעל)

ראנדאל האָט דא לאַנג פערבראכט?

מאד. דע סאלום

ניין, פיליייכט א האלבע שטונדע.

הערר דע סאלום (טרוקען)

א האַלבע שטונדע צוגעלייגט צו א גאנצער שטונדע מאכט אוים א שטונדע און אַ האַלב, ניט אזוי? די צייט, קענטיג, פליהט זעהר שנעל, ווען איהר זייט מיט איהם.

מאד. דע סאלום

אַ שטונדע און אַ האַלב? וואס מיינט איהר?

הערר דע סאלום

איך מיין, וואס איך זאג. ווען איך האָב דערזעהן דעם עקיפאזש פאר דער טהיר, האָב איך א פרעג געטהאָן דעם קוטשער, ווער איז עס געקומען, האט ער מיר געענטפערט אז זשעק דע ראנדאל. „ווען איז ער געקומען?" — האָב איך איהם געפרעגט. „א זייגער

צעהן" — האט דער קוטשער געענטפערט. צוגעגעבען, אז דער קוטשער האט א טעות געהאט אין א פיערטעל שטונדע, מאכט עס אלץ אוים א שטונדע און א פיערטעל, ניט אזוי?

מאד. דע סאלום

וואס איז דאס פאר א נייעס? האב איך ניט א רעכט אויפ־צונעהמען ביי זיך אין הויז ועמען איך וויל?

הערר דע סאלום

אה, יא, יא, יא, געוויס, מיין פריינד, איהר האט א רעכט. איך וואונדער זיך נור, וואס איהר האט פערגעסען דעם אונטערשייד צווישען א האלבע שטונדע און א שטונדע און א האלב.

מאד. דע סאלום

איהר ווילט זיך קריעגען? אויב איהר ווילט זיך מיט מיר קריעגען, וועל איך שוין וויסען, וואס אייך צו ענטפערען. איהר זייט שלעכט אויפגעלעגט, געהט בעסער שלאפען און שלאפט, אויב איהר קענט.

הערר דע סאלום

קריעגען זיך מיט אייך וויל איך ניט און שלעכט אויפגעלעגט בין איך אויך ניט. איך זאג נור אז ווען איהר פערברענגט מיט דע ראנדאל, בעמערקט איהר גאר ניט, ווי די צייט פליהט.

מאד. דע סאלום

אמת, מיט איהם איז מיר פיעל אנגענעהמער צו פערברענגען ווי מיט אייך.

הערר דע סאלום

ער איז א רייצענדער יונגערמאן און איך וויים, אז ער געפעהלט אייך; און איהר, וואהרשיינליך, געפעהלט איהם נאך מעהר, ווען ער קומט צו אייך יעדען טאג.

מאד. דע סאלום

אזוינע אינסינואציעס זיינען עקעלהאפט. איך בעט אייך, רעדט קלעהרער און זאגט, וואס איהר ווילט. איהר ווילט שפיעלען די ראלע פון אן אייפערזיכטיגען מאן?

הערר דע סאלום

גאט בעהיט! איך האב צופיעל רעספעקט פאר אייך, אום אייך צו בעשולדיגען אין עפעס אזוינס. און ווידער קען איך אייך און וויים אז מען מעג זיך פערלאזען אויף אייער טאקט.

מאד. דע סאלום

שפיעלט ניט מיט ווערטער, רעדט אפען. איהר מיינט, אז דע ראנדאל קומט צו אפט אהער, אהער, אין אייער הויז?

הערר דע סאלום

איך מיין דאס ניט.

מאד. דע סאלום

איך דאנק אייך. איהר האט איינפאך קיין רעכט ניט אזוי צו מיינען. דאך, אז איהר האט שוין טענות צו מיר, וויל איך מאכען צו דעם אן ענדע איינמאל פאר אלע מאל. ווי עס שיינט, האט איהר זעהר א קורצען זכרון, איהר האט אלסדינג פערגעסען. גוט, איך וועל אייך פרובען עפעס דערמאהנען. די לעצטע צייט, איך וויים ניט פארוואס, האט איהר זיך פלוצים געענדערט צו מיר. דערמאהנט זיך אבער, וואס האט פריהער פאסירט, מיט צוויי יאהר צוריק, ווען איהר האט עפענטליך גענומען ארויסווייזען צו מיר אייער גלייכגילטיגקייט. איך האב געליטען, ווארים מען האט מיר דערצעהלט, און איך האב אויך געזעהן, אז איהר זייט פערליעבט אין מאדאם דע סורוויר. איך האב אייך דאן געזאגט, ווי מיר טהוט עס וועה, ווי בעליידיגט איך פיהל זיך. וואס האט איהר געענטפערט? וואס יעדער מאן ענטפערט א פרוי, וועלכע ער

האט אויפגעהערט צו ליעבען. איהר האט געדריקט די אקסלען, געשמייכעלט מיט אונגעדולד, געזאגט אז איך בין משוגע און מיר ערקלעהרט, אמת אין זעהר שעהנע ווערטער, איהר האט מיר געגעבען צו פערשטעהן, אז הייראט איז מעהר א געזעלשאפטליכע פעראייניגונג ווי א מאראלישע, אז מאן און פרוי מוזען ניט אונבעדינגט זיין פערליעבט איינער אין דעם אנדערען, זיי דארפען זיך נור היטען פאר אן עפענטליכען סקאנדאל. איהר האט ניט צוגעגעבען, אז איהר האט א געליעבטע, איהר האט נור זיך בעמיהט מיר קלאהר צו מאכען אייער שטאנדפונקט וועגען ליעבע. ווי סארקאסטיש איהר האט דאן גערעדט וועגען יענע נארישע פרויען, וועלכע ליידען דערפון, וואס זייערע מענער זיינען ליעבענסווירדיג מיט אנדערע פרויען, ווייל נאך אייער מיינונג איז צו זיין ליעבענסווירדיג מיט פרעמדע פרויען איינס פון די הויפט געזעצען פון דער שעהנער, אנשטענדיגער געזעלשאפט, צו וועלכע איהר בעלאנגט. איהר האט געלאכט פון יענעם־נארישען מאן, וועלכער וואגט ניט צו זאגען א קאמפלימענט א פרעמדער פרוי, ווען זיין אייגענע ווייב איז דערביי, און איהר האט חוזק געמאכט פון יענער פרוי, וואס גיט אכטונג אז איהר מאן זאל ניט האבען צו טאהן מיט פרעמדע פרויען. און דאס אלעס האט איהר געזאגט אין אזא קאמישען טאן, מיט אזוי פיעל ציניזם, דאס איך האב אייך פערשטאנען. איך האב אייך פערשטאנען און האב געוויינט, און געליטען, און דערנאך האב איך אייך געהייסען געהן. איהר האט ניט פראטעסטירט און פון יענער צייט אן האבען מיר געלעבט גאנץ בעזונדער. אזוי האבען מיר געלעבט די גאנצע צוויי יאהר, צוויי לאנגע, זעהר לאנגע יאהרען, וועלכע האבען זיך אייך אויסגעוויזען זיכער ניט מעהר ווי א האלב יאהר. צוזאמען האבען מיר בעזוכט געזעלשאפט ווי געוועהנליך, צוזאמען פערלאזען די געזעלשאפט ווי געוועהנליך און דערנאך איז יעדער פון אונז אוועק אין זיין בעזונדערען ווינקעל. איך האב געשוויגען, די גאנצע צייט

געשוויגען. פון מיין הארצען האב איך אייך ארויסגעריסען.
איצט האב איך געענדיגט, זאגט, וואס פערלאנגט איהר?

הערר דע סאלום

איך פערלאנג גאר נישט. איך וועל אייך אפילו ניט ענטפערען אויף אייער לאנגע, היציגע רעדע, מיט וועלכע איהר האט מיך בעעהרט. איך וועל אייך נור געבען א קליינע עצה, אן עצה פון א פריינד, וועגען עטוואס, וואס קען שעדיגען אייער רע־פוטאציע. איהר זייט א שעהנע פרוי, זעהר א שעהנע פרוי, און איהר זייט שטענדיג אין דער עפענטליכקייט, קען דערפאר זעהר לייכט פאסירען א סקאנדאל.

מאד. דע סאלום

ענטשולדיגט מיר. אויב איהר רעדט וועגען א סקאנדאל, מוז איך אונטערפיהרען מיט אייך מיין רעכענונג.

הערר דע סאלום

אה, איך בעט אייך, מאכט ניט דערפון קיין שפאס. איך רייד מיט אייך ווי מיט א פריינד. און דאס וואס איהר האט גע־זאגט וועגען מיר, איז שטארק איבערטריבען.

מאד. דע סאלום

ניט אויף איין האהר. איהר אליין האט זיך קיינמאל די מיה ניט געגעבען צו פערבארגען אייער גלייכגילטיגקייט צו מיר פון דער וועלט, און דאס גיט מיר א רעכט צו האנדלען אזוי ווי איהר. און, מיין פריינד, גלויבט וואס איך זאג...

הערר דע סאלום

ווארט, איין מאמענט...

מאד. דע סאלום

לאזט מיך ענדיגען. איהר זאגט אז איך בין א שעהנע פרוי, זעהר א שעהנע פרוי, און דאך האט מיך מיין מאן בעהאנ־

דעלט אזוי ווי איך וואלט געווען די העסליכסטע פרוי אויף דער וועלט. זעהר א שעהנע פרוי, און לעבען דארף איך ווי אן אלמנה. קוקט מיך אן! (הויבט זיך אויף). קען מען פון מיר פאדערען, איך זאל לעבען ווי אן אלמנה אין דער צייט, ווען מיין מאן לויפט פון איין פרוי צו דער אנדערער, פון איין מיי־דעל צו דער אנדערער? (ווערט מעהר אויפגערעגט). א געטרייע פרוי! אן אנשטענדיגע פרוי! גאט מיינער, מוז דען א געטרייע פרוי אויפאפפערען איהר לעבען, איהר גליק, איהר ליעבע, איהר יעדעם רעכט פון א מענשען, פון א פרוי? קוקט מיך אן, זעה איך דען אויס, ווי איך וואלט געבוירען געווארען צו פיהרען א לעבען פון א מאנאשקע? דער פאקט, דאכט זיך, וואס איך האב אייך געהייראט, בעווייזט, אז קיין מאנאשקע בין איך ניט. און דאך האט איהר, איהר, וועלכער האט מיך אוועקגענומען פון מיין פאטער'ס הויז, איהר האט מיך גע־ווארפען און אוועק לעבען מיט אנדערע, און נאך מיט וועלכע אנדערע! איך בין ניט איינע פון זיי, האבען בשותפות א מאן דאס וויל איך ניט. איהר זייט צו זיי אוועק, בין איך פון אייך פריי געווארען. איהר האט איצט קיין רעכט ניט מיר עצות צו געבען.

## הערר דע סאלום

מיין ליעבע, בערוהיגט זיך. איהר האט מיך אין גאנצען ניט פערשטאנען. איך האב אייך קיינמאל ניט פערדעכטיגט. איך האב פאר אייך, גלויבט מיר, דעם גרעסטען רעספעקט און מיין פריינדשאפט צו אייך ווערט מיט יעדען טאג אלץ שטאר־קער. פערענטפערען זיך אויף אייערע איבערטריבענע בע־שולדיגונגען האב איך קיין לוסט ניט. פיליכט בין איך עט־וואס צו — צו — ווי זאל איך דאס זאגען?

## מאד. דע סאלום

אח! זאגט, אז איהר זייט ערצויגען אזוי, אז איהר זייט א

קינד פון דעם עלעגאַנטען אכצעהנטען יאהרהונדערט. אה. איך וויים, אז מיט דעם פערענטפערט איהר, אלע מענער, אייערע שוואכקייטען און שטיפערייען. א, דער אכצעהנטער יאהרהונדערט מיט זיין עלעגאַנץ, מיט זיינע טרוימען, מיט זיינע ראָמאַנטישע פאנטאזיען! אבער, מיין פריינד, דאָס איז דאָך אלטערטהום געשיכטע.

הערר דע סאלום

ניין, ניין, איהר האָט מיך ווידער ניט פערשטאַנען. גלויבט מיר, מעהר ווי אלץ בין איך געוועזן אביסעל צופיעל פאריזער, צופיעל צוגעוואָהנט צו דעם פרעהליכען פאריזער נאַכט־לעבען. איך בין געוועהנט געווען צו געהן הינטער די קוליסען פון די טהעאַטערעס, צו בעזוכען פערשיעדענע קלובען, פערשיעדענע אנדערע אונטערהאלטונגען, און איהר ווייסט דאָך, א מענש קען זיך ניט מיט איינמאָל ענדערען, עס מוז נעהמען צייט. דאָס פאמיליען־לעבען פאָדערט פון אונז, מיר זאָלען זיך גלייך ענדערען מיט איינמאָל. מען דאַרף אונז געבען צייט זיך צוגעוועהנען צום נייעם לעבען, ביסלעכוויז זיך צוגעוועהנען. איהר וואָלט פאקטיש פון מיר אוועקגענומען די גאנצע פרייד פון׳ם לעבען, ווען איך זאָל זיך פיהרען אזוי ווי איהר ווילט.

מאד. דע סאלום

איך בין אייך אזוי דאנקבאר, וואָס איהר גיט מיר נאָך האָפנונג... אלזא...

הערר דע סאלום

ווירקליך, ווען א מענש וואָס האָט געלעבט אזוי ווי איך, הייראָט, איז גאַנץ נאַטירליך אז ער זאָל קוקען אויף זיין פרוי, ווי אויף א נייע געליעבטע — איך מיין צו זאָגען ווי אויף א געטרייע געליעבטע — און ערשט ווען עס איז שוין צו שפּעט באַפּט ער זיך און האָט חרטה.

מאד. דע סאלום

יא, יא, מיין פריינד, עס איז צו שפעט! ווי איך האב אייך שוין געזאגט, איך וויל געהערען זיך אליין. דריי יאהר האט מיר גענומען ביז איך האב ביי זיך גע'פועל'ט צו האבען פער־געניגען פון דער וועלט פונקט אזוי ווי איהר. איהר וואלט אזוי לאנג ניט געטראכט.

הערר דע סאלום

מאדעלינע, איך גלויב אז, אייערע וויצען זיינען דא גאנץ אי־בעריג.

מאד. דע סאלום

ווער וויצעלט זיך? איך מיין דאס גאנץ ערנסט. איהר וואלט אזוי לאנג ניט געטראכט, ווייל אלע אייערע געליעבטע זיינען, וואהרשיינליך, געווען שעהנער פון מיר.

הערר דע סאלום

איהר זייט היינט איין א שלעכטען מוטה.

מאד. דע סאלום

איך בין היינט ניט איין אן ערגערען מוט ווי אימער. איהר זייט איין אן אנדערען מוט ווי געוועהנליך.

הערר דע סאלום

אמת, איך האב זיך געענדערט.

מאד. דע סאלום

און דאס מיינט —

הערר דע סאלום

דאס מיינט, אז איך בין געווען אן אידיאט.

מאד. דע סאלום

און איצט?

הערר דע סאלום

איצט בין איך ווידער ביים קלאהרען פערשטאנד.

מאד. דע סאלום

און וואס נאך?

הערר דע סאלום

און איך ליעב ווידער מיין פרוי.

מאד. דע סאלום

איהר זייט, קענטיג, ווידער יונג געווארען.

הערר דע סאלום

וואס זאגט איהר?

מאד. דע סאלום

איך זאג, איהר זייט קענטיג ווידער יונג געווארען.

הערר דע סאלום

וואס מיינט איהר?

מאד. דע סאלום

איך וועל אייך ערקלעהרען. ווען מען איז יונג, וויל מען שטענדיג עסען, און ווען א יונגער מאן וויל עסען, עסט ער אפט אזוינע זאכען, וואס ער וואלט אין אן אנדער צייט ניט גענגעסען. איך בין די געריכט, די געריכט, וואס איהר האט ניט געוואלט עסען אין אייערע זאטע טעג, די געריכט וואס איהר וואלט היינט געוואלט עסען, ווען איהר זייט הונגעריג. (לאנגזאם). איך דאנק אייך.

הערר דע סאלום

איך האב קיינמאל ניט געקוקט אויף אייך אזוי ווי איהר דענקט. איהר טהוט מיר וועה און איך בין איינפאך ערשטוינט.

מאד. דע סאלום

דאס איז ערגער פאר אונזביידען. איך טהו אייך וועה, איהר האט חרטה. אבער וועניגסטענס וועט איהר איצט וויסען, אז איך בין ניט א פרוי, וואס זאל צופריעדען זיין מיט דער ראלע פון פערטרעטען אן אנדער פרוי.

הערר דע סאלום (הויבט זיך אויף, געהט צו צו איהר, נעהמט איהר האנד און קושט).

מאדעלינע, איך שווער דיר, אז איך ליעב דיר אויפריכטיג, מיט'ן גאנצען הארצען, אז איך וועל דיר אויביג, אויביג ליעבען.

מאד. דע סאלום (איראניש).

אזוי? און איהר מיינט טאקע וואס איהר זאגט? אבער ווער איז די פרוי, פון וועמען איהר זייט צו מיר געקומען, אייער אונבעפריעדיגטע ליעבע צו לעשען?

הערר דע סאלום

מאדעלינע, איך שווער דיר...

מאד. דע סאלום

אה, שווערט ניט אומזיסט! איך וויים, אז איהר זייט ערשט זיך צוגאנגען מיט איינע פון אייערע געליעבטע; איהר ברויכט אן אנדערע און ווען איהר האט קיין אנדערע ניט געפונען, זייט איהר צו מיר געקומען. גאנצע דריי יאהר האב איך ניט עקזיסטירט פאר אייך און איצט... איצט זייט איהר געקומען צו מיר, ניט ווי צו אייער ווייב, נור ווי צו א פרוי, וועלכע זאל פערבייטען איינע פון אייערע געליעבטע.

הערר דע סאלום

מאדעלינע, דו ביזט די פרוי, וואס איך האב ליעב, די פרוי, פון וועלכע איך טרוים. דיין בילד פערפאלגט מיך אומעטום. מיין גאנצע נשמה רייסט זיך צו דיר. צופעליג ביזטו מיין פרוי.

דעסטא ערגער, אדער דעסטא בעסער. אבער איך ליעב דער, איך ליעב דיך, מאדעלינע!

מאד. דע סאלום

איך דאנק אייך פאר אזא ליעבע. נאך מאדעמאזעל זאזא, נאך מאדעמאזעל ליליע, מאדעמאזעל טאטא, האט איהר די חוצפה פארצושלאגען אייער ווייב, מאדאם דע סאלום, זי זאל אויף א קורצע צייט פערנעהמען זייער פלאץ, זי זאל אויף א קורצע צייט זיין איהר מאן'ס געליעבטע?

הערר דע סאלום

ניין, איהר מאן'ס ווייב, איהר מאן'ס געליעבטע ווייב אויף אויביג!

מאד. דע סאלום

ענטשולדיגט מיר. איהר בעט מיך, איך זאל ווידער זיין אייער ווייב אויף אויביג? פון דעם זאלט איהר גאר ניט טראכטען; איך אליין טראכט שוין לאנג ניט פון דעם. אייער געזעצליכע געליעבטע וויל איך ניט זיין.

הערר דע סאלום (לאכט)

איך פערשטעה ניט, פארוואס זאל א פרוי ניט זיין איהר מאן'ס געליעבטע? אבער דו ביזט גערעכט. דו האסט א רעכט אזוי צו ריידען. דו ביזט פאלקאם פריי און איך אליין בין שולדיג. דאך בין איך פערליעבט אין דיר, צום צווייטען מאל אויב דו ווילסט. און איך זאג דיר, מאדעלינע, איך בעט דיר, מאדעלינע. אויב אין דיין הארצען איז קיין ליעבע ניטא פאר מיר, פיליכט וועט זיך דארט געפינען מיטלייד פאר מיר? איך ליעב דיך, מאדעלינע, איך זאג דיר, איך ליעב דיך!

מאד. דע סאלום

און איהר ווילט, איך זאל אייך צוריקגעבען די רעכטע פון א מאן?

הערר דע סאלום

איך וויל.

מאד. דע סאלום

און איהר אנערקענט, אז איך בין פריי, פאלקאם פריי?

הערר דע סאלום

איך אנערקען עס.

מאד. דע סאלום

און איהר ווילט, איך זאל זיין אייער געליעבטע?

הערר דע סאלום

איך וויל.

מאד. דע סאלום

פערשטעהט איהר וואס איך מיין מיט די ווערטער „אייער געליעבטע?"

הערר דע סאלום

יא.

מאד. דע סאלום

אלזא, גוט. איך האב שוין געהאט אזא פארשלאג פון אן אנ־דערען. מיר. קען זיין, וואלט אנגענעהמער געווען אנצונעהמען דעם פארשלאג פון דעם אנדערען, נור אזוי ווי איהר זייט פארט אמאל געווען מיר גאר א נאהענטער מענש, וועל איך אייער פארשלאג ערפילען — פאר א היבשע סומע געלד.

הערר דע סאלום

וואס מיינסטו?

מאד. דע סאלום

דאס וואס איך זאג. הערט! האלט איהר מיך אזוי שעהן ווי וועלכע ניט־איז פון אייערע געליעבטע? זייט אויפריכטיג מיט מיר!

הערר דע סאלום

טויזענד מאל שעהנער!

מאד. דע סאלום

ווירקליך?

הערר דע סאלום

איך שווער אייך.

מאד. דע סאלום

וואס, נאך שעהנער פון דער שעהנסטער?

הערר דע סאלום

טויזענד מאל שעהנער!

מאד. דע סאלום

אויב אזוי, זאגט מיר דעם אמת, וויפיעל האט אייך אבגע־קאסט די שעהנסטע פון זיי אין פערלויף פון דריי מאנאטען? ניט נור וויפיעל באארעס געלד איהר האט איהר געגעבען, נור וויפיעל האבען אבגעקאסט די דזשועלערי, וואס איהר האט איהר געקויפט, די סאפערס און די דינערס, וואס איהר האט פאר איהר געמאכט, די לאזשעס אין די טהעאטערעס און די אלע אנדערע קלייניגקייטען?

הערר דע סאלום

ווי קען איך עס וויסען?

מאד. דע סאלום

איהר האָט עס געדאַרפט וויסען. קומט, מיר וועלען פּרובען עס בערעכענען. האט איהר געגעבען איהר א סומע געלד מיט אמאָל, אדער איהר האָט געצאהלט פאר יעדע זאך בעזונדער? אבער קענענדיג אייך, ווייס איך, אז איהר וועט זיך ניט וועלען דרעהען א קאָפּ מיט יעדער זאך בעזונדער, האט איהר אלזא געגעבען איהר א געוויסע סומע געלד מיט אמאָל.

הערר דע סאלום

מאדעלינע, גענוג, איך פערליר די געדולד.

מאד. דע סאלום

ווארט, האָלט איין אייער געדולד און הערט זיך בעסער צו. ווען איך בין אייך מיאוס געווארען, האט איהר אוועקגענומען דריי פערד פון שטאַהל, איין פערד, וואס האט געהערט צו מיר און צוויי צו אייך. דערנאָך האט איהר אוועקגענומען א קו־טשער און א לאקעי: איהר האט געוואָלט איך זאָל זיין מעהר עקאָנאָמיש אין דער היים, אום איהר זאָלט קענען מעהר אויס־געבען אין די האָטעלען.

הערר דע סאלום

דאָס איז ניט אמת.

מאד. דע סאלום

אה, יאָ, עס איז אמת! בעסער לייקענט ניט, ווייל ביי מיר איז פערשריבען יעדער פאקט. איהר האָט מיך אויך אויפגעהערט צו געבען דזשולערי, ווייל, נאַטירליך, איהר האָט געדאַרפט אנדערע אויערען, אנדערע פינגער און אנדערע בריסט און העלזער פּוצען. איהר האָט ביי מיך אויך אוועקגענומען איין נאכט אין דער אָפּערא. דאָס אלעס, לויט מיין רעכנונג, דאַרף אויסמאכען אין געלד ארום פֿינף טויזענד פראנק א מאָ־נאָט. ניט אזוי?

הערר דע סאלום

פיליכט אזוי, אבער דו ביזט משוגע.

מאד. דע סאלום

אבער זייט זיך מודה. האט די טהייערסטע פון אייערע גע־ליעבטע אייך אבגעקאסט א פינף טויזענד פראנק א מא־נאט?

הערר דע סאלום

משוגע. משוגע. דו ביזט משוגע!

מאד. דע סאלום

ווען איהר וועט צו מיר אזוי ריידען. וועל איך אייך זאגען גוט נאכט. (זי הויבט זיך אויף און מאכט א בעוועגונג ווי אוועק־צוגעהן, אבער הערר דע סאלום האלט זי צוריק).

הערר דע סאלום

ווארט. ווארט. מאדעלינע. גענוג דיר צו שפאסען.

מאד. דע סאלום (ענטשלאָסען)

פינף טויזענד פראנק? זאגט מיר. האט זי אייך אבגעקאסט פינף טויזענד פראנק?

הערר דע סאלום (ציהט די אקסלען)

נו, יא. אונגעפעהר אזוי פיעל.

מאד. דע סאלום (קוקט איהם אריין גלייך אין פנים).

אזוי! אזוי! טא הערט־זשע. אויב איהר וועט מיר גלייך גע־בען פינף טויזענד פראנק, וועט איהר קענען זיין מיין מאן א מאנאט צייט, אבער ניט מעהר ווי א מאנאט.

הערר דע סאלום

דו ביזט פון'ם זינען ארונטער!

מאד. דע סאלום

גוט נאכט!

הערר דע סאלום

וואס פאר א נארישע קאמעדיע! מאדעלינע,ווארט, זאלען מיר ריידען ערנסט.

מאד. דע סאלום

וועגען וואס?

הערר דע סאלום

וועגען — וועגען — וועגען — טייפעל! וועגען מיין ליעבע צו דיר.

מאד. דע סאלום

אבער ווי אזוי קען מען ערנסט ריידען וועגען א פראגע, וואס איז אזוי ניט ערנסט?

הערר דע סאלום

איך מיין ערנסט, מאדעלינע, איך שווער דיר!

מאד. דע סאלום

היפאקריט! איז'ם האלז איז מיר טרוקען געווארען פון אזוי פיעל ארויסגעווארפענע רייד! (געהט צו צום שיפאניער, וואו עס שטעהען פערשיעדענע פלעשער מיט ווייגען און ליקערס, גיסט זיך אן א גלאז וואסער. ווען זי הויבט אן צו טרינקען, גנב'עט ער זיך צו צו איהר פון הינטען און טהוט איהר א קוש אין נאקען. זי טהוט זיך א כאפ און שטייסט איהם די גלאז וואסער אין פנים אריין).

הערר דע סאלום

דאס איז ביי דיר אויך א שפאס?

מאד. דע סאלום

ניט קיין ערגערער שפאס ווי אייער קוש.

הערר דע סאלום

מאדעלינע, איך בעט...

מאד. דע סאלום

פינף טויזענד פראנק.

הערר דע סאלום

דאס אבער וואלט דאך געווען אזוי נאריש, אזוי לעכערליך!

מאד. דע סאלום

ווארום?

הערר דע סאלום

א מאן זאל בעצאהלען זיין פרוי, זיין געזעצליכע פרוי, ווען ער האט א רעכט?

מאד. דע סאלום

אה, ניין, ניין, ניין. איהר קענט האבען די קראפט, אבער איך קען האבען מיין ראכע.

הערר דע סאלום

מאדעלינע —

מאד. דע סאלום

פינף טויזענד פראנק.

הערר דע סאלום

ווען איך זאל דיר בעצאהלען, מיין אייגענער ווייב, וועל איך זיך דאך מאכען לעכערליך: מען וועט דאך פון מיר מעגען לאכען אין די הויפענס; מען וואלט דאך מיך געהאלטען פאר אן אידיאט.

מאד. דע סאלום

ווארום האלט מען אייך ניט פאר אן אידיאט, ווען איהר האט אזא פרוי ווי איך, געהט איהר צו אנדערע און בעצאהלט זיי ?

העררר דע סאלום

מאדעלינע, נו גוט, איך גיב צו, איך בין אונגערעכט. אבער איצט זיינען מיר מאן און פרוי, און דו דארפסט מיך ניט רואי־נירען.

מאד. דע סאלום

ווען איהר האט פערשווענדעט אייער פערמעגען, וואס האט טהיילווייז געהערט אויך צו מיר, אייער פרוי, אויף פרעמדע פרויען, האט איהר בענאנגען א פערברעכען, ווייל איהר האט רואינירט מיך מיט אייך צוזאמען. רואינירט ! איך געברויך אייער ווארט, איך וויל אייך ניט רואינירען. די פינף טויזענד פראנק וועל איך אויסגעבען אויף אייער הויז. איהר מוזט דאך צוגעבען, אז עס איז בעסער, עקאנאמישער, ווען פינף טויזענד פראנק ווערט אויסגעגעבען אין דער אייגענער הויז, ווי פערשוועגדעט אין א פרעמדער. אבער אין קען אייך, איך וויים, אז דאס וואס איז גלייך און רעכט, האט פאר אייך קיין ווערטה נישט ; דערפאר רעכען איך, אז ווען איהר וועט בע־צאהלען טהייער, זעהר טהייער — עס איז נאך מעגליך, אז שפעטער וועל איך העכערען דעם פרייז — קורץ, ווען איהר וועט בעצאהלען טהייער פאר דאס, וואס איהר האט געקענט האבען גאנץ ביליג, ווען איהר וואלט געווען אן אנשטענדיגער מאן, וועט דאס מעהר ווערטה האבען ביי אייך, עס וועט אייך זיין ט ה י י ע ר ע ר. (שמייכעלט). גוט נאכט, איך געה שלאפען.

הערר דע סאלום (בייז).

איהר ווילט באארעם געלד, אדער א טשעק ?

מאד. דע סאלום (מיט שפאס).
בעסער באארעס געלד.

**הערר דע סאלום**

איך האב נור דריי טויזענד פראנק. פאר דאס איבעריגע וועל איך אייך געבען א טשעק. (שרייבט אן א טשעק און דערלאנגט איהר).

מאד. דע סאלום (נעהמט דעם טשעק, קוקט אן הערר דע סאלום אויפגערעגט און זאגט מיט ענטריסטונג אין'ם קול).
פונקט אזוי ווי איך האב מיר אייך פארגעשטעלט! ניט בעסער אויף איין האהר זיים איהר. ווי איך האב אייך מיר פארגעשטעלט! נאכדעם ווי איהר האט געצאהלט אלע יענע געפאלענע פרויען, וואס האנדלען מיט זייערע קערפערס, האט איהר איינגעוויליגט צו צאהלען מיר אויך, ווי איינע פון זיי און איהר האט גאר ניט געפיהלט קיין אונטערשיעד צווישען מיר, א י י ע ר ו ו י י ב און זיי! איהר האט גאר ניט געפיהלט, ווי טיעף איהר בעליידיגט מיך מיט דעם, וואס איהר שטעלט מיך אוועק אין איין רייהע מיט זיי?! איהר האט מיך געקויפט, הא? ווי יענע, הא? איהר האט אבער א טעות. אזוי וועט איהר אייער ווייב קיינמאל ניט צוריקקריגען! אדיע, מיין הערר! (טהוט איהם א שמיץ דאס געלד אין פנים אריין און אב מיט א מינע פון דער טיעפסטער פעראכטונג).

---

# צווייטער אקט

## ערשטע סצענע

**מאדאם דע סאלום איז אליין אין איהר סאלאָן, ווי אין דעם ערשטען אקט. זי שרייבט, זי אונטערברעכט דאָס שרייבען און קוקט אויפ׳ן זייגער. א דיענער קומט אריין און מעלדעט דע ראנדאל׳ן.**

**זשעק דע ראנדאל קומט אריין, קושט מאדאם דע סאלום׳ס האַנד.**

דע ראנדאל

איך האָף, אז איהר פיהלט גוט, מאדאם.

מאד. דע סאלום

אה, יאָ, איך דאנק אייך. (דיענער אָב).

דע ראנדאל

וואָס האָט פאסירט? אייער בריעף האָט מיך צוטומעלט. איך האָב געמיינט, אז עפּעס אן אונגליק האָט פאסירט, און איך בין גלייך געקומען.

מאד. דע סאלום (עסט זיך איין מיט די אויגען אין זיין פנים).

מיין ליעבער זשעק, מיר מוזען גלייך עפּעס בעשליסען. איצט איז די צייט פאר דעם געקומען.

דע ראנדאל (פערוואונדערט).

וואס מיינט איהר?

מאד. דע סאלום

איך קען עס שוין מעהר ניט אריבערטראגען!

דע ראנדאל

וואס האט פאסירט?

מאד. דע סאלום

איך וועל אייך דערצעהלען, אבער איך וואלט דערביי געוואלט זיין רוהיג און איינגעהאלטען, אניט וועט איהר נאך מיינען, אז איך בין פון'ם זינען ארונטער. דערפאר האב איך אייך גע־רופען.

דע ראנדאל

איהר ווייסט דאך, אז פאר אייך וועל איך אלסדינג טהאן. איהר זאגט נור, וואס איך זאל פאר אייך טהאן.

מאד. דע סאלום

איך קען לענגער ניט וואהנען נעבען איהם. עס איז אונמעג־ליך. עס איז א שטענדיגע אבקומעניש.

דע ראנדאל

נעבען אייער מאן?

מאד. דע סאלום

יא, נעבען מיין מאן.

דע ראנדאל

וואס האט ער געטהאן?

מאד. דע סאלום

דעם לעצטען אבענד, באלד ווי איהר זייט אוועק, האט ער מיר א סצענע געמאכט.

דע ראנדאל

צוליעב מיר?

מאד. דע סאלום

יא, א סצענע, וועלכע האט קלאהר בעוויזען, אז ער היט אונז.

דע ראנדאל

ווי?

מאד. דע סאלום

ער האט אויסגעפרעגט אייער קוטשער.

דע ראנדאל

דאס אלעס?

מאד. דע סאלום

דאס אלעס. דאס אבער איז ניט אזוי וויכטיג. אבער שפע־טער האט ער זיך אין ליעבע ערקלעהרט. פיליייכט בין איך געווען צו איהם אביסעלע צו הארט, פיליייכט האב איך איהם אביסעלע צופיעל בעליידיגט. אבער איך בין געווען אין אזא לאגע, דאס איך האב געוואגט אויף אלעס, אום זיך פון איהם צו בעפרייען.

דע ראנדאל

וואס האט איהר געטהאן?

מאד. דע סאלום

איך האב זיך בעמיהט איהם אזוי טיעף צו פערוואונדען, דאס ער זאל מעהר קיינמאל אפילו ניט וועלען טראכטען פון מיר.

דע ראנדאל

און קיין ערפאלג, מסתמא, האט איהר ניט געהאט?

מאד. דע סאלום

ניין.

דע ראנדאל

געווים ניט. אזא טאקטיק האט קיינמאל ניט קיין ערפאלג פערקעהרט, אזא טאקטיק פיהרט אפט דערצו, אז מען ווערט גוטע פריינד.

מאד. דע סאלום

אויף מארגען, ביים ברעקפעסט, איז ער געווען צוטראגען און אומעטיג. דערנאך, אז ער האט זיך אויפגעהויבען פונ׳ם טיש, האט ער געזאגט: „איך האב ניט פערגעסען ווי איהר האט זיך נעכטען בענומען און איך וועל דאס ניט פערגעסען. איהר ווילט קריעג, זאל זיין קריעג: אבער איך ווארן אייך, אז איך וועל אייך בעזיעגען, ווייל איך בין אייער בעל הבית״. איך האב איהם געענטפערט: „זאל זיין אזוי. אבער געדענקט, צופיעל זאלט איהר ניט ארויסווייזען מיר, אז איהר זייט מיין בעל הבית, ווארים איהר ווייסט ניט וואס א פערצווייפעלטע פרוי קען אמאל טהאן״.

דע ראנדאל

בעזונדערס ווען די פערצווייפעלטע פרוי איז דאס אייגענע ווייב. און וואס האט ער געענטפערט?

מאד. דע סאלום

ער האט מיט ווערטער ניט געענטפערט; נור ער האט מיך בע־האנדעלט ברוטאל.

דע ראנדאל

ער האט אייך דען געשלאגען?

מאד. דע סאלום

יא און ניין. ער האט מיך געדריקט און געשטיקט, ער האט

מיר שיער ניט דערוואַרגען. צייכענס האָט ער מיר אויף די
אָרעמס געמאַכט, אָבער ער האָט מיך ניט געשלאָגען.

דע ראנדאל

און דערנאָך וואָס האָט ער געטהאָן?

מאַד. דע סאלום

ער האָט מיך געהאַלזט און געקושט, געזוכט מיך צו בעזיעגען.

דע ראנדאל

דאָס אַלעס?

מאַד. דע סאלום

איז דאָס ניט גענוג? וואָס מיינט איהר מיט אייער „דאָס
אַלעס?"

דע ראנדאל

איהר פערשטעהט מיך ניט. איך וויל נור וויסען, אויב ער
האָט אייך געשלאָגען.

מאַד. דע סאלום

אָה, ניין, דאָס וועט ער ניט טהאָן. אָבער גליקליכערוויינזע
האָב איך געקענט אַנקלינגען.

דע ראנדאל

איהר האָט אַנגעקלונגען?

מאַד. דע סאלום

יאָ.

דע ראנדאל (מיט אַ שמייכעל).

און ווען דער דיענער איז געקומען, האָט איהר איהם בעפוילען
צו ווייזען אייער מאַן די טהיר?

מאד. דע סאלום (אויפגערעגט).

ווי עס שיינט איז עס ביי אייך א שפּאס?

דע ראנדאל

אה, ניין, מיין פריינד, דאס אלעס טהוט מיר זעהר וועה, אבער איך קען מיר ניט העלפען, די קאמישע לאגע ווארפט זיך אזוי אין די אויגען. אבער ענטשולדיגט מיר, און דערנאך, וואס איז דערנאך געוועזן?

מאד. דע סאלום

איך האב זשאזעפ'ן געהייסען דעם עקיפּאזש שפּאנען. און ווען ער איז ארויס, האט מיין מאן מיר געזאגט מיט זיין שטאלצער מינע, וועלכע איהר קענט אזוי גוט ווי איך: „היינט אדער מארגען, איך וועל אייך שוין בעזיעגען!"

דע ראנדאל

און...

מאד. דע סאלום

דאס איז כמעט אלעס.

דע ראנדאל

כמעט?

מאד. דע סאלום

יא, וויל זייט דאן, אז איך דערהער איהם קומען, פערשליס איך זיך אין מיין צימער.

דע ראנדאל

זייט דאן האט איהר איהם ניט געזעהן?

מאד. דע סאלום

אה, יא, איינינע מאל, אבער נור עטליכע מינוטען יעדעס מאל.

דע ראנדאל

רעדט ער מיט אייך?

מאד. דע סאלום

ווייניג. אדער ער קעהרט דעם קאפ פון מיר, אניט פרעגט ער, צו איך בין נאך אלץ ווילד. נעכטען ביי נאכט ברענגט ער א בוך צום טיש און נעהמט איהם ביים עסען לעזען. רוף איך זיך צו צו איהם: „וואו האט איהר זיך אויסגעלערענט אט די שעהנע מאנערען, צו לעזען גראד ווען איך זיץ מיט אייך ביים טיש?". טהוט ער א שמייכעל און ענטפערט: „אייער איי־גענע שולד. איהר אליין ווילט מיט מיר ניט פערברענגען. פערברענג איך מיט'ן בוך. דאס איז א ציוויל קארעקס. א געזעץ־בוך. פיליכט ווילט איהר זיך בעקענען מיט מאנכע פאראגראפען אין איהם, עס וואלט אייך צוניץ געקומען". דערנאך האט ער מיר פארגעלעזען דאס געזעץ וועגען הייראט, וועגען די פפליכטען פון א פרוי, און וועגען די רעכטע פון א מאן. דאן האט ער מיר א קוק געטהאן אין פנים אריין און געפרעגט, אויב איך האב פערשטאנען. איך האב איהם געענט־פערט אין טאן, אז איך פערשטעה זעהר גוט, וואס פאר א סארט מענש איז דער מאן, וועלכען איך האב געהייראט. דאן בין איך ארויס און זייט דאן האב איך איהם מעהר ניט גע־זעהן.

דע ראנדאל

היינט האט איהר איהם ניט געזעהן?

מאד. דע סאלום

ניין. ער האט גענעסען ברעקפעסט אליין. איך האב בעשלא־סען אין גאנצען איהם אויסצומיידען.

דע ראנדאל

פיליכט פערהאלט ער זיך אזוי גראב, וויל ער איז אויפגע־

רעגט, ווייל ער פיהלט זיך בעליידיגט? מעגליך, אז שפּעטער וועט ער זיך פערהאַלטען בעסער. היינט ביי נאכט איז ער אין דער אָפּערא. מאדאם סאנטעללי האט גרויסען ערפאָלג אין „מאַהאָמעט" און מיר שיינט אז זי האָט איהם איינגעלאַדען צו א סאפּער נאָך דער פאַרשטעלונג. אויב דער סאפּער וועט איהם גוט שמעקען, וועט ער היינט אהיים קומען אין א פרעה־ליכען מוט.

מאד. דע סאלום

אה, ווי שענדליך דאס איז. איך בין אין דער גוואלט פון דעם דאַזיגען מאַן נאָך מעהר ווי זיין לאַקעי, נאָך מעהר ווי זיין הונט. דער קאַדעקס, אייער באַרבאַרישער קאַדעקס, גיט מיך אין גאַנצען איבער אין זיינע הענד, ער האָט א רעכט אַלסדינג צו טהאָן מיט מיר, אלסדינג אויסער מיך טויטען. קענט איהר דאס פערשטעהן? קענט איהר בעגרייפען די שרעקליכע לאַגע מיינע? שטעלט זיך פאַר, אויסער ערמאָרדען מיך, קען ער אַלסדינג טהאָן מיט מיר, אלסדינג. ער האָט די מאַכט, ניט נור די פיזישע, נור די געזעצליכע אויך, צו צווינגען מיך צו טהאָן דאס, וואָס ער פערלאַנגט. און איך האָב ניט די מינדסטע מעגליכקייט צו אַנטלויפען פון א מאַן, וועלכען איך פעראַכט און האַס. און דעם דאַזיגען געזעץ האָבען די מענער געשאַפען! ער האָט מיך אוועקגעריסען פון מיין פאָטער'ס הויז, געהייראַט מיך און פערלאָזען. האָב איך, דאכט זיך, א מאָראַלישע רעכט, ניט צו וועלען איהם קענען. און דאָך, טראָץ דעם וואָס איך האס איהם אזוי, טראָץ דעם וואָס ער האָט מיך אזוי שענדליך בעטראַגען, איז געלאָפּען פון איין פרוי צו דער אנדערער, האָט געטראָטען מיינע געפיהלען, האָט ער א רעכט, אַזא מאַן, אויף מיין קערפּער און נשמה. איך אַליין האָב גאָר קיין רעכט ניט אויף זיך. איך האָב קיין רעכט אויף דעם שליסעל פון מיין טהיר. אלסדינג בעלאַנגט צו איהם, דער שליסעל, די טהיר און זאָגאר דער קערפּער פון דער פרוי, וואָס האַסט איהם אזוי!

דאס איז ווילד! קענט איהר זיך פֿארשטעלען א שרעקליכערע לאגע? אז א פרוי זאל ניט האבען קיין רעכט אויף זיך אליין, זאל אפילו ניט האבען דאס הייליגע רעכט צו בעשיצען איהר פערזאן פון שמוץ און שאנדע? און דאס איז נור דערפאר, ווייל איהר, מענער, האט אזא געזעץ געוואלט האבען!

דע ראנדאל (וויינט).

ליעבע מאדעלינע, איך פערשטעהע גאנץ גוט, ווי טיעף איהר מוזט ליידען, אבער ווי קען איך אייך העלפען? קיין ריכטער קען אייך בעשיצען, קיין געזעץ קען אייך איין דעם העלפען.

מאד. דע סאלום

איך וויים עס. אבער ווען איהר האט ניט קיין פֿאטער און ניט קיין מוטער, וואס זאלען אייך קענען העלפען, ווען דאס געזעץ איז געגען אייך, און איהר ווילט זיך דאך בעפרייען פון דער שענדליכער ערניעדערונג, צו וועלכער מען וויל אייך צווינגען, דאן בלייבט אייך איין אויסוועג....

דע ראנדאל

וואס?

מאד. דע סאלום

אנטלויפען.

דע ראנדאל

איהר מיינט....

מאד. דע סאלום

אנטלויפען.

דע ראנדאל

אליין?

מאד. דע סאלום

ניין, מיט אייך!

דע ראנדאל

מיט מיר! וואס פאלט אייך איין?

מאד. דע סאלום

דאן וועט דער עפענטליכער סקאנדאל איהם צווינגען זיך צו שעהמען מיט מיר, ניט צו וועלען מיך מעהר קענען. איצט האב איך מוטה פאר דעם. אויב ער וויל מיך צווינגען צו אונאנשטענדיגקייט, זאל די אונאנשטענדיגקייט ארויסקומען עפענטליך, זאל ער זי אויך פיהלען!

דע ראנדאל

אה, מיין פריינד,איהר זייט איצט אין אזא אויפגערעגטען צושטאנד, אין וועלכען איהר קענט בעגעהן אן אונפערצייהליכען פעהלער. בערוהיגט זיך, בערוהיגט זיך!

מאד. דע סאלום

בעסער וועל איך בעגעהן אזא פעהלער, איידער צו בלייבען מיט איהם און וועהרען זיך געגען זיין שענדליכע פארערונג.

דע ראנדאל

מאדעלינע, הערט מיך אויס. איהר זייט אין א שרעקליכער לאגע, אבער אום גאטעס ווילען, מאכט ניט אייער לאגע פאר נאך ערגער. בערוהיגט זיך, איך בעט אייך.

מאד. דע סאלום

נו, וואס איז אייער עצה?

דע ראנדאל

איך ווייס ניט, מיר וועלען זעהן. אבער איך וויל ניט, איך טאר

אייך ניט ראטהען צו בעגעהן אזא סקאנדאל, וואס וועט אייך זיכער אויסשליסען פון דער געזעלשאפט.

מאד. דע סאלום

יא, עס איז דא נאך א געזעץ, א ניט געשריבענער געזעץ, וועלכער ערלויבט צו האבען אין געהיים ליעבהאבער (סאר־קאסטיש), ווייל דאס סקאנדאליזירט ניט די שעהנע געזעל־שאפט.

דע ראנדאל

דאס איז ניט די פראגע. די הויפט פראגע איז, ווי אזוי איהר זאלט ניט בעגעהן א צו גרויסען פעהלער אין אייער קריעג מיט אייער מאן. איהר האט בעשלאסען איהם צו פערלאזען?

מאד. דע סאלום

יא.

דע ראנדאל

איהר מיינט אויף אימער?

מאד. דע סאלום

אויף אימער.

דע ראנדאל

מוזט איהר האנדלען פארזיכטיג, אויסגערעכענט. איהר מוזט היטען אייער רעפוטאציאן און אייער נאמען. מאכט ניט קיין סקאנדאל אוןווארט, ביז עס וועט זיך אייך מאכען די ריכטיגע געלעגענהייט.

מאד. דע סאלום (מיט איראניע).

זאל איך זיך בעמיהען איהם צו געפעהלען, ווען ער וועט קו־מען, און ערפילען זיין פערלאנג?

דע ראנדאל

מאדעלינע, איך רייד מיט אייך ווי א פריינד.

מאד. דע סאלום (ביטער)

ווי א פריינד?

דע ראנדאל

ווי א פריינד, וואס ליעבט אייך צו שטארק און האלט פאר זיין פפליכט צוווארנען אייך געגען א פאלשען שריט.

מאד. דע סאלום

און וועלכער ליעבט מיך אזוי, דאס ער ראטהעט מיך, איך זאל פערבלייבען מיט א מאן, וועלכען איך פעראכט.

דע ראנדאל

איך! קיינמאל ניט. קריעגט נור ארויס א גט און דערנאך ווען איהר וועט מיר נאך ליעבען, וועלען מיר הייראטען.

מאד. דע סאלום

אה, יא, יא, ביז איך וועל דעם גט ארויסקריגען, וועט א צוויי יאהר געדויערען און איהר וועט מיך אלץ ליעבען. ווי גע־דולדיג אייער ליעבע איז!

דע ראנדאל

נו, שטעלט זיך פאר, איך וואלט אייך אוועקגענומען פון דאנען, וואלט ער מארגען אייך געצוואונגען צו געהן צוריק; וואלט אייך פערשלאסען אין זיין הויז און קיין גט וואלט ער אויך קיינמאל ניט געגעבען, אזוי אבער וועט איהר זיך גט'ן...

מאד. דע סאלום

איהר מיינט אז אייער הויז איז דער איינציגער פלאץ, וואו צו בעהאלטען זיך? איך רעכען, אז איך וואלט זיך געקענט

בעהאלטען אזוי דאס ער זאל גאר ניט וויסען וואו איך בין אהינגעקומען.

דע ראנדאל

יא. איהר וואלט זיך געקענט בעהאלטען אונטער א פרעמדען נאמען: אבער איהר וואלט דאן אייער לעבען לאנג געמוזט וואהנען ערגעץ אין דער פרעמד. אין פערלויף פון דריי מאנאטען וואלט איהר מיך דאן אנגעפאנגען צו האסען. ניין, דאס קען איך ניט דערלאזען.

מאד. דע סאלום

איך האב געדענקט אז איהר ליעבט מיך אזוי, דאס איהר וואלט צופריעדען געווען צו לויפען מיט מיר אפילו אין פייער. עס שיינט, אז איך האב א טעות געהאט. אדיע!

דע ראנדאל

מאדעלינע, הערט אויס, אום גאטעס ווילען...

מאד. דע סאלום

זשעק, אדער איהר נעהמט מיך אוועק פון דאנען, אדער איהר פערלאזט מיך — איינס פון דיביידע!

דע ראנדאל

מאדעלינע, איך בעט אייך!

מאד. דע סאלום

אדיע! (הייבט זיך אויף און געהט צו דער טיהר)

דע ראנדאל

מאדעלינע, איך בעט אייך נאך אמאל, הערט מיך אויס!

מאד. דע סאלום

ניין, ניין, אדיע! (דע ראנדעל כאפט זי אן ביי די ארמס, זי

רייסט זיך ארוים מיט כעס) לאזט מיך! ריהרט מיך ניט אן. אדער איך וועל אימיצען אריינרופען!

דע ראנדאל

רופט אריין, אויב איהר ווילט, אבער הערט מיך אוים. איך וויל ניט, איהר זאלט מיר אמאל פארווירפען מאכען, ווארום איך האב אייך דערלאזען צו אזא אונזיניגען שריט. ווען איך זאל מיט אייך אנטלויפען, וואלט איהר מיר קיינמאל ניט מוחל געווען, ווייל גאר אין א קורצער צייט וואלט איהר חרטה געהאט אויף דעם, וואס איהר האט געטהאן אין אן אויפגערעגטען צושטאנד.

מאד. דע סאלום

לאזט מיך! איך פעראכטע אייך! לאזט מיך!

דע ראנדאל

אלזא גוט, איהר ווילט אנטלויפען? פון מיינטוועגען, זאלען מיר אנטלויפען.

מאד. דע סאלום

אה, ניין, איצט ניט. איך קען אייך איצט. עס איז צו שפעט, לאזט מיך!

דע ראנדאל

איך האב געטהאן דאס, וואס איך האב געדארפט טהאן, איך האב געזאגט דאס, וואס איך האב געדארפט זאגען, פאלגליך, איז בין מעהר ניט פעראנטווארטליך פיר אייערע האנדלונגען און איהר וועט שפעטער קיין רעכט האבען מיר פארווירפען צו מאכען. אלזא, איצט בין איך בערייט צו געהן מיט אייך וואוהין איהר ווילט.

מאד. דע סאלום

אה, נייז, עס איז צו שפעט, און אז עמיצער זאל זיך אויפ־אפפערען פאר מיר וויל איך ניט.

דע ראנדאל

דא איז ניט א פראגע פון אפפערען זיך. קיין גרעסערער וואונש, ווי צו אנטלויפען מיט אייך, האב איך קיינמאל ניט געהאט.

מאד. דע סאלום (קוקט איהם אן פערוואונדערט).

איהר זייט משוגע.

דע ראנדאל

זאל זיין אז איך בין משוגע. אבער דאס איז דערפאר ווייל איך ליעב אייך אזוי.

הערר דע סאלום

וואס מיינט איהר?

דע ראנדאל

איך מיין, וואס איך זאג. איך ליעב אייך, דאס אלעס. לאמיר אנטלויפען.

מאד. דע סאלום

איהר זייט מיט אמאל א העלד געווארען.

דע ראנדאל

וועט איהר אמאל מיך פערשטעהן? הערט מיך אויס. ווען איך האב אייך פריהער אבגערעדט פון דעם, האב איך נור מיין פפליכט ערפילט. איך האב אייך געמוזטווארנען געגען דעם. א פרוי וואס איז פערלאזען און דאך פערהייראט, וואס איז מאראליש פריי און דאך פערשקלאפט — אזא פרוי, ווי איהר, ריזיקירט מיט אלעס, ווען זי זאל ענטשלאסען האנדלען.

און ווייל זי איז בערייט אלעס אויפצוגעבען, אלעס אויפצור אפפערען: איהר הארץ, איהר קערפער, איהר נשמה, איהר נאמען, איהר לעבען און ווייל זי רעכענט זיך ניט מיט די אלע געפאהרען און אונגליקען, וואס קען זי שפעטער טרעפען, זייענדיג געזעצליך די שקלאפין פון איהר מאן, וועלכער קען מיט איהר טהאן, וואס ער וויל, זייענדיג אונטערוואָרפען די מאראל פון דער געזעלשאפט, וועלכע וועט זי דערנאך פערשטויסען פון זיך! — ווייל, זאָג איך, דאס איז אזוי, איז די פפליכט פון דעם מאן, וואס ליעבט זי, צו בעשיצען זי געגען דעם אלעס. איך האב דאס געטהאן, ווייל איך האב נור געמיינט אייך צו בעשיצען. פריהער האט די פפליכט אין מיר גערעדט. איצט אבער רעדט נור די ליעבע. מאדעלינע, זאגט וואס איך זאל טהאן, איך וועל אייך פאלגען.

מאד. דע סאלום

דאס איז אלעס אזוי שעהן געזאגט. מיינט איהר עס אבער אויך?

דע ראנדאל

איך שווער אייך!

מאד. דע סאלום

איהר ווילט אנטלויפען מיט מיר?

דע ראנדאל

יא.

מאד. דע סאלום

מיט'ן גאנצען הארצען ווילט איהר עס?

דע ראנדאל

מיט'ן גאנצען הארצען.

מאד. דע סאלום

הײנט?

דע ראנדאל

װען איהר װילט.

מאד. דע סאלום

איצט איז א פיערטעל צו אכט. מײן מאן װעט באלד אריינקו־
מען, װײל פונקט אכט עסען מיר. ארום האלב צעהן אדער
צעהן בין איך פרײ.

דע ראנדאל

װאו זאל איך אויף אײך װארטען?

מאד. דע סאלום

אויפ'ן עק גאס אין אן עקיפאזש. (דאס קלינגען פון'ם גלעקעל
דערהערט זיך) ער קומט און איך האף, אז איך װעל איהם הײנט
זעהן צום לעצטען מאל.

הערר דע סאלום (קומט אריין, צו דע ראנדאל, װעלכער האט זיך
אויפגעהויבען און װיל אװעקגעהן).
איהר געהט שוין? מערקווירדיג, װי נור איך קום, אנטלויפט
איהר.

דע ראנדאל

נײן, נײן, מײן פריינד, איך אנטלויף ניט, װײל איהר זײט
אריינגעקומען, נור װײל איך מוז געהן.

הערר דע סאלום

דאס זאג איך דאך. װי נור איך קום אריין, מוזט איהר געהן.
נאטירליך, איך װײס, אז א מאן איז ניט אזוי אינטערעסאנט
װי זײן פרוי, אבער, װעניגסטענס, װאלט איהר כאטש גע־
פרובט מיר מאכען א פריינדליכע מינע. (לאכט)

דע ראנדאל

מיין פריינד, איהר ווייסט דאך, אז איך זעה אייך גערן. און אז איהר וואלט ניט געהאט די געוועהנהייט אנצוקלינגען, ווען איהר קומט אין אייער אייגענער הויז, וואלט איך קיינמאל ניט אוועק באלד, ווי נור איהר קומט אריין.

הערר דע סאלום

וואס מיינט איהר? איז עס אוננאטירליך, ווען מען קלינגט אן?

דע ראנדאל

אה, יא, אבער דאס קלינגען פון'ם טיהר־גלעקעל לאזט מיך אימער פיהלען, אז איך מוז אוועקגעהן.

הערר דע סאלום

איך פערשטעה אייך ניט.

דע ראנדאל

גאנץ איינפאך. ווען איך בעזוך מענשען, וואס איך האב גערן אזוינע ווי מאדאם דע סאלום און איהר, וויל איך דארט ניט טרעפען די פאריזער און פאריזערינס, וואס טרייבען רכילות און נודען אין דער וועלט אריין. איך קען זיי צו גוט און איך מייד זיי אויס, ווי ווייט איך קען. טרעף איך עמיצען פון זיי אין א הויז, פערשילט איך זיך די יאהרען. זייערע רכילות און זייער נארישער נודען וועגען די לעצטע קאמעדיע אינ'ם טהעאטער, וועגען דעם לעצטען ראמאן, וואס איז ערשינען, וועגען דעם לעצטען סקאנדאל, שלאגט מיר צום הארצען ביז צו חלשות. דערפאר ווען איך דערהער דאס קלינגען פון'ם טהיר־גלאק, ווייזט זיך מיר אויס אימער, אז אימיצער פון די דאזיגע נודניקעס געהן, און גלייך גרייט איך זיך צו אנט־לויפען. פערשטעהט איהר שוין איצט ווארום, ווען איהר קומט אריין, טרעפט איהר מיך אימער גרייט צו אנטלויפען?

איך אנטלויף ניט פון אייך, נור פון דעם קלינגען פון דעם טהיר־גלאק.

הערר דע סאלום (לאכט)

דאס איז גאנץ ריכטיג. איז אונזערע סאלונען נודעט מען און דערפאר דארפען אונזערע פרויען ניט פאריבעל האבען אויף אונז ווען עס איז אונז אנגענעהמער צו פערברייגגען אין די קלובס.

מאד. דע סאלום (סארקאסטיש)

ווירקליך, איך האב געדארפט איינלאדען באלעט־טענצערינס, אדער כאריסטקעס, אדער אקטריסעס, אדער די זאגענאנטע ארטיסטען, מאהלער, פאעטען, מוזיקער און נאך אזוינע, דאן וואלט איהר אימער געבליבען נעבען מיר.

הערר דע סאלום

אזוי פיעל פערלאנג איך ניט. א פאאר וויציגע מענער און א פאאר רייצענדע פרויען וואלטען גענוג געווען. ווי אנגע־נעהם וואלט מיר געווען צו פערברייגגען אין אז אויסגעוועהל־טען אינטימען קרייז פון מענער און פרויען.

מאד. דע סאלום

אייך?

הערר דע סאלום

מיר וואלט אנגענעהם געווען. ווארום ניט?

מאד. דע סאלום

כא! כא! כא! איך שטעל זיך מיר פאר, וואס פיר א רייצענדע אינטימען קרייז איהר וואלט איינגעלאדען, וואס פיר א מענער, וואס פאר א פרויען! מיין הערר, דאן וואלט איך און ניט איהר דאס הויז פערלאזען!

הערר דע סאלום

מיין ליעבע מאדעלינע, איך האב געמיינט א דריי־פיער פרויען אזוינע ווי איהר.

מאד. דע סאלום

וואס זאגט איהר? זאגט עס נאך אמאל.

הערר דע סאלום

דריי אדער פיער פרויען אזוינע ווי איהר.

מאד. דע סאלום

אויב איהר נויטהיגט זיך אין פיער, פערשטעה איך שוין ווארום איינע איז אייך ווייניג.

הערר דע סאלום

איהר פערשטעהט גאנץ גוט וואס איך מיין און איך געפין ניט פאר נויטהיג דאס אייך צו ערקלעהרען. איהר ווייסט גאנץ גוט, אז איך וויל מעהר קיינעם ניט, אויסער אייך.

מאד. דע סאלום

ווירקליך, איך דערקען אייך נארניט. איך האב מורא, אז איהר זייט קראנק, זעהר קראנק. קלייבט איהר זיך פיליייכט שטאר־בען?

הערר דע סאלום

איהר קענט ריידען, וואס איהר ווילט, איך האב גערולר.

מאד. דע סאלום

אויף ווי לאנג?

הערר דע סאלום

אויף אימער.

מאד. דע סאלום

אבער די מענער ענדערען זיך אזוי אפט.

הערר דע סאלום (ווענדעט זיך צו דע ראנדאל)

מיין ליעבער ראנדאל, ווילט איהר אונז היינט פערשאפען דאס פערגעניגען און עסען מיט אונז? איהר וועט מיר דאן פיליכט העלפען געגען די שטעבווערטלאד, וואס מיין פרוי האט פיר מיר, קאנטיג, אנגעגרייט.

דע ראנדאל

טויזענד דאנק, מיין ליעבער סאלום! איהר זייט זעהר, זעהר ליעבענסווירדיג, אבער צום בעדויערען, בין איך גראד היינט פערנומען.

הערר דע סאלום

ליעבער פריינד, איהר וועט מיר ניט ענטזאגען. איהר וועט בלייבען.

דע ראנדאל

איך קען ניט.

הערר דע סאלום

וואס דארפט איהר אזוינס טהאן?

דע ראנדאל

איך מוז באלד עמיצען טרעפען. אום ניין מוז איך עמיצען טרעפען.

הערר דע סאלום

איז עס אזוי נויטהיג?

דע ראנדאל

זעהר נויטיג.

הערר דע סאלום

א דאמע ?

דע ראנדאל

מיין פריינד, וואס פאר א פראגע ?

הערר דע סאלום

ענטשולדיגט מיר, איך האב עס ניט געדארפט פרעגען. אבער איהר וועט דאך קענען געהן נאכ'ן עסען.

דע ראנדאל

איך מוז זיך נאך איבערטאן.

הערר דע סאלום

איך קען לייכט שיקען נאך אייערע זאכען.

דע ראנדאל

ווירקליך איך קען ניט, איך דאנק אייך.

הערר דע סאלום (צו זיין פרוי)

ליעבע מאדעלינע, פיליכט וואלט ער אייך געפאלגט ?

מאד. דע סאלום

איהר ווייסט דאך, אז איך האב אויף איהם ניט קיין איינפלוס.

הערר דע סאלום

היינט ביינאכט זייט איהר אזוי רייצענד, דאס איהר וואלט געקענט אן איינפלוס האבען אויף די גאנצע וועלט. ווארום זאלט איהר אויף איהם ניט האבען ?

מאד. דע סאלום

מיין גאט, איך קען ניט פערלאנגען פון מיינע פריינד, זיי

זאלען זיך אפשטעלען אין אייער הויז נור דערפאר, ווייל איהר ווילט אזוי. ברענגט אייערע פריינד.

הערר דע סאלום

אלענפאלס וועל איך היינט דעם גאנצען אבענד פערברענגען מיט אייך.

מאד. דע סאלום

ווירקליך?

הערר דע סאלום

יא.

מאדאם דע סאלום

דעם גאנצען אבענד וועט איהר זיין אין דער היים?

הערר דע סאלום

דעם גאנצען אבענד.

מאדאם דע סאלום (סארקאסטיש)

ווירקליך א גרויסע עהרע פיר מיר!

הערר דע סאלום

און פאר מיר א גרויס פערגעניגען!

מאד. דע סאלום

ווי גוט איהר זייט געווארען!

הערר דע סאלום

ניט אמת? איצט בעט ראנדאל צו פערבלייבען.

מאדאם דע סאלום

מיין הערר, ער ווייסט, אז איך בין אימער צופריעדען איהם צו זעהן. (הויבט זיך אויף און טראכט א ווײַלע) וועט איהר

מיט אונז עסען, הערר דע ראנדאל? דערנאך וועט איהר קענען גלייך געהן.

דע ראנדאל

מיט דעם גרעסטען פערגעניגען, מאדאם.

מאדאם דע סאלום

ענטשולדיגט מיר, איך בין גלייך צוריק. עס איז שוין אכט, און איך מוז געהן עפעס בעזארגען וועגען דינער. (אב)

הערר דע סאלום (ווען זיין פרוי איז ארויס)

מיין ליעבער ראנדאל, איהר וועט מיר טהאן א גרויס געפאלען, ווען איהר וועט דא פערברענגען דעם גאנצען אבענד.

דע ראנדאל

איך האב אבער אייך געזאגט, אז איך קען ניט.

הערר דע סאלום

פיליייכט איז דא א מעגליכקייט?

דע ראנדאל

ניין.

הערר דע סאלום

איך בעט אייך צו פערבלייבען.

דע ראנדאל

ווארום?

הערר דע סאלום

ווייל... ווייל איך וויל מאכען שלום מיט מיין פרוי.

דע ראנדאל

שלום? זייט איהר דען צוקריעגט?

הערר דע סאלום

ניט זעהר שטארק, אבער איהר האט דאך בעמערקט, ווי זי האט זיך היינט געהאלטען...

דע ראנדאל

ווער איז אין דעם שולדיג, זי אדער איהר?

הערר דע סאלום

איך רעכען אז איך.

דע ראנדאל

אזוי נאר?

הערר דע סאלום.

איך האב געהאט נעוויסע אונאנגענעהמליכקייטען, ערנסטע אונאנגענעהמליכקייטען, און זיי האבען מיך אזוי נערוועז גע־מאכט, דאס איך בין געווארען גראב צו איהר.

דע ראנדאל

אבער איך ווייס ניט, ווי אזוי א דריטע פערזאן קען מאכען שלום צווישען אייך.

הערר דע סאלום

ליעבער פריינד, איהר וואלט איהר געקענט געבען צו פערשטעהן אויף א דעליקאטען אופן, אז מיין בליק אויפ'ן לעבען האט זיך איין גאנצען געענדערט.

דע ראנדאל

איהר ווילט אלזא אין גאנצען... אין גאנצען מיט איהר שלום ווערען?

הערר דע סאלום

אה, ניין, ניין, ניין — פונקט פערקעהרט...

דע ראנדאל

ענטשולדיגט, איך פערשטעה אייך ניט.

הערר דע סאלום

איך מיין... פערשטעהט מיך, איך וויל... איך וויל פריעדליכע נייטראליטעט, א סארט פלאטאנישען שלום. (לאכט) אבער איך בעריהר איינצעלהייטען, וועלכע וועלען אייך ניט אינ־טערעסירען.

דע ראנדאל

ענטשולדיגט מיר ווידער. אויב איהר ווילט, איך זאל שפיע־לען א ראלע אין דער דאזיגער אינטערעסאנטער אנגעלעגענהייט מוז איך צוערשט קלאר וויסען וואס איז מיין ראלע.

הערר דע סאלום

גאנץ איינפאך, די ראלע פון א שלום־מאכער.

דע ראנדאל

אויף וועלכע קאנדיציאנען זאל דער שלום געמאכט ווערען, איהר אליין זאלט זיך מעגען לעבען אזוי ווי פריהער?

הערר דע סאלום

גאנץ ריכטיג.

דע ראנדאל

דאס הייסט, אז נאך די אלע אונאנגענעהמליכקייטען, פון וועלכע איהר האט ערשט גערעדט, ווילט איהר, אין דער היים זאל זיין רוהיג, ווען איהר וועט דארט לעבען א גוטען טאג ערגעץ אנדערש־וואו.

הערר דע סאלום

מיין פריינד, די איצטיגע בעציהונגען צווישען מיר און מיין

פרוי זיינען אזוינע, דאס איך מוז זוכען לעבען ערגעץ אנדערש־וואו.

**דע ראנדאל**

אויב אזוי, מיין פריינד, בלייב איך.

**הערר דע סאלום**

דעם גאנצען אבענד?

**דע ראנדאל**

דעם גאנצען אבענד.

**הערר דע סאלום**

מיין ליעבער ראנדאל, איהר זייט ווירקליך א פריינד, איך וועל עס אייך קיינמאל ניט פערגעסען.

**דע ראנדאל** (נאך א קורצען שווייגען).

זייט איהר געווען אין דער אפערא נעכטען?

**הערר דע סאלום**

ווי געוועהנליך.

**דע ראנדאל**

ווי איז די פארשטעלונג?

**הערר דע סאלום**

ניט שלעכט.

**דע ראנדאל**

איך הער, אז מאדאם סאנטעללי האט א פוראר געמאכט.

**הערר דע סאלום**

א גרויסען פוראר. זעקס מאל האט מען זי ארויסגערופען.

דע ראנדאל

זי זינגט גוט איהר ראלע?

הערר דע סאלום

מעהר ווי גוט. זי האט קיינמאל בעסער ניט געזונגען. אין דעם ערשטען אקט האט זי דארט צו זינגען א לאנגע זאך. האט זי געזונגען אזוי, דאס דער גאנצער עולם האט זיך פון די פלעצער אויפגעהויבען און אפלאדירט. און אין דריטען אקט האט זי נאך מעהר ענטהוזיאזמוס ארויסגערופען.

דע ראנדאל

איז זי געוועזן צופריעדען?

הערר דע סאלום

נור צופריעדען? זי איז געוועזן גליקליך.

דע ראנדאל

איהר קענט זי גוט, ניט אמת?

הערר דע סאלום

אה, יא, פון פריהער. נאך דער פארשטעלונג האב איך און נאך א פאאר איהרע פריינד מיט איהר סאפער געגעסען.

דע ראנדאל

עס איז אנגענעהם מיט איהר צו פערברייננגען, ניט אזוי?

הערר דע סאלום

זעהר! צווישען א מיליאן פרויען קען מען פילייכט איינע אזא געפינען. אזוי וועניג ווירקליכע פרויען וועט איהר גע־פינען צווישען פרויען.

דע ראנדאל (לאכט).

דאס איז ריכטיג.

הערר דע סאלום

די פרויען פון אונזער בעסערער געזעלשאפט זיינען, מיט זעהר ווענינ אויסנאהמען, ניט מעהר ווי בילדער. זיי זיינען שעהן. זיי זיינען פארנעהם. אבער זיי בעצויבערען אייך נור אין זייערע סאלאנען. זיי זוכען נור, אז זייערע קליידער און מאנירען זאלען געפעהלען די מענער.

דע ראנדאל

דאך ליעבען די מענער זיי.

הערר דע סאלום

זעהר זעלטען, מיין פריינד.

דע ראנדאל

דאך...

הערר דע סאלום

נור טרוימערס ליעבען זיי. אבער מענער, ווירקליכע מענער, מע־נער מיט ליידענשאפט, מיט ליעבע, ליעבען ניט די היינטיגע פרויען פון דער געזעלשאפט, ווייל זיי זיינען ניט פאסענד פאר ליעבע. טהוט א קוק ארום זיך, ליעבער פריינד, וואס זעהט איהר? אינטריגעס! יעדער זעהט עס. אבער קענט איהר אנווייזען אויף איין ריכטיגע ליעבע, אויף איין ליעבע ווי אין אמאליגע צייטען מיט אונזערער א בעקאנטער פרוי? איז עס דען ניט אמת? יעדען מאן איז אנגענעהם צו האבען א געליעבטע, אבער די דאזיגע געליעבטע דערעסען איהם באלד, ווייל אין דער ווירקליכקייט קענען זיי ניט זיין קיין געליעבטע. ניט אזוי אבער זיינען די פרויען פון דער ביהנע. יעדע פון זיי האט א האלב דוצענד ליעבהאבער געהאט, ליעבהאבער, וועלכע האבען צוליעב איהר באנקראטירט, זעלבסטמארד בעגאנגען. די מענער ליעבען אזוינע פרויען, זיי ליעבען זיי ווייל די דאזיגע פרויען ווייסען ווי אזוי ארויסצורופען די ליעבע און ווי אזוי

אליין צו ליעבען. יא, זיי פערשטעהן, ווי אזוי צו בעזיעגען די מענער, זיי ווייסען, ווי אזוי צו בעצויבערען מיט א שמייכעל, ווי אזוי צו זיין אנציהענד, ווי אזוי צו פערפיהרען דעם מאן און ווי אזוי איהם איינצוהאלטען, און ווי אזוי איהם צו פער־שקלאפען מיט א בליק, און דערצו דארפען זיי גאר ניט זיין בעזונדערס שעהן. זיי האבען יענע צויבער־קראפט, וועלכע פעהלט אין גאנצען אונזערע פרויען.

דע ראנדאל

איז מאדאם סאנטעללי אויך אזא פערפיהרערין?

הערר דע סאלום

זי איז ערשט די ריכטיגע פערפיהרערין! אח, די רייצענדע קאקעטקע! זי פערשטעהט שוין, ווי צו בעצויבערען מענער.

דע ראנדאל

איהר רעדט וועגען איהר מיט אזא בעגייסטערונג, דאס עס איז שוין באלד קיין וואונדער ניט, פארוואס איהר זוכט רוה אין דער היים...

(מאדאם דע סאלום קומט אריין).

הערר' דע סאלום (פרעהליך)

מיין פריינד, זשעק בלייבט. ער האט איינגעוויליגט צוליעב מיר.

מאדאם דע סאלום

איך קאנגראטוליר אייך. און ווי אזוי האט איהר עס ביי איהם גע'פועל'ט?

הערר דע סאלום

גאנץ איינפאך, איך האב זיך מיט איהם דורכגערעדט...

מאד. דע סאלום

וועגען וואס האט איהר גערעדט ?

הערר דע סאלום

וועגען דעם, אז די רוה אין׳ם הויז איז א גליק פיר א מאן.

מאד. דע סאלום

און ביי מיר איז גליק ניט די רוה אין׳ם הויז, נור די אויפ־
רעגונג פון א רייזע...

דע ראנדאל

יעדע זאך איז גוט אין דער ריכטיגער צייט: און צו מאכען א
רייזע ניט אין דער ריכטיגער צייט איז אפטמאל ניט בעקוועם.

מאדאם דע סאלום

הערר דע ראנדאל, אום ניין דארפט איהר, דאכט זיך, עמיצען
זעהן ? וועט איהר געהן ?

דע ראנדאל

ניין, מאדאם, איך וועל ניט געהן.

מאדאם דע סאלום

ווי שנעל איהר ענדערט אייער מיינונג.

דע ראנדאל

ניין, ניין, איך רעכען זיך נור מיט די אומשטענדען.

הערר דע סאלום

איהר וועט מיר ענטשולדיגען, איך דארף עפעס שרייבען.
(זעצט זיך ביים שרייב־טיש אויף דער אנדער עק פונ׳ם סאלאן)

מאדאם דע סאלום (שטיל צו ראנדאל)

וואס האט פאסירט ?

דע ראנדאל

אה, גאר נישט.

מאדאם דע סאלום

וועז פאהרעז מיר?

דע ראנדאל

קיינמאל ניט.

מאדאם דע סאלום

זייט איהר משוגע? ווארום?

דע ראנדאל

איך בעט אייך, פרעגט מיך ניט וועגעז דעם.

מאד. דע סאלום

איך ביז זיכער, אז ער זוכט אונז אריינצוכאפעז איז א נעץ.

דע ראנדאל

ניט אמת. ער איז זעהר רוהיג, זעהר צופריעדעז און האט ניט דעם מינדסטעז פערדאכט.

מאד. דע סאלום

איך פערשטעה ניט, וואס מיינט דאס?

דע ראנדאל

בערוהיגט זיך, איך בעט אייך. ער איז גליקליך, זאג איך אייך, און רוהיג.

מאד. דע סאלום

ניט אמת.

דע ראנדאל

איך זאג אייך, אז יא. ער האט מיר זיין גליק פערטרויט.

מאד. דע סאלום

דאס איז נור א שפּיצעל. ער וויל אונז היטען.

דע ראנדאל

אה, ניין. ער האט ניט דעם מינדסטען פֿערדאכט. ער האט נור מורא פאר אייך.

מאד. דע סאלום

פאר מיר?

דע ראנדאל

יא, פונקט אזוי ווי איהר האט די גאנצע צייט מורא פאר איהם... דאס הייסט, טאמער דערוויסט ער זיך וועגען אייערע פערהעלטניסען און טאמער דערוויסט איהר זיך וועגען זיינע פערהעלטניסען.

מאד. דע סאלום

איהר זייט משוגע. איהר רעדט פון היטץ.

דע ראנדאל

הערט, איך בין זיכער, אז היינט אבענד וועט ער אין דער־היים ניט בלייבען.

מאד. דע סאלום

דאן זאלען מיר אויך ניט בלייבען.

דע ראנדאל

ניין, ניין, איך זאג אייך, אז מיר דארפען מעהר ניט מורא האבען.

מאד. דע סאלום

איהר זייט בלינד!

הערר דע סאלום (זיצענדיג ביים שרייבטיש)

מיין פריינד, איך האב פאר אייך גוטע נייעס. איך בין אומ־שטאנד צו קריגען פיר אייך אן אבענד אין דער אפערא יעדע וואך.

מאד. דע סאלום

ווירקליך? עס איז זעהר שעהן פון אייך צו פערשאפען מיר די מעגליכקייט צו אפלאדירען אזוי אפט מאדאם סאנטעללי.

הערר דע סאלום

זי איז זעהר א זיסע זינגעריין.

דע ראנדאל

און זעהר רייצענד.

מאד. דע סאלום (מיט ביטערניש)

יא, נור אזוינע פרויען געפעלען אייך מענער.

דע ראנדאל

איהר זייט אונגערעכט.

מאד. דע סאלום

יא, מיין פריינד, נור צוליעב אזוינע פרויען וועלען די מענער בעגעהן פערברעכען, און (סארקאסטיש) און וואס גרעסער דאס פערברעכען, אלץ גרעסער איז די ליעבע.

הערר דע סאלום

אה, נייז, מיין ליעבע, די מענער הייראטען זיי ניט, און דאס איינציגע ווירקליכע פערברעכען, וואס א מאן בעגעהט צוליעב א פרוי, איז ווען ער הייראט זי.

מאד. דע סאלום

א פערברעכען געגען דער פרוי?

**הערר דע סאלום** (זיצענדיג נאך אלץ ביים שרייב־טיש).
און געגען זיך!

**מאד. דע סאלום**
טאקי זעהר ריכטיג! זיי הייראטען היינט א יונגע ווייבעל, ווייל זי איז ריין און אונשולדיג, און אויף מארגען לויפען זיי שוין נאך אנאנדערער, וועלכע איז ניט יונג, און אונשולדיג אוודאי ניט. איהר הויפט צוציהונגס־קראפט בעשטעהט נור אין דעם, וואס פיעל רייכע און בעקאנטע מענער זיינען איהרע ליעבהאבער געוועזן. וואס מעהר ליעבהאבער זי האט געהאט, אלץ טהייערער איז זי, אלץ מעהר זוכט מען זי, אלץ מעהר איז זי געשעצט, אלץ מעהר ליארעמט מען וועגען איהר. אח, יא, איהר מענער געהט איינפאך אויס נאך אזוינע פרויען.

**הערר דע סאלום** (לאכט)
איהר דארפט אזוי ניט ריידען, ווייל מען קען נאך מיינען, אז איהר זייט אייפערזיכטיג.

**מאד. דע סאלום**
איך? אייפערזיכטיג? פיר וועמען האלט איהר מיך? (דער דיענער ערשיינט)

**דיענער**
מאדאם, די טישען זיינען געגרייט. (דערלאנגט הערר דע סאלום א בריעף)

**מאד. דע סאלום**
(צו דע ראנדאל) אייער ארם, הערר דע ראנדאל.

**דע ראנדאל** (שטיל)
ווי איך ליעב אייך!

מאד. דע סאלום (גלייכגילטיג)
גאר גאר אביסעלע, מיין איד.

דע ראנדאל
אה, ניין, מיט מיין גאנצער נשמה!

הערר דע סאלום (אז ער האט איבערגעלעזען דעם בריעף)
קומט שנעל צום טיש. איך דארף היינט אבענד ערגעץ געהן.



פארהאנג.

# דער טוגענד פרייז.



יר זיינען נור וואָס געוועסט דורכגעפאָהרען גיזארס. איך האָב זיך אויפגעכאפּט, ווען איך האָב דערהערט ווי דער קאָנדוקטאָר רופט אויס דעם נאָמען פון דער שטאָדט און האָב שוין געוואָלט ווידער איינדרעמלען, ווען אַ מורא'דיגער שטויס האָט מיך ארויפגעשליידערט אויף דער דיקער פרוי, וואָס איז געזעסען אנטקעגען מיר.

אין דער מאשין איז אַ ראָד צובראָכען געוואָרען, און זי איז געבליבען אין דער סקווער איבער די רעלסען; די פראכט־וואגאָנעס האָבען זיך אויך אויסגעגליטשט און זיינען געלעגען נעבען דער צוקאָליעטשעטער מאַשין, וועלכע האָט געקרעכצט, געפּייפט און געשפּיען, ווי אַ פערד, וואָס פאלט אין מיטען גאס. זיין אָטהעם קלאפּט, די ברוסט ציטערט, די נאָזלעכער סאָפּען, דער גאנצער קערפּער זיינער טרייסעלט זיך און דאָך איז ער ניט אימשטאַנד צו מאַכען די קלענסטע בעוועגונג, כדי אויפצושטעהן און ווייטער צו לויפען.

עס זיינען ניט געווען קיין טויטע און ניט קיין פערוואונדעטע. נור איינינע מענשען האָבען געקראָגען אַ פּאָר לייכטע קלעפּ, ווייל דער צוג איז נאָך ניט געווען אין רעכטען גאנג. און מיר האָבען מיט פערצווייפלונג אָנגעקוקט די גרויסע, צוקאָליעטשעטע, אייזערנע חיה, וועלכע האָט אונז מעהר ניט געקענט שלעפּען און האָט אונז איצט אפשר אויף א לאַנגע צייט דעם וועג פערשפּאַרט. געוויס אויף אַ לאַנגע צייט, דען מען האָט געמוזט דורך אַ טעלעגראַם ארויס־

רופֿען אַ הילפֿס־צוג פֿון פּאַריז.

עס איז געווען צעהן אַזייגער אין דער פֿריה, און איך האָב בע־שלאָסען צו געהן צוריק קיין גיזאָרס און דאָרט האָבען פֿריהשטיק.

און געהענדיג אויפֿ'ן וועג האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט:

— גיזאָרס? גיזאָרס? דאָרט האָב איך עפּעס אַ בעקאַנטען. אָבער וועמען? גיזאָרס? איך מוז דאָרטען אימיצען האָבען.

פּלוצים איז מיר אין זכרון אַ נאָמען איינגעפֿאַלען: אַלבערט מאַראַמבאָט.

אַן אַמאָליגער שול־חבר, וועמען איך האָב שוין צוואַנציג יאָהר ניט געזעהן און וועלכער האָט געפּראַקטיצירט מעדיצין אין גיזאָרס.

ער האָט מיך אָפֿט איינגעלאַדען צו זיך, איך האָב אימער צו־געזאָגט איהם צו בעזוכען, בין אָבער קיינמאָל ניט געקומען. איצט האָב איך געקענט אויסנוצען די געלעגענהייט.

דעם ערשטען פֿאַרבייגעהער האָב איך געפֿרעגט: — ווייסט איהר ניט, וואו עס וואָהנט דער דאָקטאָר מאַראַמבאָט? — ער האָט געענטפֿערט אויפֿ'ן אָרט מיט דעם בעזונדערען אַקצענט פֿון די נאָרמאַנער: — רועֿ דאופֿין. — און ווירקליך האָב איך גלייך דערזעהן אויף דער טהיר פֿון דער אַנגעגעבענער הויז אַ קופּערנע פּלאַטקע, אויף וועלכער עס איז אָבגעדרוקט געווען דער נאָמען פֿון מיין אַמאָליגען שול־פֿריינד. איך האָב אָנגעקלונגען, אָבער אַ דיענסט־מיידעל, מיט בלאָנדע האָאָר ווי שטריי, און לאַנגזאַמע בע־וועגונגען, האָט געזאָגט מיט אַ נאַרישען אויסדרוק אין פּנים:

— ער איז נישטאָ, ער איז נישטאָ!

איך האָב דערהערט טאַצען קלאַפּען און גלעזער קלינגען און איך האָב אַ רוף געטהאָן:

— הע, מאַראַמבאָט! — אַ טהיר האָט זיך געעפֿענט און אַ די־קער מאַן מיט וואָנצעס און אַ צופֿריעדענער מינע האָט זיך בעוויזען מיט אַ סערוועטקע אין האַנד.

איך וואָלט איהם בשום אופֿן ניט דערקענט. ער האָט אויסגע־זעהן ווי אַ יאָהר פֿינף און פֿופֿציג און אין איין מינוט האָט פּאַר מיי־

נע געדאַנקען פערבייגעשוועבט דאָס פּראָווינציאַלע לעבען, וועלכע מאַכט אַ מענשען שווער, דיק און אַלט. עס האָט מיר אַ בליץ געטהאָן אין מוח און מיר איז אין איין איינציגער סעקונדע קלאָהר געוואָרען זיין גאַנצע עקזיסטענץ, זיין אַרט לעבען, זיין גייסטיגער שטרעבען, זיין וועלט־אַנשויאונג. איך האָב זיך אָנגעשטויסען, אַז ער האָט ליעב גוט אַריינצועסען און דאָס האָט ער צו פערדאַנקען זיין גראָבען בויך, אַז דערנאָך שלאָפט ער אַ צייט לאַנג ווי אַ גע׳הרג׳עטער, בערוישט פון קאָניאַק, וועלכעס מאַכט איהם שווער צו פערדייהען דאָס עסען. איך האָב אין זיינע געדאַנקען געזעהן, ווי ער קוקט אָן שלעפעריג זיינע פּאַציענטען, פערטהאָן אין די געדאַנקען וועגען דער פעטער הוהן, וואָס פרעגעלט זיך אויף׳ן אויווען. איך האָב געהערט די אונטערהאַלטונג וועגען קיך־זאַכען, איבער עפּעל און קאַרשען־וויין, שנאַפּס, איבער דעם אַרט געוויסע שפּייזען צו צוגרייטען, סאָוסען, שען, געשמאַק און פול צו מאַכען. דאָס אַלעס איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגען, ווען איך האָב דערזעהן זיינע דיקע, רונדע באַקען, זיינע שווערע ליפּען און דעם טויטען בליק אין די אויגען.

איך האָב זיך צו איהם אָנגערופען:

— דו דערקענסט מיך דען ניט? איך בין ראַאול אובערטין.

ער האָט געעפענט די אָרעמס און מיך שיער ניט דערשטיקט. דאָן איז זיין ערשטער וואָרט געווען:

— דו האָסט נאָך האָפענטליך ניט געפריהשטיקט?

— ניין.

— אַזאַ גליק! איך זיץ איצט גראָד ביים טיש און איך האָב וואונדערבאַרע פאָרעלען.

אין פינף מינוט אַרום האָב איך מיט איהם געפריהשטיקט. איך האָב איהם געפרעגט:

— ביזטו געבליבען אַן אַלטער בחור?

— געוויס.

— און דו פיהלסט זיך דאָ גוט?

— איך לאַנגווייל זיך ניט. איך בין פערנומען. איך האָב פּאַ־ציענטען און פריינד, איך עס גוט אריין, איך לאַך גערן, איך גענ אויף גענוג — עס לעבט זיך גאַנץ גוט.

— ווערט דיר דאָס לעבען אין אַ קליין שטעדטעל ניט דער־עסען?

— ניין, ליעבער פריינד, ווען מען פערשטעהט, ווי זיך צו בעשעפטיגען... איז אַלגעמיין איז אין אַ קליין שטעדטעל פּונקט ווי אין אַ גרויסע שטאָדט. די פּאַסירונגען און פריידען זיינען דינער געזייהט, אַבער מען לייגט אויף זיי מעהר ווערטה, מען האָט ווייני־גער בעקאַנטע און פריינד, דערפאַר אַבער זעהט מען זיך אָפטער. ווען מען קען אַלע פענסטער אין איין גאַס, אינטערעסירט איינעם יעדעס איינצעלנע מעהר, ווי אַ גאַנצע גאַס אין פּאַריז.

וויסטו, אַ קליין שטעדטעל איז זעהר אַמוזאַנט, זעהר אַמו־זאַנט. נעהם, צום בייספּיעל, גיזאָרס. איך קען עס אינווייניג און אויסווייניג, פון איהר אַנהויב אַז ביז'ן היינטיגען טאָג. דו האָסט קיין בעגריף ניט ווי מערקווירדיג עס איז די געשיכטע פון דיעזער שטאָדט.

— ביזטו פון גיזאָרס?

— איך? ניין, איך בין פון גאָורנאַו, די שכנה און די קאָנ־קורענטקע פון גיזאָרס. גאָורנאַו איז נעבען גיזאָרס, וואָס לוצולוס איז געווען נעבען ציצעראָן. דאָ שטעהט אַלעס אויף כבוד, אויף עהרע און מען רעדט פון די „עהרגייציגע פון גיזאָרס", אין גאָורנאַו זיינען אַלע פּאַר אַ גוט לעבען און עס הייסט „די לעבעדיגע חברה פון גאָורנאַו".

גיזאָרס פעראַכטעט גאָורנאַו, אַבער גאָורנאַו לאַכט זיך אויס פון גיזאָרס.

איך האָב בעמערקט אַז איך עס עטוואָס, וואָס שמעקט טאַקע אויף אַז אמת זעהר גוט, ווייכע אויער אין פּלייש דזשעלי, וועלכע זיינען דורך אַזעלכע גראָזען געמאַכט געוואָרען זעהר געשמאַק און לייכט.

אום צו שמייכלען מאראמבעט'ן, האָב איך געזאָגט סמאַקטשענ־דיג מיט'ן צונג:

— דאָס שמעקט פיין!

ער האָט געשמייכעלט:

— צוויי זאכען זיינען דערצו נויטהיג: גוטע דזשעלי, דאָס איז שווער צו קריגען, און גוטע אויער. אך, גוטע אויער זיינען אזוי זעלטען! דאָס געלכעל מוז זיין אביסעל רויטלאך, דאן ערשט איז עס געשמאַק. איך האָב צוויי היהנער הויפען, איינעם פאר אויער פראָדוקציאָן און דעם צווייטען צוליעב די עופות אליין. מיינע לייג־היהנער קאָרמע איך אויף אַ גאַנץ בעזונדערען שטייגער. איך האָב זיך איבער דעם מיינע גאַנץ בעזונדערע אידעען. אין דער אוי, פונקט אזוי ווי אין פלייש פון דער הוהן, דעם אָקס און דעם שעפּס, אין מילך, אין אַלעם געפינט מען צוריק און מען מוז געפינען דעם קערן, די הויפּט זאַך, מיט וואָס די חיה האָט זיך ביז אהער ער־נעהרט. מען האָט געקענט אַ סך בעסער עסען, ווען מען זאָל זיך מעהר וועגען דעם קימערען.

איך האָב געלאַכט:

— דו ביזט אַלזאָ אַ פיינשמעקער?

— יאָ, געוויס. נור נארישע מענשען זיינען נישט קיין פיינ־שמעקער. אַ פיינשמעקער איז פונקט אזוי ווי אַ קינסטלער, אַ גע־לעהרטער אָדער אַ דיכטער. דער געשמאַק, ליעבער פריינד, איז אַ איידעלער חוש, וועלכער לאָזט זיך פערבעסערען און וועלכען מען מוז היטען, ווי דאָס אויג און דעם אויער. ווער עס האָט קיין גע־שמאַק ניט, דעם פעהלט עטוואָס וואונדערבאַרעס, עס פעהלט איהם די פעהיגקייט צו אונטערשיידען די קוואַליטעט פון די שפייזען, אַט פונקט אזוי ווי אַן אַנדערער קען ניט אונטערשיידען די שעהנ־קייטען פון אַ בוך אָדער אַ קונסט ווערק. ווער עס האָט נישט קיין געשמאַק, דעם פעהלט אַ וויכטיגער חוש, איינער פון די וויכטיגסטע אין לעבען און ער געהערט צו יענע סאָרטען קריפּעלס, מיט וועלכע אונזער ראַסע איז פול. אזעלכע מענשען האָבען אַ „נאַרישען צונג״

גראדע אזוי, ווי מען קען האבען א נארישען מוח. א מענש, וואס קען ניט אונטערשיידען איין געריכט פון א צווייטען, איין סארט פיש פון אן אנדערן, געוועהנליכע פרוכט פון גוטע, ריכטיגע איז נישט בעסער פון א געוועהנליכען עם הארץ, וואס מישט צוזאמען באלזאק מיט יעווגעני סו, אדער א סימפאניע פון בעטכאווען מיט אן ארמעע־מארש פון עפעס א מיליטער־דיריגענט, און דעם אפאללא פון בעלוועדער מיט דער סטאטוע פון'ם גענעראל דע בלאנמאנט.

— ווער איז דען דער גענעראל בלאנמאנט?

— אך, אזוי דאס ווייסטו ניט? נו, מען זעהט גלייך, אז דו ביזט ניט פון גיזארס. ליעבער פריינד, איך האב דיר שוין פריהער געזאגט, אז מען רופט די איינוואהנער פון דער דאזיגער שטאדט די עהרגייציגע, און קיינמאל האט נאך קיינער דעם דאזיגען נאמען ניט פערדיענט אזוי כשר. אבער לאמיר אפריהער אבעסען אונזער פריהשטיק און איך וועל מיט דיר ריידען וועגען דער שטאדט דאן, ווען איך וועל זי דיר ציינען.

פון צייט צו צייט האט ער זיך אונטערבראכען, אום לאנגזאם א גלאז וויין צו טרינקען, וועלכעס ער האט צערטליך אנגעקוקט. בעת ער האט עס געשטעלט פאר זיך אויפ'ן טיש.

מיט דער סערוועטקע ארום האלז, די רויטע באקען, די הונגע־ריגע אויגען און דעם בעוועגליכען מויל אונטער די פעטע וואנצעס האט ער אויסגעזעהן זעהר קאמיש.

איך האב געמוזט עסען, וויפיעל עס איז נור איין מיר אריין. ווען איך האב דערנאך געוואלט געהן צוריק צום וואקזאל, האט ער מיך גענומען אונטער'ן ארעם און אוועקגעשלעפט אין די גאסען. די שטאדט האט געטראגען אן אנגענעהמען, פראווינציאלען כא־ראקטער, הויך, איבער די הייזער האט זיך געזעהן איהר גרויסע פעסטונג, די וואונדערבארסטע מיליטערישע געביידע פון דעם זיע־בעטען יאהר־הונדערט אין פראנקרייך. די שטאדט אליין ליגט אי־בער א לאנגען, גרינעם טהאל, אין וועלכען עס פאשען זיך שווערע קיה פון דער נארמאנדיע און קייהען די גראז פון די גרינע לאנקעס.

דער דאָקטאָר האָט צו מיר געזאָגט: „

— גיזארס, אַ שטאָדט פון פיער טויזענד איינוואוינער, ווערט נאָך דערמאָנט ביי צעזאר'ן. איך וועל דיר אָבער ניט פיהרען צום רוימישען לאגער, וועמעס שפּורען מען קען זעהן נאָך גאַנץ דייט־ליך.

איך האָב זיך צולאכט און געענטפערט:

— ליעבער פריינד, עס זעהט אויס, אַז דו אַליין האָסט עפּעס אַ בעזונדערע קראנקהייט. אלס דאָקטאָר האָסטו זי געדארפט שטו־דירען גאַנץ גענוי. מען רופט זי די קירך־טורעם־קראַנקהייט.

ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָבגעשטעלט, דאן האָט ער גע־זאָגט:

— דער קירך־טורעם־גייסט, ליעבער פריינד, איז קיין אנדער זאך ניט, ווי דער נאַטירליכער פּאַטריאָטיזמוס. איך האָב ליעב מיין הויז, מיין שטאָדט און מיין פּראָווינץ מעהר פון אַלץ אויף דער וועלט, ווייל דאָרט געפין איך צוריק די זיטען פון מיין דאָרף. דעם גרענעץ האָב איך ליעב און פערטהיידיג. מיך פערדריסט, ווען אַ שכן רוקט דאָרט אריין אַ פוס, ווייל דאן פיהל איך זיך ניט זיכער אין מיין אייגען הויז, וואָרים דער גרענעץ, וועלכען איך קען אפילו ניט, איז מיין שטאָדט, מיין היים. אָט אַזוי בין איך, אַ נאָרמאַנער, אַן אמת'ער נאָרמאַנער און טראָג מיין האַס צו די דייטשען. מיין ראַכע דורשט צו זיי, פעראַכט איך זיי ניט, האָב זיי ניט אַזוי פיינט ווי די ענגלענדער, אונזערע אמת'ע שונאים, וועלכע האָבען אפשר צוואַנציג מאָל אונזער לאנד פערוויסטעט און צו וועלכע מיין פאָ־טער האָט אין מיר איינגעפּלאַנצט אַ האַס פון קינדווייז אָן. אָט, זעה, דאָ איז די סטאַטוע פון'ם גענעראל.

— וועלכען גענעראל?

— דעם גענעראל דע בלאַנמאַנט. מיר האָבען געמוזט האָבען אַ סטאַטוע! ניט אומזיסט זיינען מיר די עהרגייציגע פון גיזארס, און דאָ האָבען מיר ענטדעקט דעם גענעראל דע בלאַנמאַנט. טהו אַקאַרשט אַ קוק אין פענסטער פון אָט דעם בוך־געשעפט.

ער האָט מיך צוגעפיהרט צו אַ פענסטער פון אַ בוד־קראַם, וואו אַ פּאָר טוץ רויטע, געלע, בלויע ביכער האָבען גלייך צוגעצויגענע צו זיך די אויפמערקזאַמקייט.

ווען איך האָב איבערגעלעזען די נעמען, האָב איך ארויסגע־פּלאַצט אין אַ געלעכטער. אויף די פאָדער־בלעטלאַך איז געשטאַנען: „גיזארס, זיין פערגאַנגענהייט און זיין צוקונפט”, פון מ. עקס..., מיטגליעד פון פיעלע געלעהרטע געזעלשאַפטען.

„די געשיכטע פון גיזארס, פון פּריסטער א...”.

„גיזארס פון צעזאַר'ן ביז צו אונזערע צייטען, פון מ. ב... גרונדבעזיצער”.

„גיזארס און זיין בעריהמטקייט, פון אַ קענער..

— ליעבער פריינד, האָט זיך אָבגערופען מאַראַמבאַלט — עס געהט ניט אוועק קיין יאָהר, קיין איין איינציגער יאָהר, אַז עס זאָל ניט ערשיינען אַ נייע געשיכטע פון גיזארס. עס זיינען שוין דאַ אַזעלכע דריי און צוואַנציג שטיק.

— יאָ, און ווי שטעהט עס מיט די בעריהמטהייטען פון גי־זארס? — האָב איך געפרעגט.

— איך קען דיר ניט אויסרעכענען יעדערען פון זיי, אָבער אַ פּאָר וועל איך דיר אָנרופען. צוערשט האָבען מיר געהאַט גענעראַל בלאַנמאַנט, דאָן דעם באַראָן דאַווילליער, דעם פּאָרשער פון שפּאַ־ניען, וועלכער האָט פּאָר אונזערע קענער מעגליך געמאַכט זיך צו ערווערבען וואונדערבארע שפּאַניש־אַראַבישע פּאַיאַנסען. אין דער ליטעראַטור האָבען מיר געהאַט איינעם פון די גרעסטע זשורנאַ־ליסטען, קאַרל בראַיננע, וועלכער איז יעצט שוין טויט און אונטער די לעבעדיגע דעם זעהר וויכטיגען ארויסגעבער פון די „רוען'ער בייעסטע נאַכריכטען”, קאַרל לאַפּיערר און נאָך אַ סך, אַ סך אַנדערע.

מיר זיינען צוגעקומען צו אַ לאַנגער גאַס, וואָס האָט זיך געצוי־גען עטוואָס בארג אַראָב. די הייסע יוני זון האָט זי אַזוי שטאַרק אָנ־געבערענט, אַז די לייטע זיינען אַלע געבליבען אין זייערע הייזער.

פלוצים האָט זיך פון דער אנדער זייט גאס בעוויזען אַ שיכור'ער מאַן, וועלכער האָט זיך געשאָקעלט אויף די פיס.

ער איז געגאַנגען, דעם קאָפּ אויסגעצויגען אין פאָראויס, מיט שלאָף אראָבהייַנגענדיגע הענד און אונטערגעבויגענע קניה, האָט גע־מאַכט עטליכע שנעלע טריט און זיך אַלע ווייַלע אָבגעשטעלט. און אָבגעלאָפען מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג ביז אין מיטען גאס, האָט ער זיך אָבגעשטעלט שוואַנקענדיג אויף די פיס, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך מישב געווען צו זאָל ער דאָ אומפאַלען, אָדער זאָל צוזאַמעננעהמען אַלע זיינע קרעפטען און זאָל ווייטער לויפען. דאַן האָט ער זיך פלוצים א לאַז געטהאָן און גענומען לויפען אין וועלכער ניט איז ריכטונג. אָט האָט ער זיך אָנגעשטויסען אַן אַ הויז, צו וועלכער ער האָט זיך ווי עפּעס צוגעקלעפּט, ווי ער וואָלט זיך ווע־לען דורכ'ן וואַנד אין הויז אריינרייסען, אָבער באַלד האָט עס איהם אַ שטויס געטהאָן צוריק און ער האָט זיך ארומגעקוקט מיט אַ אָפע־נעם מויל, צוטומעלטע אויגען און זיך גלייך ווידער אוועקגעלאָזט לויפען.

אַ קליין, געל הינטעל איז איהם נאָכגעלאָפען האַווקענדיג, האָט זיך אָבגעשטעלט, ווען יענער איז שטעהן געבליבען, און איז ווייטער געלאָפען, ווען ער איז געגאַנגען ווייטער.

— אָט, זעה אקאָרשט — האָט געזאָגט מאראמבאט — דאָס איז דער בעזיצער פון'ם טוגענד פרייז פון מאדאם הוססאַן.

איך בין געוואָרען זעהר פערוואונדערט און געפרעגט:

— דער טוגענד פרייז פון מאדאם הוססאַן? וואָס מיינט עס?

דער דאָקטאָר האָט זיך צולאַכט:

— אָט אַזוי רופען מיר ביי אונז די שיכורים. דאָס קומט פון אַן אַלטע געשיכטע, וועלכע איז יעצט געוואָרען כמעט ווי אַ לעגענדע, הגם זי איז אמת פון אָנהויב ביז צום סוף.

— דאָס מוז זיין זעהר אַ קאָמישע געשיכטע?

— יאַ, זעהר אַ קאָמישע.

— דאָס מוזטו מיר דערצעהלען.

— מיט פערגעניגען. אמאל האט זיך אין דער דאזיגער שטאדט געפונען אן אלטע דאמע, וועלכע איז געווען זעהר טוגענהאפט און אין דער זעלבער צייט האט זי געוואלט זיין די בעשיצערין פון דער טוגענד. זי האט זיך גערופען מאדאם הוססאן. איך רוף דיר אן ווירקליכע נעמען, זאלסט ניט מיינען אז איך טראכט זיי איצט אויס. מאדאם הוססאן האט זיך זעהר פיעל בעשעפטיגט מיט צדקה, האט געהאלפען די ארימע לייט און אונטערשטיצט אזעלכע, וועלכע זיינען עס באמת ווערטה געווען. זי איז געווען קליין, האט געטראַ־גען א פארוק און איז שטענדיג געווען געקליידט אין שווארצען זייד. זי האט געטראטען מיט קליינע טריט, איז געווען פייערליך און העפליך, און איז געווען מיט׳ן ליעבען גאט, ווי אנדערע צוויי, א דאנק זיין פערטרעטער אויף דער ערד, דעם פריסטער מאלאו. זי האט געפיהלט א טיעפען עקעל, א נאטירליכען עקעל צו דעם לאס־טער און איבערהויפט צו דעם סארט, וואס די קירכע רופט אן אויס־געלאסענהייט. שוואנגערשאפטען פאר דער חתונה האבען זי גע־בראכט צו פערצווייפלונג, האבען זי אזוי אויפגערעגט, אז זי פלעגט פשוט פון די כלים ארוים.

עס איז געווען גראדע אין דער צייט, ווען אין דער אומגעגענד פון פאריז האט מען די אונשולדיגע מיידלאך, די ראזען יונג־פרויען, ווי מען רופט זיי דארט, געקרוינט, און דאן איז מאדאם הוססאן איינגעפאלען אן אידעע, אז גיזארס זאל זיך אויך האבען איהר איי־גענע אונשולדיגע מיידעל, איהר ראזען־יונג־פרוי.

זי האט וועגען דעם מיטגעטהיילט דעם פריסטער מאלאו און ער האט איהר גלייך אויסגעמאכט א גאנצע ליסטע פון קאנדידאט־קעס.

אבער מאדאם הוססאן האט געהאט אן אלטע דיענסט־מיידעל מיט׳ן נאמען פרענצעלע, וועלכע איז געווען נאך ערגער פון איהר אליין.

אזוי שנעל ווי דער פריסטער איז אוועק, האט מאדאם הוססאן

אַריינגערופן איהר דיענסט און זיך צו איהר אָבגערופן בזה הלשון:

— אַט דאָ, פרענצעלע, איז די ליסטע פון די מיידלאַך, וועלכע דער פּריסטער האָט מיר פאַרגעשלאָגען פאַר דעם טוגענד פּרייז. איצט זעה אַקאַרשט אַרויסצוקריגען, וואָס מען דענקט פון זיי אין דעם געגענד.

און פרענצעלע האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט. זי האָט אויפגעקליבען אַלע באַרעדערייען, אַלע מעשה׳לאַך, יעדען פערדאַכט, יעדע ניעדערטרעכטיגקייט און כדי ניט צו פערגעסען קיין זאַך, האָט זי די אַלע געזאַמעלטע בלבולים אויפגעשריבען אין איהר קיך־בוך צוזאַמען מיט די הוצאות און עס יעדען פריהמאָרגען דערלאַנגט דער מאַדאַם הוססאָן, וועלכע האָט אָנגעטהאָן די ברילען אויף איהר שפּיציג נעזעל און געלעזען אין דער הויך:

ברויט, צוויי סו.

מילך, צוויי סו.

פּוטער, אַכט סו.

מאַלווינע לעוועסק האָט פאַר אַ יאָהרען געפיהרט אַ ראָמאַן מיט צעזאַר פּאַילו.

קאַלב פליייש, פינף און צוואַנציג סו.

זאַלץ, איין סו.

ראָזאַליע וואַטינעל איז דעם צוואַנציגסטען יולי געווען אַליין אין ריבאָודעט וועלדעל מיט צעזאַר פּיענאַר. דאָרט האָט זיי געטראָפען די וואַש־פרוי, מאַדאַם אָנעסימע.

רעטעכלאַך, איין סו.

עסיג, צוויי סו.

זויער־זאַלץ, צוויי סו.

יאָזעפינע דיורדענט, מען זאָל נור ניט דענקען אַז זי איז אַן אונשולדיג שעפעלע, וואָרים זי שרייבט זיך דורך מיט אַפּאַרטום׳ס זוהן, וועלכער דיענט אין רואַן און וועלכער האָט איהר געשיקט אַ הייבעל דורך פּאָסט.

נאָך דער דאָזיגער שפּיאָנערייַ איז קיין איינציגע פון די מיידלאָך געבליבן ריין. פרענצעלע האָט אויסגעפּרעגט די גאַנצע וועלט, די שכנים, די ליפעראַנטן, דעם לעהרער, די נאָנען אין דער שולע, מיט איין וואָרט אַלעמען, וועמ' עס האָט נור געקענט עפּעס זאָגן.

אַזוי ווי אויף דער גאַנצער וועלט איז נישטאָ קיין מיידעל איבער וועלכער אַלטע ווייבער זאָלן נישט האָבן וואָס צו ריידן, אַזוי האָט זיך אויך אין דער גאַנצער שטאָדט ניט געפונען קיין איין איינ־ציגע, וועלכע מען זאָל ניט האָבן בערעדט.

מאַדאַם הוססאָן האָט אָבער ניט אַנדערש געוואָלט, אַז די אונ־שולד פון גיזאַרס זאָל, ווי צעזאַר'ס ווייב, אַפילו ניט זיין בערעדט, און איז געווען פערצווייפעלט, ניעדערגעשלאָגן און שטאַרק דער־שראָקן, קוקענדיג אויף דעם קיד־בוך פון איהר געטרייער דיענסט.

איצט האָט מען גענומען זוכן ווייטער, אין די אַרומיגע דער־פער, טאָמער געפינט זיך דאָרט אימיצער, וואָס זאָל ווערטה זיין דעם פּרייז.

אָבער מען האָט קיינעם נישט געפונען. מען האָט זיך געווענ־דעט צום פּאָרשטאַנד. אָבער די, וועלכע ער האָט רעקאָמענדירט, זיינען פונקט אַזוי ווייניג ווי אַלע איבעריגע ווערטה געווען דעם פּרייז. די מיידלאָך, וועלכע דאָקטאָר באַרבעסאָל האָט אָנגערופען, האָבען אויך קיין מזל נישט געהאַט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט זיי אַזוי הויך פערלויבט.

ביז איין מאָל, אַ אין דער פריה, ווען פרענצעלע האָט זיך אומ־געקעהרט פון מאַרק, האָט זי זיך אָבגערופען צו איהר בעל־הבית'טע:

— איהר ווייסט, מאַדאַם הוססאָן, אויב איהר ווילט אימיצען קרוינען, דאָן איז אין דער געגענד נור פּאַראָן איינער וואָס איז עס אויף אַן אמת ווערטה: איזידאָר.

מאַדאַם הוססאָן האָט זיך פערטראַכט. זי האָט גוט געקענט איזידאָר'ן, דעם זוהן פון ווירגיניע, די פרוכט־הענדלערקע. זיין אונשולדיגקייט, זיין צניעות'דיגקייט איז שוין זייט עטליכע יאָהר אויסגעלאַכט געוואָרען און האָט געדיענט פאַר אַלערליי וויצען.

שפאסען און פרעהליכע שטיק. איבערהויפט האט עס אמוזירט די מיידלאך און זיי האבען זיך אפט מיט איהם גערייצט און פון איהם שפאס געמאכט. ער איז אלט געווען פינף און צוואנציג יאהר, גרויס, אומגעלומפערט, לאנגזאם, פורכטזאם: ער האט געהאלפען דער מוטער אין קראם און א גאנצען טאג געפוצט פרוכטען אדער גרינסען, זיצענדיג אויף א שטוהל פאר דער טהיר.

פאר אונטער־קליידלאך האט ער מורא געהאט ווי פאר פייער, און ער האט ארונטערגעלאזען די אויגען אזוי שנעל, ווי א פרוי האט אויף איהם מיט א שמייכעל א קוק געטהאן. און די דאזיגע פערשעהמטקייט זיינע, וועלכע איז אלעמען געווען בעקאנט, האט געפיהרט דערצו, אז אלע ווינצלינגער פון דער געגענד האבען פון איהם חוזק געמאכט.

ביי מיאוס'ע ווערטלאך און אנצוהערענישען איז ער אזוי שנעל רויט געווארען, אז דאקטאר בארבעסאל האט איהם א נאמען געגעבען „דער טערמאמעטער פון שאנדע". האט ער געוואוסט פאר וואס ער שעהמט זיך אדער ניין? האבען זיך לאכענדיג געפרעגט די שכנים. יונגען זיינען אפט פארביגעלאפען פאר דער קרעמעל און אריינגעשריען שמוציגע ווערטלאך, כדי ער זאל די אויגען ארונטערלאזען. די מיידלאך האבען געמאכט שפאס איהם צו שעפטשען עפעס אויפ'ן אויער און צו זעהן, ווי ער אנטלויפט פון זיי אין הויז אריין. די פרעכערע האבען איהם געלאכט אין פנים אריין, גערופען צו זיך, בעשטעלט צוזאמענקונפטען און זיך געקייכט פאר געלעכטער.

מאדאם הוססאן האט זיך מישב געווען.

איזידאר איז ווירקליך געווען און אויסערגעוועהנליכער יונגער מאן, אין זיין טוגענד האט קיין מענש ניט געצווייפעלט. מען האט איהם אויך קיינמאל ניט געזעהן אין א שענק, ניט געטראפען איהם קיינמאל ביינאכט אין גאס, אכט אזייגער איז ער שוין געלעגען אין בעט און אום פיער איז ער אויפגעשטאנען — ער איז געווען די טוגענד אליין, ריין און אונשולדיג.

אָבער מאַדאַם הוססאַן האָט זיך נאָך אַלץ געשלאָגען מיט דער דעה. דער געדאַנק צו ערוועהלען אַן אונשולדיגען אינגעל אַנשטאָט אַן אונשולדיג מיידעל איז איהר פאַרגעקומען עפּעס מאָדנע און זי האָט זיך בעשלאָסען איבערצורעדען מיט'ן פּריסטער מאַלאָו און פרעגען ביי איהם אַן עצה.

דער פּריסטער מאַלאָו האָט געענטפערט: — הערט אויס, מאַ־דאַם הוססאַן, וואָס ווילט איהר בעלוינען? די טוגענד, ניט אמת. נור די טוגענד?

דאַן איז דאָך ניט קיין אונטערשיעד, אויב דאָס איז אַ פרוי אָדער אַ מאַן. די טוגענד איז אַן אַלגעמיינע זאַך, די טוגענד האָט נישט קיין פאָטערלאַנד און ניט קיין געשלעכט, זי איז פּשוט די טוגענד און דאָס אַלעס.

אַזוי ווי ער האָט איהר אַזוי צוגערעדט, איז פרוי הוססאַן אַוועק צום פאַרשטאַנד.

ער האָט אויסגעדריקט די זעלבע מיינונג: „מיר וועלען מאַכען אַ שעהנעם פּאַראַד“ — האָט ער געזאָגט, — „און טאָמער געפינען מיר שפּעטער אַ מיידעל, וואָס איז פּונקט אַזוי ווירדיג ווי איזידאָר. דאַן גיבען מיר איהר אויך אַ טוגענד־פּרייז. דערמיט וועלען מיר נאָך געבען דער וועלט אַ גוטען ביישפּיעל. לאָמיר ניט זיין אַזוי ענג־הערציג, און לאָמיר בעלוינען די גוטע מידות דאָרט, וואו מיר געפינען זיי.

מען האָט וועגען דעם געלאָזט וויסען איזידאָר'ן. ער איז גע־וואָרען רויט ווי פייער און האָט געשיינט זיין זעהר צופריעדען דער־מיט.

דער פּאַראַד איז אָבגעלייגט געוואָרען אויף דעם פופצעהנטען אויגוסט, דעם געבורטס־טאָג פון קייזער נאַפּאָלעאָן.

דער מאַגיסטראַט האָט געוואָלט, אַז די פייערליכקייטען זאָלען מאַכען אויף דעם עולם אַ שטאַרקען איינדרוק און ער האָט געלאָזט אויפבויען אַ פּלאַטפאָרמע נעבען דער אַלטער פעסטונג, וואו מיר וועלען שפּעטער צוגעהן.

דורך א נאטירליכער איבערקעהרעניש אין דער עפענטלי־כער מיינונג האט מען אויף איזידאר׳ס טוגענד, וועלכע איז ביז אהער אויסגעלאכט געווארען, גענומען קוקען מיט אנדערע אויגען. א זאך, וואס קען אריינברייגנען פינף הונדערט פראנק, א באנק־ביכעל און אזוי פיעל כבוד און אכטונג איז כדאי צו האבען. די מיידלאך האבען איצט גענומען בעדויערען זייער לייכטזיניגקייט, זייער געלעכטער, זייער פרייע האלטונג. און הגם איזידאר איז נאך אלץ געווען בעשיידען און צוריקגעהאלטען, איז אבער אויף איהם דאך ארויף עפעס א נייע הויט, פון וועלכע עס האט ארויסגעשיינט זיין צופריעדענהייט, זיין גליק.

נאך מיט א טאג פאר דעם פופצעהנטען אויגוסט, איז די רוע דאופין אויסגעפוצט געווארען מיט פאהנען.

דער גאנצער וועג איז בעשאטען געווארען מיט בלומען. די נאצ־יאנאלע גווארדיע איז געווען אויסגעשטעלט אויף דעם בעפעהל פון׳ם הויפט־מאן דעסבארעס, אן אלטען סאלדאט, וועלכער האט מיט שטאלץ בעהאלטען דעם קרייץ פון עהרען־לעגיאן, וועלכען דער קייזער אליין האט איהם געגעבען נעבען א קאזאצקער בארד. וואס ער האט ארונטערגעהאקט מיט זיין שווערד אין צייט פון׳ם רוסישען קריעג.ביידע זאכען האט ער ווי הייליגטהימער געהאלטען אין דער היים אונטער א גלאז.

די טרופע וועלכע איז געשטאנען אונטער זיין הערשאפט, איז געווען בעריהמט אין דער גאנצער פראווינץ און פון פינף און צוואנציג ביז דרייסיג מייל ארום און ארום, וואו עס איז נור געווען א פעסט, האט מען די דאזיגע טרופע פון גיזארס ארויסגערופען. מען דערצעהלט, אז קעניג לואיס פיליפ, ווען ער האט איין מאל ביי א פאראד געמושטרירט דאס מיליטער פון׳ם דעפארטמענט קיורע, איז פלוצים געבליבען שטעהן גאנץ ערשטוינט פאר דער טרופע פון גיזארס און האט אויסגערופען: פון וואנען קומען אט די דאזיגע שעהנע גרענאדערען?

— זיי זיינען פון גיזארס — האט געענטפערט דער גענעראל.

— אויב אזוי איז שוין רעכט, — האָט געמורמעלט דער קעניג.

דער הויפּט־מאַן דעסבארעס איז אלזאָ געקומען מיט זיינע לייט. די מוזיקאַנטען זיינען פאַראויס, כדי אָבצונעהמען איזידאָר'ן פון זיין מוטער'ס קראָם.

נאָך דעם, ווי מען האָט אונטער די פענסטער אָבגעשפּיעלט א מאַרש, האָט זיך דער יונגערמאַן אליין בעוויזען אויפ'ן שוועל.

ער איז פון קאָפּ ביז די פיס געווען אָנגעטהאַן אין ווייסען וועב און אויף זיין ווייסער הוט האָט ער געטראָגען א בוקעט פון אראַנ־ גען בליטען, ווי א מין קאָקארדע.

איבער דער פראגע ווי אזוי ער זאָל זיין געקליידעט, האָט זיך מאדאם הוססאַן א לאנגע צייט דעם קאָפּ צובראָכען. זי האָט זיך געקוויינקעלט און איז געשטאַנען צווישען דעם שווארצען אנצוג פון א קאָמיוניקאַנט און א גאַנץ ווייסען געוואַנד. אָבער פרענצעלע, מיט וועלכער זי איז זיך מישב געווען, איז געווען פאר א ווייסען אנצוג, ווייל, האָט זי טיעפזיניג בעמערקט, דער טוגענדהאַפטער יונגער מאַן וועט דאַן אויסזעהן ווי א שוואַן־פויגעל.

הינטער איהם איז געשטאַנען זיין וואָהלטהעטערין, מאדאם הוססאַן, מיט א טריאומפירענדער מינע. זי האָט אָנגענומען זיין אָרעם אום ארויסצוגעהן, און דער פאָרשטאַנד האָט זיך אוועקגע־ שטעלט רעכטס נעבען דעם אויסערוועהלטען. די פּויקען האָבען גענומען קלאַפּען, הויפּט־מאַן דעסבארעס האָט א קאָמאַנדעווע גע־ טהאַן: אכטונג! הויבט אויף דאָס געוועהר! דער צוג האָט זיך א לאָז געטהאַן צו דער קירכע, בעגלייט פון א גרויסען עולם מענשען, וועלכער איז זיך צוזאַמענגעלאָפען פון אלע ארומיגע דערפער.

נאָך א קורצען געבעט און א ריהרענדער רעדע פון דעם פּריסטער מאלאו, האָבען זיי זיך צוריקגעקעהרט צו דער פעסטונג, וואו אונ־ טער א צעלט איז געשטאַנען אָנגעגרייט א רייכער מאָלצייט.

איידער זיי האָבען זיך געזעצט צום טיש, האָט דער פאָרשטאַנד גענומען דאָס וואָרט. איך זאָג דיר, איך קען די רעדע אויף אויסענ־

ווענין, וואָרט פאר וואָרט, דען די רעדע איז ווירקליך געוועזן זעהר א שעהנע. און אָט וואָס ער האָט געזאָגט:

„יונגער מאַן! אַן אויסגעצייכענטע פרוי, וועלכע איז גע־ליעבט פון די אָרימע און געשעצט פון די רייכע, וועמען דאָס גאַנ־צע דאָרף ארום און ארום דאנקט איצט דורך מיין מויל, איך מיין מאדאם הוססאָן, איז איינגעפאלען אַ גליקליכער געדאנק צו גרינ־דען אַ טוגענד־פּרייז געזעלשאַפט און אויסצוטהיילען טוגענד־ פּריי־זע, וועלכע זאָלען זיין אַ גוטער ביישפּיעל פאר אלע איינוואָהנער פון אונזער וואונדער־שעהנער געגענד.

„איהר יונגער מאַן, זייט דער ערשטער, וועלכער וועט קריגען דעם דאָזיגען טוגענד־פּרייז, דער ערשטער פון דער דינאַסטיע פון די ריינע און צנועות'דיגע, ווערטה געקרוינט צו ווערען. אייער נאָ־מען וועט אויף אימער בלייבען אין דער שפּיצע אויף דער ליסטע פון די ווירדיגע, און פון היינט אָן מוז אייער גאַנץ לעבען ענט־שפּרעכען דעם דאָזיגען שעהנעם און גליקליכען אָנפאנג. פון היינט אָן און ווייטער זייט איהר פערפּפליכטעט צו דיעזער עדעלער פרוי, וועלכע האָט אייער גוטע אויפפיהרונג בעלאָהנט, צו דיעזער טרופּע, וועלכע האָט פון אייער כבוד וועגען דאָס געוועהר אויפגעהויבען, צו דער דאָזיגער טיעף־בעוועגטער פערזאמלונג, וועלכע האָט זיך צו־זאמענגעקליבען, אום אייך צו אפּלאָדירען, אָדער בעסער געזאָגט, אין אייך די טוגענד צו בעגריסען. איהר זייט פערפּפליכטעט צו דער שטאָדט, צו אונז אלעמען און ביז צו אייער טויט מוזט איהר אונז ווייטער געבען דעם גוטען ביישפּיעל, וועלכען איהר האָט אונז געגעבען אין אייער יוגענד.

„פערגעסט עס נישט, יונגער מאַן! איהר זייט דער ערשטער קערן, וועלכען מיר פערזייהען אויף דעם פעלד פון האָפנונג, גיט אונז די פרוכט, וואָס מיר ערווארטען פון אייך".

דער פאָרשטאַנד האָט געמאַכט דריי טריט, געעפענט זיינע אָרעמס און צוגעדריקט דעם שלוכצענדיגען איזידאָר'ן צו זיין הארצען.

דער יונגער מאַן האָט געוויינט אַליין ניט וויסענדיג פאַרוואָס, אין אונבעוואוסטער ריהרונג, פול שטאָלץ, פול גליקליכער אונבע־שטימטער ווייכקייט.

דאַן האָט איהם דער פאָרשטאַנד דערלאַנגט אין איין האַנד אַ זיידענע בייטעל, אין וועלכער עס האָט געקלונגען גאָלד, פינף הונדערט פראַנק אין גאָלד און אין דער אַנדערער האַנד אַ באַנק־בוך. דאַן האָט ער געזאָגט מיט אַ פייערליכער שטימע: זאָל דיר גאָט געבען גליק און זאָל היטען און בעשיצען דיין טוגענד!

דער הויפט־מאַן דעסבאַרעס האָט אַ געשריי געטהאָן: בראַוואָ! די גרענאַדערען האָבען געכרעוועט נאָך איהם, דאַס פאָלק האָט גע־פאַטשט אין די הענד.

מאַדאַם הוססאָן האָט זיך געווישט די אויגען.

דאַן האָט מען זיך געזעצט צום טיש, אויף וועלכען עס איז גע־ווען סערווירט אַ מאָהלצייט.

דאָס עסען האָט געדויערט זעהר לאַנג און עס איז געווען פראַכטפאָל. איין שיסעל האָט געפאָלגט דער אַנדערער, דער גע־לער עפעל־וויין און דער רויטער יאַגדעס־וויין האָבען זיך פער־ברידערט אין די גלעזער און אויסגעמישט אין מאַגען. דאָס קלאַ־פען פון די טעלער, דער גערויש פון די שטימען, דאָס שפיעלען פון מוזיק, אַלעס האָט זיך אויסגעמישט אין איין שרעקליכען טומעל און זיך געטראָגען הויך אין דער לופטען, וואו די לערכען־פויגעלאַך זיינען געפלויגען. מאַדאַם הוססאָן האָט אַלע ווייל צורעכט גע־מאַכט איהר שוואַרץ זיידענעם פאַרוק, וואָס האָט זיך געוועזן אַראָבגע־רוקט אויף איין אויער און האָט זיך אונטערהאַלטען מיט'ן פריסטער מאַלאָו. דער פאָרשטאַנד איז געוועזן גוט אויפגעלעגט און האָט גע־רעדט מיט דעם הויפט־מאַן דעסבאַרעס איבער פאָליטיק. און אי־זידאָר האָט געגעסען, און איזידאָר האָט געטרונקען, ווי ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבען ניט געגעסען און ניט געטרונקען. ער האָט פון יעדען געריכט זיך גענומען צו עטליכע מאָל און צום ערשטען מאָל האָט ער דערזעהן, אז עס איז אַ גאַנץ גוטע זאַך

זיך אָנצושטאָפּען דעם בויך מיט אַזעלכע געשמאַקע עסענוואַרג. ער האָט פלינק ליין געמאַכט דעם גארטעל אויף זיינע הויזען, וועלכער האָט גענומען דריקען זיין געשוואָלען בייכעל און שוויי־גענדיג, אָבער דאָך עטוואָס פערשעהמט צוליעב דעם ווייןּ פלעק אויף זיין ווייסען ראָק, האָט ער אויפגעהערט צו קייהען און זיך גענומען צו זיין גלאָז וויין, וועלכע ער האָט געטרונקען לאַנגזאַם, כדי וואָס לייגגער צו פיהלען דעם גוטען טעם אין מויל.

דער אבענד איז אָנגעפאַלען, און מען איז נאָך אַלץ ביים טיש געזעסען, פון מיטאָג אָן האָט מען ניט אויפגעהערט צו עסען. עס איז טונקעל געוואָרען. מילך־ווייסע נעבעלם האָבען זיך איבער'ן טהאָל פערשפּרייט, דאָס לייכטע נאַכט־קלייד פון די טייבען און לאַנקעס. די זון איז אונטערגעגאַנגען אונטער'ן האָריזאָנט, די קיה האָבען גע'מעע'קעט ערגעץ אין די פעלדער, איינגעוויקעלט אין נעבעל. דער מאַלצייט האָט זיך געענדיגט, מען האָט זיך אומ־געקעהרט צוריק אין גיזארס. דער צוג איז יעצט צופאַלען, און מען איז געגאַנגען אין אונאָרדנונג. מאַדאַם הוססאָן האָט גענומען אי־זידאָר'ן אונטער'ן אָרעם און געהענדיג מיט איהם, האָט זי איהם געגעבען עטליכע גוטע, נויטהיגע עצות.

פאַר דער הויז פון דער גרינס־הענדלערקע האָט זי זיך אָב־געשטעלט און דער געקרוינטער יונגער מאַן איז געבליבען ביי זיין מאַמען אין הויז.

די מאַמע האָט זיך נאָך ניט אומגעקעהרט אַהיים. איהר משפּחה האָט איהר איינגעלאַדען צו זיך, דאָרט ביי זיי צו פייערען דעם טריאומף פון איהר זוהן, און נאָכדעם ווי זי האָט בעגלייט דעם צוג ביז צו דעם געצעלט, וואו דער באַנקעט האָט געזאָלט זיין, איז זי אוועק עסען צו איהר שוועסטער.

איזידאָר איז אַלזאָ געבליבען אַליין אין דעם טונקעל קרע־מעל. ער האָט זיך געזעצט אויף אַ שטוהל, דער וויין און דער שטאָלץ האָבען איהם אויפגערעגט, און ער האָט זיך ארומגע־קוקט ארום זיך.

די מערען, די קרויט, די ציבעלע האבען איהם אין דעם פער־מאכטען צימער פערשפרייט א שטארקען גארטען גערוך, וועלכער האט זיך אויסגעמישט מיט דעם לייכטען אראמאט פון פיטשעס.

דער יונגער מאן האט גענומען א פיטש און זי אויפגעגעסען, הגם זיין בויך איז געווען רונד ווי א קירבעס. פלוצים איז אויף איהם אנגעפאלען א משונה'דיגע פרייד און ער האט גענומען טאנ־צען, דערביי האט אין זיין ראק עפעס מאדנע געקלונגען. ער איז געווארען ערשטוינט, האט אריינגעשטעקט די הענד אין די קע־שענעס און ארויסגעשלעפט דעם בייטעל מיט די פינף הונדערט פראנק, וועלכע ער האט אין גאנצען פערגעסען. פינף הונדערט פראנק, א גאנצער פערמעגען! ער האט אויסגעשאטען די גאלד־שטיקער אויף דעם קאנטאר, זיי צערטליך צושפרייט מיט זיין גרוי־סער, אפענער האנד, כדי זיי גוט אנצוקוקען. פינף און צוואנציג רונדע גאלד־שטיק, אלע גאלד... זיי האבען געבליסטשעט אויפ'ן ברעט אין דער טיעפער דונקעלהייט און ער האט זיי געצעהלט און געצעהלט, געטאפט מיט'ן פינגער יעדע איינציגע בעזונדער: איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף, הונדערט, זעקס, זיבען, אכט, ניין, צעהן— צוויי הונדערט... דאן האט ער זיי ווידער אריינגעלעגט אין געלד־בייטעל, וועלכען ער האט אריינגערוקט אין קעשענע.

ווער קען ווייסען, ווער וועט ווען עס איז בעגרייפען דעם מורא'דיגען קאמפף צווישען דעם יצר הרע און דעם יצר טוב אין דער נשמה פון דעם דאזיגען ריינעם, אונשולדיגען, נאאיווען מענ־שען? ווער קען וויסען דעם ווילדען אנגריף פון טייפעל, וואס פאר א נסיון, וואס פאר א פאסטקע ער האט אוועקגעשטעלט פאר זיין יונג, ריין הארץ! וואס פאר א בילדער, וואס פאר א טרוימען האט אויסגעטראכט דער בייזער שטן, אום דעם דאזיגען אויסער־וועהלטען צו כאפען און צו פערדארבען? דער טוגענדהאפטער יונגער מאן, וועמען מאדאם הוססאן האט אויסגעקליבען אלס דעם ריינסטען פון אלע ארומיגע מענשען האט גענומען זיין הוט, זיין הוט אויף וועלכען עס האט נאך געשטעקט דאס קליין אראנגענ־

בליטען בוקעטעל און איז ארויס אין גאס הינטער'ן הויז און איז פערשוואונדען געוואָרען אין דער נאַכט.........

ווען מען האָט אָנגעזאָגט דער גרינס-הענדלערקע ווירגיניע, אז איהר זוהן איז אהיים געקומען, האָט זי גלייך אויפ'ן שטעל זיך אומגעקעהרט אַהיים און געפונען די שטוב אַ ליידיגע. דאָס האָט זי אין אַנהויב גאַרנישט פערוואונדערט און זי האָט רוהיג געווארט אויף איהם; דאן אין אַ פיערטעל שעה ארום האָט זי זיך גענומען נאַכפרעגען. די שכנים אין דער רוע דאופין האָבען געזעהן איזי-דאָר'ן קומענדיג אהיים, אָבער זיי האָבען איהם נישט געזעהן אוועקגעהענדיג. מען האָט איהם גענומען זוכען, מען האָט איהם אָבער ניט געקענט געפינען. די מוטער איז געוואָרען אונרוהיג און איז געלאָפען צום פּאָרשטאַנד. ער האָט פון גאָרנישט גע-וואוסט, אויסער אז זיי האָבען געבראכט דעם יונגען מאן ביז צו זיין טהיר. מאדאם הוסעאָן איז שוין געלעגען אין בעט, ווען מען האָט איהר אָנגעזאָגט, אז איהר בעשעצטער איז פערשוואונדען געוואָרען. זי האָט גלייך צוריק אָנגעטהאָן איהר פּאריק, האָט זיך אויפגע-הויבען און איז אליין אוועק צו ווירגיניען. ווירגיניע, וועמעס איינ-פאכע הארץ איז לייכט בעאיינפלוסט געוואָרען פון די ארומיגע אומשטענדען, איז געזעסען הינטער איהרע קעפּלאך קרויט, איהרע מערען און ציבעלע און האָט געיאָמערט.

מען האָט מורא געהאַט, אז אן אונגליק איז געשעהן. וואָס? דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט. הויפּט-מאן דעסבארעס האָט גע-לאָזט וויסען די זשאַנדארען, וועלכע האָבען דורכגעזוכט די גאנצע שטאָדט, און אויף דער גאס צו פאנטאיזע האָט מען געפונען דעם קליינעם בוקעטעל אראנגענבליהטען. מען האָט איהם אוועקגע-לייגט אויפ'ן טיש, ארום וועלכען עס זיינען געזעסען די שטאָדט בעל הבתים און האָבען זיך בעראטהען. דער טוגענדהאפטער יונגער מאן איז הפּנים געפאלען אלס אָפּפער פון קנאה, פון פערדרוס. אָבער ווי אזוי? וועלכע מיטלען זיינען אנגעווענדעט געוואָרען

אום דעם אונשולדיגען צו פערנארען און צו וואס פאר א צוועק האט מען עס געטהאן?

צום סוף איז אלעמען מיאוס געווארען נאך לייננער צו זוכען אומזיסט און זיי זיינען אלע אוועק שלאפען. נור ווירגיניע איז געבליבען וואך און האט ניט אויפגעהערט צו וויינען.

ווען דער פאסט־וואגען האט זיך אויפ'ן צווייטען טאג אומגעקעהרט צוריק פון פאריז, האט גיזארם מיט שרעק זיך דערוואוסט, אז איזידאר האט אבגעשטעלט דעם וואגען צוויי הונדערט מעטער פון דאנען, אז ער איז אריין אינווייניג, האט בעצאהלט פאר זיין פלאץ מיט א גאלד־שטיק, פון וועלכען ער האט זיך געלאזט געבען רעשטע און אז ער איז דאן גאנץ רוהיג אויסגעשטיגען אין מיטען פון דער גרויסער שטאדט.

די אויפרעגונג אין גיזארם איז געוואקסען. בריעף זיינען געלאפען פון'ם פארשטאנד צום פאריזער פאליציי־שעף און צוריק, אבער אהן ערפאלג.

איין טאג אוועק נאכ'ן אנדערען, ביז א גאנצע וואך איז אריבער.

דאן איין מאל, ווען דאקטאר בארבעסאל איז אין דער פריה ארויס צו זיינע פאציענטען, האט ער בעמערקט אויפ'ן שוועל פון א טהיר א מאן אין א גרויען לייווענטענעם אנצוג, וועלכער איז געלעגען אנגעשפארט דעם קאפ אן טהיר און איז געשלאפען. ער איז צוגעגאנגען נעהענטער און דערקענט איזידאר'ן.

ער האט איהם געוואלט אויפוועקען, האט אבער נישט געקענט. דער פריהערדיגער ביישפיעל פון טוגענד איז געשלאפען מיט א טיעפען, שטארקען, בעאונרוהיגענדען שלאף און דער פערוואונדערטער דאקטאר האט גענומען רופען נאך הילף, אום צו ברייננען דעם יונגען מאן אין אן אפטייק. ווען מען האט איהם אויפגעהויבען, האט מען ביי איהם געפונען א ליידיגע פלאש. דער דאקטאר האט א שמעק געטהאן און ערקלעהרט, אז אין איהר איז געווען שנאפס. דאס איז געווען אן אנצוהערעניש ווי אזוי איהם צו בעהאנדלען.

און איצט איז געלונגען איהם צו ברייננגען צו זיך. איזידאָר איז געווען שיכור, טויט שיכור, שרעקליך אָבגעלאָזען, און אזוי שמור־ציג, אז קיין גאסען־קעהרער וואָלט זיך צו איהם ניט וועלען צו־ריהרען. פון זיין שעהנעם, ווייסען, לייווענטענעם אנצוג איז גע־וואָרען אַ געל־גרויע, צופלעקטע, שטינקענדיגע, שמוציגע טראנטע און פון דעם גאנצען מענשען האָט זיך געהערט רינשטאָק, שמוץ און לאַסטער.

מען האָט איהם ארומגעוואשען, אויסגערייניגט, געהאַלטען פאר איהם אַ לאַנגע דרשה, דאן האָט מען איהם פערשפּארט און פיער טעג נאָכאַנאַנד איז ער ניט ארויס פון הויז. עס האָט געשיינט, אז ער שעהמט זיך און האָט חרטה. מען האָט ביי איהם נישט געפונען ניט דעם בייטעל מיט די פינף הונדערט פראנק, ניט דעם באנק־ביכעל און ניט דעם זילבערנעם זייגער, אַ הייליגע ירושה פון זיין פאָטער, דעם גרינס־הענדלער.

אויפ'ן פינפטען טאָג האָט ער זיך אַנגענומען מיט מוטה און איז ארויס אויף דער רוע דאופין. נייגעריגע בליקען האָבען גע־פאָלגט נאָך איהם, און ער איז געגאַנגען ארום די הייזער, דעם קאָפּ צו דר'ערד געבויגען און ניט געוואגט אויף קיינעם אַ קוק צו טהאָן. ער איז פערשוואונדען אונטען אין טהאָל, אָבער אין צוויי שעה ארום האָט ער זיך ווידער בעוויזען לאַבענדיג און האַל־טענדיג זיך פאר די ווענד. ער איז ווידער געווען שיכור, שיכור ווי לוט.

עס איז נישט געווען מעגליך איהם צו היילען.

זיין מוטער האָט איהם ארויסגעיאָגט. ער איז געוואָרען אַ פוהרמאַן און געפיהרט וועגען מיט קוילען פאר דער פירמע פאור־גיזעל, וועלכע עקזיסטירט נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג.

זיין נאָמען, אלס שיכור, איז געוואָרען אזוי גרויס, אז מיילען און מיילען ארום האָט מען געערדט פון דעם צניעות'דיגען בחור'ל פון דער מאדאם הוססאָן און אלע שיכורים פון דער ארומיגער געגענד רופט מען מיט דעם דאָזיגען נאָמען.

יעדע וואהלטהאט ברייננט פּראַצענט...

דאָקטאָר מאראמבאט האָט זיך געריבען די הענד נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט זיין געשיכטע. איך האָב געפרעגט:

— האָסטו איהם דען געקענט, דעם בעזיצער פון'ם טוגענד־פּרייז?

— איך האָב געהאַט די עהרע איהם צו צומאַכען די אויגען.

— פון וואָס איז ער געשטאָרבען?

— פון שיכרות. פון וואָס דען?

מיר זיינען צוגעקומען צו די אַלטע פעסטונגען, עטליכע איינ־געפאַלענע מויערען ווי רואינען איבער וועלכע עס האָבען זיך אויפ־געהויבען דער געוואַלדיגער טורעם סיינט טהאָמאַס פון קאַנטער־ביורי, און דער זאַגענאַנטער טורעם פון דעם געפאַנגענעם.

מאראמבאט האָט מיר דערצעהלט די געשיכטע פון דעם דאָזי־גען געפאַנגענעם, וועלכער האָט מיט דער הילפע פון אַ טשוואָס בערעקט די ווענד פון זיין תפיסה מיט די שעהנסטע סקולפּטורען.

דאַן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז קלאָטהאַר דער צווייטער האָט איבערגעגעבען זיין פעטער, דעם הייליגען ראָמאַנוס, דעם ערץ־בישאָף פון רואַן, די הערשאַפט איבער גיזאָרס, אַז דיעזע שטאָדט איז דער וויכטיגסטער סטראַטעגישער פּונקט פון דעם טהייל פראַנקרייך, און אַז צוליעב דעם דאָזיגען פּאַרטהייל איהרען, איז זי שוין פיעל מאָל איינגענומען געוואָרען פון'ם שונא. אויף דעם בעפעהל פון ווילהעלם דעם רויטען, האָט דער בעריהמטער פעס־טונגס־בוימייסטער ראָבערט, פון בעלעסמע, דאָרט אויסגעלייגט אַ געוואַלדיגע פעסטונג, וועלכע איז שפּעטער פיעל מאָל בעלאַגערט געוואָרען און אַזוי ווייטער און ווייטער.

און צום סוף האָט מאראמבאט געזאָגט איבערצייגט:

— די ענגלענדער, אַזעלכע לומפּען! זיי זיינען אַלע שיכורים. אַלע, אַלע זיינען זיי טוגענד־בעזיצער, די אַלטע באַנדיטען!

דאַן, נאָך אַ קליין פּויזע, האָט ער אַנגעוויזען מיט דער האַנד אויף אַ שמאָל טייכעל, וועלכע האָט געבליסטשעט אויפ'ן פעלד:

— האסטו געוואוסט, אז העגריך מאנגיער איז געווען איינער פון די בעסטע פיש־כאפער אין דיעזען געגענד?

— ניין, דאס האב איך ניט געוואוסט.

— און באופפע? ליעבער פריינד, באופפע איז דא געווען א גלאז־מאהלער.

— ווירקליך?

— יא, יא, גאנץ געווים. אבער דו זאלסט אזא זאך ניט וויסען!

ע נ ד ע.

# דער ערשטער שנעע.




י לאנגע פראמענאדע פון לא קראיסעט ציהט זיך האלב רונד ביז צום ברעג פון'ם בלויען וואסער. דארט, אויף דער רעכטער זייט, געפינט זיך דער אינזעל עסטערעל, וועלכער זעהט זיך ביז ווייט אין ים ארויס. ער פערשטעלט די ווייטקייט און שניידט איבער דעם האריזאנט מיט זיינע פיעלע וואונדער־שעהנע און פאנטאסטישע בערג־שפיצען.

אויף דער לינקער זייט ליגען די אינזלען סיינט־מארגאריטא און סיינט־האנאראט אין סאמע וואסער און פון ווייטען זעהען זיך זייערע לאנגע רייהען סאסנע־בוימער.

און אין דער גאנצער לענג פון גאלף, אין דער גאנצער לענג פון די בערג, וועלכע רינגלען ארום קאננעס, שטעהען ווייסע ווילאס, שעהנע זומער־וואהנונגען און דרימלען, דאכט זיך, אין זון שיין. פון איבער די סאמע שפיצען ביז גאר אונטען פון די בערג, ווי קופ־קעלאד שנעע אין דער ארומיגער טיעפער גרינקייט.

די ווילאס, וואס געפינען זיך נעהענטער צום וואסער, קוקען ארויס אויף דער ריעזיגער פראמענאדע, אז וועלכער עס קלאפען זיך אן לייכטע וועלען. די לופט איז מילד און שמעקעדיג. עס איז איינער פון יענע טעג, ווען ס'פיהלט זיך דא ניט די קעלט פון ווינטער. איבער די ווענט פון די גארטענס זעהען זיך פאמעראנצען־בוימער און ציטרין־בוימער פול מיט גאלדענע פרוכטען. פרויען שפאצירען מיט לאנגזאמע טריט איבער'ן זאמדיגען וועג, נאך מאנכע

פון זיי לויפען נאך פרעהליכע קינדער קייקלענדיג א רייף, אנדערע פלוידערען מיט יונגע לייט.

— — — — — — — — — — — — —

א יונגע פרוי איז נאר וואס ארויס פון טהיר פון איהר קאקע־טיש קליין הייזעל, וועמעס פענסטער האבען ארויסגעקוקט צו לא־קראיסעט. זי האט זיך אויף א ווייל־ע אבגעשטעלט, כדי צו בע־טראכטען די שפאציר־געהער. דאן האט זי א שמייכעל געטהאן און מיט א שוואכען, אונזיכערען גאנג פון א שווער־קראנקען מענ־שען זיך געלאזט געהן צו א ליידיגער באנק נאהנט ביים ים. אב־געגאנגען א צוואנציג טריט, האט זי זיך אוועקגעזעצט א פערמא־טערטע, אהן אן אטהעם. איהר בלייכער פנים זעהט אויס ווי דאס פנים פון א טויטער. זי הוסט און טראגט צו די ליפען איהרע דורכזיכטיגע פינגער עפעס אזוי, ווי צו פערהאלטען דעם מורא'די־גען הוסט, וואס צורייסט איהר הארץ.

זי קוקט אויף דעם הימעל פול מיט זון־שיין און אויף די גרינע בוימער, אויף דעם וואונדערליכען זיגזאג פון בערג־שפיצען, אן דארט, אין עסטערעל און גאנץ נאהענט נעבען איהר אויף דעם ים, וועלכער איז איצט אזוי בלוי, אזוי רוהיג, אזוי שעהן.

זי טהוט ווידער א שמייכעל און מורמעלט ארויס:

— אך, ווי גליקליך איך בין!

און דאס וויים זי, אז זי האלט אין שטארבען, אז זי וועט שוין מעהר ניט זעהן קיין פריהלינג, אז אין א יאהר ארום וועלען די זעלבע מענשען, וועלכע שפאצירען איצט איבער דער פראמענאדע, צוריקקומען אהער צו אטהעמען די ווארימע לופט פון דעם דאזיגען רייצענדען פלאץ, מיט זייערע קינדערלאך אביסעלע אונטערגע־וואקסען, מיט זייערע הערצער פון האפנונג, פול ערוואַרטונג, פול גליק, בעת זי וועט ליגען אין דעם דעמבענעם קאסטען ערגעץ אין א טיעפער גרוב, דאס ארעם ביסעל פלייש, וואס איז היינט נאך דא אויף איהר, צוגעסען און פערפוילט און נאר די ביינער וועלען

נאָך פערבלייבען אין דער זיידענער קלייד, וועלכע זי האָט אויס־געקליבען פאר איהר לעצטען פוץ.

זי וועט שוין דאן מעהר נישט זיין. אלעס אין לעבען וועט אָנ־געהן ווי פריהער... פאר אנדערע. פאר איהר וועט דאָס לעבען זיין פארביי. זי וועט מעהר ניט זיין, וועט מעהר ניט לעבען. זי שמייכעלט, און מיט איהרע קראנקע לונגען ציהט זי אריין אין זיך, אזוי פיעל ווי זי קען, די שמעקעדיגע לופט פון די גארטענס.

זי פערטראכט זיך און ווערט פערלאָרען אין עראינערונגען.

— — — — — — — — — — — — —

זי דערמאָנט זיך אָן דער פערגאנגענהייט. מיט פיער יאָהר צו־ריק האָט זי געהייראט מיט אַ נארמאנישען יונגען מאן. ער איז געווען שטאַרק, יונג, געזונד, מיט אַ בערדעל, מיט אַ פּאָר ברייטע פּלייצעס, אַ שמאָלען בליק אויפ'ן לעבען און אַ צופריעדענעם כאַ־ראקטער.

זיי זיינען פעראייניגט געוואָרען צוליעב וועלטליכע צוועקען, וועלכע זי האָט ניט קלאָהר פערשטאַנען. עס קען זיין, אז זי וואָלט סיי־ווי־סיי מסכים געווען צום שידוך, אין דעם פאַל אָבער האָט זי געזאָגט „יאָ", כדי ניט צו ערגערען איהר פאָטער און מוטער. זי איז געווען אַ פאַריזערקע, אַ לעבעדיגע, אַ פרעהליכע און פול מיט לעבענסלוסט.

איהר מאן האָט איהר געבראכט צו זיך אהיים אין זיין נאָרמאַ־נישען שלאָס. עס איז געווען אַ גרויסע שטיינערנע געביידע, ארומ־גערינגעלט מיט הויכע, הונדערטער יאָהרען אלטע ביימער. אַ מאַסע הויכע סאָסנעס האָבען פון פאָרענט אין גאנצען פערשטעלט דאָס הויז. אויף דער רעכטער זייט האָט אַן עפענונג צווישען די ביימער געלאָזט אַ פלאַכע שטיק לאַנד, וועלכע האָט זיך געצויגען ביז צו די וויייטסטע פארמעס. אַ געקרייצטער וועג נעבען דער לי־ניע פון גרעניץ, האָט געפיהרט צו דעם גרויסען וועג, דריי קילאָמע־טער פון דאנען.

ווען זי איז פון דער קארעטע ארויס און האט א קוק געטהאן אויף דער אלטער געביידע, האט זי אויסגערופען מיט א געלעכטער:

— עס זעהט ניט אוים פרעהליך!

איהר מאן האט זיך אויך צולאכט און געענטפערט:

— עט! מען ווערט צוגעוואהנט! וועסט זעהן. איך, פון מיין זייט, פיהל זיך דא קיינמאל ניט אומעדיג.

יענעם טאג האבען זיי פערבראכט צוזאמען אין האלובען און צערטלען איינער דעם אנדערען און די צייט איז ניט געווען צו לאנג. דאס האט אזוי אנגעהאלטען ארום דריי מאנאטען. די טעג זיינען אוועק איינער נאך דעם אנדערען און הגם זי האט ניט געטהאן קיין וויכטיגע ארבייט, דאך איז זי געווען פערנומען. זי האט געלערענט צו פערשטעהן די בעדייטונג און די וויכטיגקייט פון די קליינינקייטען פון לעבען. זי האט זיך דערוואוסט, אז מענשען קענען זיך אינטערעסירען מיט דעם פרייז פון אייער, וועלכע קאסטען אמאל עטליכע סאנטים מעהר און אמאל וויינינגער, נאכ'ן סיזאן נאך.

עס איז געווען זומער. זי איז געגאנגען אין די פעלדער צו זעהן ווי מען שניידט די תבואה. די פרעהליכקייט פון דער ליכטיגער זון האט אויפגעהאלטען די פרעהליכקייט פון איהר הארצען.

דער אסען איז געקומען. איהר מאן איז אוועק אויף געיעג. גאנץ פון פריה האט ער זיך אוועקגעלאזען מיט זיינע צוויי הינט, מעדאר און מירצא. דאן איז זי געבליבען אליין, אבער דאס וואס הענרי געהט אוועק, האט זי ניט געארט. זי האט איהם גאנץ ליעב געהאט, אבער ער האט איהר ניט געפעהלט, זי האט נאך איהם ניט געבענקט. ווען ער איז צוריק אהיים געקומען, איז איהר גאנצע צערטליכקייט אוועק צו די הינד. זי איז ארום זיי ארומגעגאנגען יעדען אבענד מיט דער צוגעבונדענקייט פון א מוטער, האט זיי געגלעט און געלאסטשעט און זיי גערופען מיט טויזענד נעמען, וועלכע זיינען איהר קיינמאל ניט איינגעפאלען צו בענוצען פאר איהר מאן.

ער האט איהר שוין פיעל מאל דערצעהלט אלעס וועגען זיין געיעג. האט איהר אנגעוויזען די פלעצער וואו ער האט געפונען פער-

שיעדענע פויגלאך, זיך געוואונדערט, וואס ער האט געוויסע צייטען גארנישט געקענט כאפען, אדער האט גערעדט מיט כעם וועגען הערר לעכאפעליער פון האוור, וועלכער איז אימער געגאנגען אויף געיעג נאהנט נעבען זיינע וועלדער און האט געשאסען חיות, נאך וועלכע ער, הענרי דע פארוויל, האט זיך געיאגט.

זי האט געענטפערט: „יא, ווירקליך: דאס איז ניט רעכט". דענקענדיג די גאנצע צייט וועגען עפעס אנדערש.

דער ווינטער איז געקומען, דער נארמאנישער ווינטער, קאלט און רעגענדיג. דער רעגען האט נאכאנאנד געקלאפט אין די דעכער. דער ווינד האט געוואיעט און געפייפט. דער גרויסער וועג האט אויסגעזעהן ווי א שטראם פון בלאטע, די גאנצע געגענד ווי א פלאכע פעלד פון קויט, און קיין שום גערויש האט זיך ניט געהערט אויסער דעם גערויש פון די וואסער. קיין בעוועגונג האט זיך ניט געזעהן אין ערגעץ ארום, אויסער די מחנות קראהען, וועלכע האבען זיך בעוויזען ווי א וואלקען איבער'ן הימעל און געטריבען פון שטורעם גלייך ווייטער אנטלאפען.

א זייגער פיער פאר־נאכט איז א גאנצע ארמעע דונקעלע פויגלען געקומען צופליהען און זיך בעזעצט צווישען די צווייגען פון די הויכע בירענבוימער אויף דער לינקער זייט פון שלאס. האבען זיי אנגעפילט די לופט מיט פערטויבענדע געשרייען. כמעט א שטונדע נאכאנאנד זיינען זיי ארומגעשפרונגען פון איין שפיץ בוים אויפ'ן צווייטען; עפעס אזוי, ווי זיי וואלטען זיך געשלאגען איינע מיט די אנדערע, דערביי ארויסגעלאזען שניידענדע קולות און בעוועגט די גרויע צווייגען מיט זייערע פליגלען. זי האט אויף זיי געקוקט יעדען אבענד מיט א דריקעניש אין הארצען, אזוי שווער האט אויף איהר געווירקט די טרויעריגע מעלאנכאליע פון דער נאכט, וואס איז אנגעפאלען אויף דער איינזאמער, פערוואר־פענער געגענד.

דאן האט זי אנגעקלונגען נאך דעם לאמפ און זיך צוגערוקט צום פייער. זי האט אויסגעברענט קופעס האלץ און ניט געקענט דער־

ווארימען די גרויסע צימערען, וועלכע זיינען געווען דורכגענומען מיט נעץ. עס איז איהר געווען קאלט יעדען טאג, שטענדיג, אר־מעדום. אין זאאל, אין עס־צימער ביים עסען, אין איהר אייגענעם צימער. עס האט זיך איהר געדאכט, אז איהר פרירט ביז צום מארך פון איהרע ביינער. ער איז בלויז געקומען צום מיטאג. ער איז שטענדיג געווען אויף געיעג, אדער ביים זעען און אקערן די ערד און אנדערע לאנד ארבייט.

ער פלעגט קומען אהיים פרעהליך, מונטער, איינגעשמירט אין בלאטע און רייבענדיג די הענד פלעגט ער אויסרופען:

— „וואס פאר א מיאוס'ער וועטער!", אדער „עס איז גוט צו האבען א פייער!", אדער מאנכעס מאל „נו, וואס מאכסטו עפעס היינט? ביזט פריש און מונטער?"

ער איז געווען גליקליך, געזונד, האט ניט געהאט קיין שום פער־לאנגען, האט פון קיין זאך ניט געטראכט אויסער פון זיין איינפא־כען, געזונדען און רוהיגען לעבען.

ארום דעצעמבער צייט, ווען דער ערשטער שנעע איז ארויס־געפאלען, האט זי אזוי פיעל געליטען פון דער אייז־קאלטער לופט מיט וועלכער דער שלאס איז געווען דורכגענומען, עפעס אזוי, ווי ער וואלט דורך די יאהרהונדערטע די פייכטקייט און די קעלט אין זיך אנגעזאפט, אז זי האט זיך איין מאל אין אבענד אבגערופען צו איהר מאן:

— הער אויס, הענרי! דו מוזט אין קעלער ארייגשטעלען אזא מין אויווען, וואס זאל בעהייצען דאס גאנצע הויז: דאס וואלט אויסגעטריקענט די ווענד און ארויסגעצויגען די פייכטקייט. איך פערזיכער דיר, איך קען זיך ניט דערווארימען פון פריה ביז נאכט.

אין אנהויב איז ער געווארען ערשטוינט איבער דעם משוגע'נעם איינפאל ארייגצופיהרען מאדערנע בעהייצונג אין זיין גרויסען אלטען הויז. עס וואלט איהם אויסגעזעהן מעהר נאטירליך, ווען ער זאל קארמענען די הינד פון זיין אייגענעם זילבערנעם טעלער.

דאן האט ער זיך צולאכט הויך אויפ'ן קול, מיט זיין פולער ברוסט, און אויסגערופען:

— דו ווילסט האבען בעהייצונג דא אין הויז! אין דער הויז! אך, וואס פאר א גוטער וויץ!

זי איז געווען איינגעשפארט:

— איך פערזיכער דיר, מיין טהייערער, איך בין א דערפראָרענע: דו פיהלסט ניט די קעלט, ווייל דו בעוועגסט זיך שטענדיג. איך, אבער, פיהל, אז איך פריהר.

ער האט געענטפערט נאך אלץ לאכענדיג:

— עט! דו וועסט זיך צוגעוואהנען און אויסער דעם איז עס אויסגעצייכענט פאר'ן געזונד. עס וועט דיר גאר נישט שאדען; דו וועסט דערפון נאך געווינען. צום טייפעל! מיר זיינען ניט קיין פאריזער, צו לעבען אין אנגעהייצטע הייזער. און אויסער דעם איז פריהלינג שוין ניט ווייט.

— — — — — — — — — — — — —

אין אנהויב פון יאנואר האט איהר א גרויס אונגליק געטראָפען. איהר פאטער און מוטער זיינען דער'הרג'עט געווארען פון א קארעטע. זי איז געקומען אין פאריז צו דער לויה. דער דאָזיגער אונגליק האט זי אריינגעווארפען אין פערצווייפלונג, א טיעפער טרויער איז אויף איהר אנגעפאלען און ארומגעכאפט איהר נשמה, איהר הארץ, איהר קאפ. זעקס מאנאטען נאכאנאנד איז זי געווען פערנומען מיט דעם איין איינציגען געדאנק וועגען איהרע פערלארענע עלטערן.

די ווארימקייט פון די שעהנע טעג האבען צום סוף איהר אויפגעוועקט. דערנאך איז איהר לעבען אוועק אומעדיג, טרויעריג און פול בענקעניש ביז דער אסען איז אנגעקומען.

ווען די קאלטע וועטערען זיינען צוריקגעקומען, האט זי צום ערשטען מאל א טראכט געטהאן וועגען איהר אומעדיגער צוקונפט. וואס זאל זי טהאן? גאר נישט. וואס וועט מיט איהר פאסירען פון היינט אן? גאר נישט. וואס פאר ערוואַרטונגען, וועלכע

האפנונגען קענען בעלעבען איהר צוּאוועהטאגט הארץ? קיינע. א דאקטאר, וועלכען מען האט צו איהר גערופען, האט ערקלעהרט, אז זי וועט קיינמאל ניט האבען קיין קינדער.

נאך שארפער און פיינליכער ווי פאר א יאהרען, האט זי איצט נאכאנאנד געליטען פון די קעלט.

זי האט אויסגעצויגען איהרע פון קעלט ציטערנדע הענד צו די גרויסע פלאמען. דער קנאקענדיגער פייער האט איהר געברענט דאס פנים; אבער אן אייזיגער ווינד האט איהר געיאגט אין רוקען, זיך דורכגעריסען דורך איהרע קליידער. זי דורכגענומען דורך און דורך. און זי האט זיך געטרייסעלט פון קאפ ביז די פיס. אונצעהליגע קאלטע שטראמען האבען עפעס אזוי ווי זיך בעהאלטען אין אלע צימערען, אין אלע ווענד, אין אלע ווינקלען און פון דארט זיך אויף איהר געיאגט, ווי דם שונאים. זי האט זיי געפיהלט יעדען מאמענט; זיי האבען איהר נאכאנאנד געשמיסען, דא אין פנים, דא אין די הענד, דא אויפ'ן האלז מיט זייער בייסענ־דען, פראסטיגען אטהעם.

און זי האט נאך אמאל פרובירט ריידען וועגען א גרויסען אויוועז אין קעלער, וועלכער זאל מיט הייסער לופט בעהייצען דאס גאנצע הויז. אבער איהר מאן האט אויסגעהערט איהר פערלאנג מיט אזא מינע, ווי זי וואלט געבעטען דאס טעלערעל פון הימעל. דאס אריינפיהרען אזא מין בעהייצונג אין פארוויללע האט איהם אויסגעזעהן פונקט אזוי אונמעגליך.

זייענדיג איין מאל אין רואן וועגען געשעפט, האט ער פון דארט געבראכט פאר זיין ווייב א קליין פוס־פייער־טעפעל, געמאכט פון קופער, וועלכען ער האט אויף שפאס אנגערופען „בעוועגליכע הייסע וואסער־בעהייצונג". ער האט גערעכנט, אז דאס וועט זי אנווארי־מען און עס וועט איהר שוין מעהר ניט זיין קאלט.

ארום סוף דעצעמבער האט זי פערשטאנען, אז אזוי שטענדיג

לעבען קען זי ניט און איין מאל אין אבענד ביים עסען האט זי ניט דרייסט געזאגט:

— הער אויס, טהייערער! טאמער וואלטען מיר פערבראכט א וואך אדער צוויי אין פאריז איידער דער פריהלינג קומט אן?

ער איז געווארען צומומעלט:

— אין פאריז? אין פאריז? אבער וואס האבען מיר דארט וואס צו טהאן? ביי גאט, ניין. אונז איז א סך בעסער דא. וואס פאר משוגה'דיגע אידעען דיר פאלען אמאל אין קאפ אריין.

זי האט אויסגעשטאמעלט:

— עס וואלט אונז אביסעל צושטרייט.

ער האט ניט פערשטאנען:

— וואס פאר א צושטרייאונגען ווילסטו? טהעאטערס, אבענדען, אונטערהאלטונגען, דינערס אין שטאדט? דו ווייסט, דאכט זיך, גאנץ גוט, אז קומענדיג אהער האסטו ניט געקענט ער־ווארטען אזעלכע מינים פערגעניגענס!

זי האט דערפיהלט א פארוואורף אין זיינע ווערטער און אין דעם טאן מיט וועלכען ער האט זיי ארויסגערעדט. און זי איז אנ־שוויגען געווארען. זי איז געוועזען שרעקעדיג און גוטמוטהיג, אהן קראפט צו ווידערשטעהן, אהן א שטארקען ווילען.

אין יאנואר איז געווארען ביטער קאלט און דער שנעע האט די ערד צוגעדעקט.

אין אבענד, ווען זי האט נאכגעקוקט א מחנה שווארצע קרא־העןֿ, וועלכע האבען זיך געדרעהט ארום די בוימער, האט זי זיך צואווויינט געגען איהר ווילען.

איהר מאן איז אריינגעקומען. ער האט געפרעגט שטארק פערוואונדערט:

— וואס איז מיט דיר?

ער איז געוועזען גליקליך, צופריעדען און האט קיינמאל ניט געטרוימט פון קיין אנדער לעבען אדער פון אנדערע פערגעניגענס. ער איז געבארען געווארען און איז אויסגעוואקסען אין דיעזער אור־

מעדיגער געגענד. אבער איהם איז נישט געווען אומעדיג. ער האט זיך געפיהלט גוט אין זיין אייגען הויז, גוט אין קערפער און אויף דער נשמה.

ער האט זיך ניט געקענט פארשטעלען, אז מען קען האבען פער־לאנגען נאך עפעס אן אנדער לעבען, נאך אינטערעסאנטע פאסירונ־גען, אז מען קען דורשטען נאך פערשיעדענע פערגעניגענס. ער האט ניט פערשטאנען, אז פאר מאנכען מענשען איז אונמגליך צו פערברענגען א גאנץ יאהר אויף איין פלאץ. ער האט געשיינט ניט צו וויסען, אז פריהלינג, זומער, אסען און ווינטער האבען פאר מאסען מענשען נייע פערגעניגענס און נייע לענדער.

זי האט איהם גאר נישט געקענט ענטפערען און זי האט שנעל אויסגעווישט איהרע אויגען. צום סוף האט זי טרויעריג ארויסגע־מורמעלט:

— מיר איז... מיר איז... אביסעל אומעדיג.

און גלייך האט זי זיך דערשראקען, וואס זי האט געזאגט אזוי פיעל און שנעל צוגעלעגט:

— און אויסער דעם... איז מיר... איז מיר... אביסעל קאלט.

ביי דער דאזיגער בעמערקונג איהרער איז ער געווארען אין כעס.

— אה, איך פערשטעה. דו האסט זיך נאך אלץ ניט ארויס־געשלאגען פון קאפ דיין בעהייצונג מיט הייסע לופט. אבער וואס ווילסטו, צום טייפעל! פאר דער גאנצער צייט וואס דו ביזט דא, ביזטו בלויז איין מאל געווען פערקיהלט.

— — — — — — — — — — — — —

די נאכט איז אנגעפאלען. זי איז ארויף אין איהר צימער. אויף איהר אייגענעם וואונש האט זי געהאט א בעזונדערען שלאף־צימער. זי האט זיך געלעגט צו בעט, אבער אפילו אין בעט איז איהר אויך קאלט געווען. זי האט זיך געטרייסעלט און געטראכט: „וועט אזוי זיין אימער, אימער, אימער ביז'ן טויט?״.

און זי האָט געטראַכט װעגן איהר מאַן. װי אַזױ האָט ער גע־קענט זאָגען צו איהר: „דו ביזט בלױז אײן מאָל געװען פערקיהלט. זײט דו ביזט דאָ". אױף אַזאַ אופן מוז זי װערען קראַנק: מוז זי הוסטען, כדי ער זאָל פערשטעהן װיפיעל זי לײדעט.

און זי האָט זיך געפיהלט בעלײדיגט און געקרײנקט.

זי מוז הוסטען, דאַן װעט ער אַהן צװײפעל אױף איהר רחמנות האָבען. יאָ, זי װעט הוסטען: ער װעט הערען װי זי הוסט, ער װעט מוזען רופען אַ דאָקטאָר און דער דאָקטאָר װעט איהם ער־קלעהרען, אַז זי איז קראַנק.

זי איז אױפגעשטאַנען, האָט אַרונטערגעלאָזט פון בעט איהרע נאַקעטע פיס און אַ קינדערשער אײנפאַל איז איהר אױף די גע־דאַנקען געקומען און בײ איהר אַ שמײכעל אַרױסגערופען. זי האָט געטראַכט:

„איך װיל האָבען בעהײצונג אין הױז און איך מוז עס האָ־בען. איך װעל הוסטען אַזױ לאַנג, ביז ער װעט זײן געצװאונגען אײנפיהרען די דאַזיגע בעהײצונג אין הױז".

און זי האָט זיך אױעקגעזעצט כמעט אַ נאַקעטע אױף אַ שטוהל. זי האָט געװאַרט אַ שעה, צװײ שעה. עס האָט איהר געשװינדערט. אָבער זי האָט זיך ניט פערקיהלט. דאַן האָט זי זיך בעשלאָסען אױף אַ געװאַגטען שריט.

זי האָט שטיל פערלאָזען איהר צימער, איז אַרונטער פון די טרעפ און געעפענט די גאַרטען־טהיר.

די ערד, אין גאַנצען מיט שנעע בעשאָטען, האָט אױסגעזעהן װי טױט. זי האָט אײליג אַרױסגעשטעלט איהר נאַקעטען פוס אױף דער קאַלטער ערד און ער איז אַרײן טיעף אין דעם װײכען אײזיגען שנעע. אַ קעלט איז איבער איהר גאַנצען לײב אַריבער און האָט װי אַ שטאַרקער װעהטאָג איהר אין האַרצען אַ זעץ גע־טהאָן. דאָך האָט זי אױסגעצױגען די אַנדער פוס און גענומען געהן מיט לאַנגזאַמע טריט.

דאַן איז זי אַװעק װײטער, זאָגענדיג צו זיך אַלײן:

— איך וועל גענען ביז צו די סאַסנע־בוימער!

איצט איז זי געגאַנגען מיט שנעלע טריט, אַהין אַז אַטהעם און שווער געסאַפּעט יעדעם מאָל, יעדעם מאָל, וואָס זי האָט איהר פוס פון שנעע אַרויסגעשלעפּט.

זי האָט אָנגעריהרט די ערשטע סאָסנע מיט איהר האַנד, אַזוי ווי זי וואָלט זיך וועלען איבערצייגען, אַז זי האָט אויסגעפיהרט איהר פּלאַן אין גאַנצען; דאַן איז זי אַוועק צוריק אין הויז. צוויי־דריי מאָל האָט זיך איהר געדאַכט, אַז זי פאַלט צו דר'ערד, אַזוי בעטויבט און שוואַך האָט זי זיך געפיהלט. איידער זי איז צוריק אין הויז אַריין, האָט זי פון דעסטוועגען זיך אַוועקגעזעצט אין שנעע און נאָך גענומען אַביסעל, כדי אַנצורייבען דערמיט די ברוסט.

דאַן איז זי אַרויף אויבען און אַריין אין בעט. עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז אין אַ שעה אַרום האָט זי דערפיהלט, ווי אַ ים מוראשקעס זיינען איהר אין האַלז אַנגעקראָכען און אין אַלע גליע־דער. דאַך איז זי געשלאָפען.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט זי געהוסט און ניט געקענט אויפ־שטעהן פון בעט.

זי האָט געקריגען אַ לונגען־ענטצינדונג. זי האָט גערעדט פון היץ און אין היץ האָט זי אַלץ געבעטען מען זאָל איהר בעהייצען דאָס הויז. דער דאָקטאָר האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל איהר וואָנש ערפילען. העגרי האָט זיך געקווינקעלט, אָבער ער האָט געמוזט נאָכקומען נעגען זיין אייגענעם ווילען.

— — — — — — — — — — — — —

מען האָט זי ניט געקענט אויסהיילען. איהרע לונגען זיינען געווען שטאַרק אָנגעגריפען און די דאָקטוירים, וועלכע האָבען זי קורירט, זיינען געווען אונרוהיג וועגען איהר לעבען.

„אויב זי בלייבט דאָ, וועט זי ניט דערציהען ביז צו די קו־מענדע קאַלטע וועטערען", — האָבען געזאָגט די דאָקטוירים.

מען האָט זי אַוועקגעשיקט אין וואַרימע לענדער. זי איז געקו־מען נאָך קאַננעס. דאָרט האָט זי זיך געוואָרימט אויף דער זון.

גע'חיות'ט מיט'ן ים און איינגעאָטהעמט אין זיך די זיסע לופט פון פּאָמעראַנצען בליטהען. און ווען דער פריהלינג איז געקומען, איז זי צוריק אין איהר קאַלטער היים אוועק. אָבער זי האָט גע־לעבט אין שטענדיגער מורא, אז מען וועט זי אויסקורירען, אין אויפ־ביגען שרעק פאַר די קאַלטע ווינטערן אין נאָרמאַנדיע; און אזוי שנעל ווי זי האָט געפיהלט, אז זי ווערט אָביסעל בעסער, האָט זי ביי־נאַכט איהר פענסטער געעפענט און דערביי געטראַכט פון די זיסע רוחות אויפ'ן זאמדיגען ברעג פון מיטעל־לענדישען ים. און איצט האָט זי געהאַלטען ביים שטאַרבען. זי האָט עס געוואוסט און דאָך איז זי געווען צופריעדען.

זי האָט געעפענט אַ צייטונג, וועלכע זי האָט געהאַלטען אַ צוזאמענגעוויקעלטע אין די הענד און דערזעהן די פאָלגענדע קעפּעל:

„דער ערשטער שנעע אין פּאַריז".

עס האָט איהר אַ שוידער געטהאָן און דאָך האָט זי געשמייכעלט. זי האָט געוואָרפען אַ בליק אויף עסטערעל, וועלכע די אונ־טערגעהענדע זון האָט מיט אַ ראָזאַווען שיין בעגאָסען. זי האָט געקוקט אויף דעם גרויסען, בלויען הימעל, וועלכער איז געווען אזוי בלוי, אזוי בלוי און אויף דעם ריעזיג־גרויסען ים, אויף אַזאַ בלוי־ען, דאַן האָט זי זיך אויפגעהויבען און איז אוועק צוריק אין איהר הויז מיט לאַנגזאַמע טריט, זיך אָבשטעלענדיג נור דאַן, ווען דער הוסט האָט זי געשטיקט. זי איז פערבליבען צו לאַנג אין דרויסען און האָט זיך פערקיהלט, לייכט פערקיהלט.

אין דער היים האָט זי געפונען אַ בריעף פון איהר מאַן. זי האָט איהם געעפענט און גענומען לעזען:

„מיין טהייערע ווייבעלע:

„איך האָף, אז דו פיהלסט זיך גוט און דו בענקסט ניט צו שטאַרק נאָך אונזער שעהנער געגענד. די לעצטע טעג האָ־בען מיר געהאַט אַ גוטען פראָסט, וועלכער האָט אונז אָנגעזאָגט, אז אַ שנעע קומט באַלד. איך, פון מיין זייט, האָב שטאַרק הנאה

פון אזא וועטער, און דו פערשטעהסט דאך מסתמה, אז איך האלט
אַן פון דיינטוועגען די פערפלוכטע בעהייצונג דיינע —

זי האָט אויפגעהערט צו לעזען גליקליך מיט דעם געדאנק. אז
דאָרט, אין דער קאלטער הויז, ברענט א פייער, אז זי האָט געהאָט
איהר געווינשטע בעהייצונג. איהר רעכטע האנד, וועלכע האָט
געהאלטען דעם בריעף, האָט זיך לאנגזאם אויף איהר קניה אראָב־
געלאָזען, בעת איהר לינקע האנד האָט זיך צום מויל אויפגעהויבען
עפּעס אזוי ווי צו בערוהיגען דעם איינגעשפּארטען הוסט, וועלכער
צורייסט איהר די ברוסט.

ע נ ד ע.

# א נייע סענסאציע.


ין דער קליינינקער מאדאם ד׳ארמאנד איז געזעסען א שטיק טייפעל. זי האט געהאט א פאנטאסטישען מוח, דורך וועלכען די אונערהערטעסטע קאפריזען פלעגען דורכגעהן, און אין וועלכען פערשיעדענע אידעען און איינפאלען פלעגען נאכאנאנד ארומטאנצען און פערטרייבען איינס דאס אנדערע אזוי, דאס דער קליגסטער מענשען קענער וואלט דעם קאפ פערלארען, ווילענדיג נאכפאלגען נאך איהרע פאנטאזיעס.

דאס איז וואהרשיינליך געווען די אורזאכע, פארוואס זי האט אזוי בעצויבערט און צוגעצויגען צו זיך אפילו די יעניגע, וואס האבען זיך איינגערעדט, אז זיי זיינען פרייע און שטארקע מענשען, און אז די ליידענשאפטען אונטער וועמעס איינפלוס די מענער פערלירען זייערע קעפ, האבען איבער זיי קיין שליטה ניט, אז די פעררעטערישע נעץ פון דער פרוי קען צו זיי ניט דערגרייכען. אדער פיליכט איז עס געווען דער רייץ פון איהרע צארטע, ווייסע הענטלאך, וועלכע האבען געשמעקט ווי דער טהייערסטער פארפיום און וועמעס פינגער די מענער פלעגען קושען מיט דער גרעסטער איבערגעבענהייט, מיט׳ן העכסטען פערגעניגען, אדער איהרע גאלד־זיידענע האהר, איהרע גרויסע, בלויע און רעטזעלהאפטע אויגען, פול מיט קוריאזיטעט און לוסט? צו איז דאס געלעגען אין איהר אויביג־בייטענדיגען מיילכעל, וועלכער, ווען זי האט די ליפען פערביסען, איז געווען קליין און קינדערש, און ווען זי האט איהם שמייכלענדיג געעפענט, איז ער געווען ווי א רויז, וואס וויקעלט זיך

פארנאנדער אנטקעגען דער זון? און האט זי געלאכט און איהרע פערעל־ווייסע צייהן געוויזען, איז איהר שעהן פערפיהרעריש מייל־כעל געווארען דער ציעל פונקט פאר קושען.

ווער קען פערשטעהן דעם צויבער וואס מאנכע „אויסגע־וועהלטע פרויען" איבען אוים איבער די מענער? ווער קען וויסען פון וואנען עס נעהמט זיך די דעספאטישע הערשאפט, געגען וועל־כער עס פאלט קיינעם ניט איין צו רעבעלירען?

צווישען דעם גרויסען צאהל מענער, וואס האבען זי ארומגע־רינגעלט און וואס האבען מיט גרוים אנגסט געווארט אויף דער וואונדערבארער מינוט, ווען איהר הארץ וועט ווייך ווערען, ווען זיי־ער שפאטישע פריינדין וועט ענדליך מיעד ווערען פון איהר אייגע־נער קאלטקייט און וועט זיך איבערגעבען צו דעם פערגעניגען פון ליעבען און זיין געליעבט... אויף א צייט, ווען זי וועט פער'כשופ'ט ווערען פון זייערע האניג־זיסע לאסקעס און וועט מעהר ניט ענט־זאגען איהרע ליפען צו דעם יעניגען, וואס וויל זיי קושען... צווישען אט די אלע איז קיינער ניט געווען אזוי ענטשלאסען צו געווינען דאס שפיעל און פארטזעצען די בעלאגערונג ביז צום סוף, ווי קסאווער דע־פאנטרעל.

מיט געדולדיגער ענערגיע און ווילענס־קראפט, וואס קיין היב־דערנים קען ניט אבשוואכען, מיט דער היץ פון א גלויביגען פילי־גרים וואס דולדעט אלע יסורים פון א לאנגער רייזע מיט דער בע־שטימטער און טרייסט־פולער האפנונג, דאס אין א געוויסען טאג וועט ער זיך קענעןווארפען אויף זיינע קניה פאר דעם אלטאר וואו ער וויל תפילה טהאן, און הערען די געטליכע ווערטער וואס זיינען א גן עדן אין זיינע אויגען, מיט דער זעלבער ענטשלאסענהייט האט קסאווער מארשירט נאך זיין ציעל.

ער האט אויסגעפיהרט אלע איהרע איינפאלע און געטהאן אלץ וואס ער האט געקענט איהר ניט אויפצורעגען, נישט צו בעליידיגען איהרע געפיהלען, צו ווערען א פריינד אהן וועלכען זי זאל זיך ניט קענען בעגעהן, א פריינד, וועמען די פרוי דערצעהלט אלעס: איהרע

טעגליכע אונאנגענעהמליכקייטען און איהר צוקונפטס־טרוים.

און עס איז מעגליך, אז זי וואלט אויך אז אמת געליטען, גע־וויינט און געפיהלט א גרויסע פוסטקייט אין איהר לעבען, אויב זיי ביידע וואלטען זיך אויף אויביג צושיידט און ער וואלט איהר אין גאנצען פערלאזען. זי וואלט איהם זאגאר פערטהיידיגט — הגם זי וואלט זיך דערמיט קאמפראמאנטירט — אויב אימיצער וואלט איהם אטאקירט אין איהר געגענווארט און אפטמאל פלעגט זי זאגען מיט א טרויעריגען שפאס אין איהר שטימע:

— אויב איך וואלט ווירקליך פעהיג געווען צו ליעבען א מענ־שען פינף מינוט נאכאנאנד, וואלט איך זיכער אייך געליעבט.

און אז זיי פלעגען אמאל שפאצירען נאך מיטאג און זיך צו־רעדען וועגען ליעבע, פלעגט מאדאם ד'ארמאנד ארויסזאגען איהרע בעליעבטע טהעאריעם: יא, זי פערשטעהט גאנץ גוט דאס גליק, וואס ליגט אין דער בעזיצונג פון דער זאך, וואס מען האט ליעב. זי פערשטעהט דאס משוגעת וואס כאפט איינעם ארום פון קאפ ביז די פיס, וואס מאכט דאס בלוט הייס און וואס צווינגט דער פרוי אן אלעס צו פערגעסען, ווען זי געפינט זיך אין די ארעמס פון דעם מאן... דאס הימעלשע פערגעניגען, וואס איבערוועל־טיגט דיך און בינדט צוזאמען צוויי וועזענס און מאכט פון זיי איינס. דאס איז אבער נור מעגליך אין א אונערווארטעטער מי־נוט, אויף א פרעמד ארט, אונטער אונגעוועהנליכע אומשטענדען, אין וועלכע עס זאל זיין עטוואס נייעס, עטוואס פרישעס, אזוינס וואס מען קען קיינמאל ניט פערגעסען, וואס איז אמוזירענד און רייצענד און וואס גיט צו א פעפער געשמאק צו דעם איינפאכען געשמאק פון אונמאראליטעט.

קסאווער האט געטהאן אלעס אין דער וועלט, אום אויסצוגע־פינען אזא ארט, אבער עס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען. ער האט שוין פרובירט א צימער מיט זיידענע טאפעטען, ווי אן אל־קער פון זיעבצעהנטען יאהר־הונדערט, א וויללא בעהאלטען ווי א נעסט צווישען ביימער, א יאפאניש הויז מיט פענסטער, פון וועל־

כען מען האָט געקענט זעהן דעם ים, אַן אַלט מאָדישע, מעלאַנכאָ־
לישע הויז און האָטעלען, רעסטאָראַנען, מעבלירטע צימערען און נאָך
זעלטענע פּלעצער, אָבער אַלעם איז געווען אומזיסט.

מאדאם ד'ארמאנד האָט זיך געפיהרט אויף איהר אַלטען שטיי־
גער, אָבער דער אָרימער קסאוועער איז יעדען טאָג געוואָרען אַלץ
מעהר פערליעבט, פערליעבט ווי אַן אויסגעוואַקסען חדר־אינגעל,
וואָס האָט נאָך קיינמאָל מיט קיין פרוי ניט גערעדט, פון דעם
סאָרט, וואָס הויבט אויף די בלומען, וועלכע פאַלען ארונטער פון דער
געליעבטער'ס ברוסט און קושט זיי, און וועלכער פערליערט זיך
און ווערט טרויעריג, ווען ער זעהט זי ניט, הערט ניט איהר שטי־
פערישע שטימע, איהר זיס געלעכטערל...

איין אבענד איז ער מיט איהר געגאַנגען אויף אַ יריד. זיי זיי־
נען פאַרבייגעגאַנגען פערשיעדענע ביידלאך און זיינען בעטויבט
געוואָרען פון דעם געפּילדער פון די קאַטערינקעס און דאָס פּייפעריי
פון די קארוסעלען. פּלוצים האָבען זיי דערזעהן אַ ציגיינער ביי־
דעל. הערר דע פאַנטרעל האָט זיך אָבגעשטעלט און געזאָגט צו
מאדאם ד'ארמאנד:

— ווילט איהר אפשר זיך לאָזען ווארפען קארטען?

דאָס ביידעל איז געווען אַ שעהן מוסטער פון דעם דאָזיגען
סאָרט: אפישען און בילדער, אויף וועלכע עס איז געווען אָנ־
געשריבען שרייענדע רעקלאַמעס, האָבען געהאַנגען איבער די
שוואַכע טרעפּלאַך; די קליינע פענסטערלאַך זיינען געווען פער־
שטעלט מיט פערשיעדענע צאַצקעס און אין דרויסען, אויף אַ קעס־
טעל, וואָס איז געשטאַנען ביים אריינגאַנג, איז געשלאָפען אַן אַל־
טער, פּליכעוואַטער פּאַפּוגיי.

די קאָרטען־ווארפערקע איז געזעסען שטיל אויף אַ שטוהל
און געשטריקט אַ זאָק. זעהענדיג, אַז זיי דערנעהנטערען זיך, האָט
זי זיך אויפגעהויבען און צוגעגאַנגען צו מאדאם ד'ארמאנד, האָט
זי געזאָגט מיט אַ זיס קול:

— איך ענטדעק די פערגאנגענהייט, געגענוואַרט און צוקונפט, אפילו דעם נאָמען פון צוקונפטיגען מאַן אַדער ווייב און די נעמען פון דער פערשטאַרבענער פאמיליע ווייס איך. איך קען זאָגען מיין קליענט אלעס, וואָס האָט מיט איהם פּאסירט און וואָס וועט מיט איהם פּאסירען אין דער צוקונפט. איך האָב געוויזען מיינע וואונ־דער פאר פיעלע געקרוינטע קעפּ. דער קייזער פון בראזיליען איז ביי מיר געווען, אויך דער בעריהמטער פּאָעט וויקטאָר היוגאָ... מיין פּרייז איז פינף פראנק פאר זאָגען בלויז דאָס גליק און צוואנ־ציג פראנק פאר אלעס... ווילט איהר עס פּרובירען, מאדאם?

מאדאם ד'ארמאַנד האָט זיך צולאכט ווי א גאסען־מיידעל, אבער הערר פאנטרעל האָט געעפענט די גלעזערנע טהיר, וואָס איז געווען פערהאנגען מיט א שווערען רויטען פאָרהאנג און זיי זיינען אריין אינווייניג.

ווען די טהיר האָט זיך הינטער זיי צוריק צוגעמאַכט, איז די יונגע דאמע געבליבען שטעהן איבערראשט. דאָס ביידעל איז גע־ווען פול מיט בלומען, דעקאָרירט אויף דעם שעהנסטען אופן, ווי עס וואָלט געווען אן אלטע פאר ליעבענדע. אויף אַ טיש וואָס איז געווען ארומגערינגעלט מיט געבעטע שטוהלען, איז געווען אָנגע־גרייט אַ גרויסארטיגער מאָהלצייט, און פון א ווינקעל, וואָס איז פערהאנגען געווען מיט שווערע פּאָרטיערען האָט ארויסגעקוקט אַ ברייטע בעט, איינע פון יענע בעטען וואָס ברייננען ארויף אויף זינדיגע געדאנקען.

קסאוועער האָט פערמאַכט די טהיר און מאדאם ד'ארמאנד האָט אויף איהם א קוק געטהאָן מיט אַ געהיימניספּאָלען בליק. איהרע באקען האָבען זיך פעררויטיגט און איהרע נאָז־לעכער זיינען עפּעס מאָדנע פארנאנדער געשפּרייט געוואָרען, וואָס קסאוועער האָט ביז אהער ביי איהר נאָך קיינמאָל ניט בעמערקט. דאן האָט ער מיט אַ שטילע שטימע און אַ קלאָפּעדיגען הארצען איהר איינגערוימט אין אויער אריין:

— זיינען אייך דאָס מאָל די דעקאָראַציעס געפעלען?

אָנשטאָט אַז ענטפּער האָט זי איהם אויסגעשטרעקט איהרע ליפּען... דערנאָך האָט זי אָנגעגאָסען צוויי גלעזער שאַמפּאַניער, מיט איהם געטרונקען, געלאַכט און זיך פער׳שיכור׳ט...

און אויף אַזאַ אופן האָט מאַדאַם ד׳ארמאנד צום ערשטען און צום לעצטען מאָל בעטראָגען איהר מאַן אויף א יריד, אין א ציי־גיינער ביידעל.

ע נ ד ע.

# דער טאָרט.

אמיר זאָגען, אז איהר נאָמען איז געווען מאדאם אנסערר, כדי ניט ארויסצוגעבען איהר אמת'ן נאָמען.

זי איז געווען איינע פון יענע פאריזער שטערען, וועלכע לאָזען נאָך זיך אַ לאַנגען פּאַס פייער. זי האָט געשריבען פערזען און ערצעהלונגען: זי האָט געהאַט אַ פּאָעטישע האַרץ און איז געווען זעלטען שעהן. זי האָט געעפענט איהרע טהירען צו זעהר ווענינע — בלויז אויסנאַהמס מענשען און גייסטיגע אריסטאָקראַטען האָבען געקענט צו איהר קומען.

זיין איינער פון איהרע געסט, האָט געהייסען, אז מען איז ניט קיין פּשוט'ער בשר ודם, נור אַ מענש מיט מאָרך, מיט וויסען, מיט טאַלאַנט און דערפאַר האָט מען טאַקע אויף איהרער אַן איינלאַדונג געלייגט אַ גרויסען ווערטה.

איהר מאַן האָט געשפּיעלט די אונבעדייטענדע ראָליע פון אַ סאַטעליט, ס'הייסט אַ קלענערע פּלאַנעטע, וואָס דרעהט זיך ארום אַ גרעסערער. צו זיין דער מאַן פון אַ שטערען איז ניט קיין לייכטע זאַך. דער דאָזיגער מאַן אָבער האָט געהאַט אַן אָריגינעלען איינפאַל, צו בעשאַפען אַ שטאַאַט אין דעם שטאַאַט. ער האָט זיך געהאַט זיינע אייגענע פעהיגקייטען, ס'פערשטעהט זיך, קלענערע ווי זיין ווייב'ס, און ער האָט אויך געהאַט פריינד און אַנהענגער. און ער האָט איינגעפיהרט אזוי, אז ווען זיין ווייב האָט געהאַט אונטערהאַלטונגען מיט איהרע געסט האָט ער אין דערזעלבער צייט פער־

בראַכט גאַנץ בעזונדער מיט זיינע. ער האָט געהאַט אַ בעזונ־
דערן קרייז וועלכער האָט איהם געשעצט, זיך צו איהם צוגע־
הערט און געווען מעהר אויפמערקזאַם צו איהם ווי צו זיין גלענ־
צענדער פרוי.

ער האָט זיך געווידמעט צו אַגריקולטור — אַגריקולטור און
דעפּוטאַטען קאַמער. פון דעם זעלבען מין זיינען דאָ אין דעפּוטאַ־
טען קאַמער גענעראַלען, ס'הייסט אַזוינע, וואָס זיינען געבאָרען,
ליעבען און שטאַרבען אויף די רונדע לעדערנע שטוהלען פון'ם
קריעגס דעפּאַרטמענט.

די דאָזיגע אַלע פיהרער געהערען צו איין און דעם זעלבען
סאָרט: זיי זיינען קריעגס פיהרער אין קריעגס דעפּאַרטמענט,
קאַפּיטאַנען אין דעם פּלאַטען דעפּאַרמענט, בויען קאָלאָניעס אין
דעפּוטאַטען קאַמער און אַזוי ווייטער. און אַזוי האָט ער שטודירט
אַגריקולטור, שטודירט ערנסט און געזוכט צו דערגעהן איהר פער־
בינדונג מיט אַנדערע וויסענשאַפטען, מיט פּאָלאַטישער עקאָנאָמיע
און דער פיינער קונסט — מיר בעפּוצען געוועהנליך די פיינע קונסט
מיט אַלע סאָרטען וויסענשאַפטען און אַ העסליכער אייזענבאַהן־
בריק איז ביי אונז אויך אַ „קונסט־ווערק" — צום סוף האָט ער ער־
רייכט דעם פונקט, ווען מען האָט וועגען איהם גערעדט, ווי פון אַ
מאַן מיט פעהיגקייטען. מען האָט איהם אָפט ציטירט און אַ דאַנק
זיין ווייב, האָט מען איהם ערוועהלט אַלס מיטגליעד פון אַגריקול־
טור דעפּאַרטמענט.

די דאָזיגע עהרע האָט איהם פאָלשטענדיג צופריעדענגעשטעלט.

אונטער דעם אויסרייד צו פערקלענערען די הוצאות, האָט ער
זיינע פריינד איינגעלאַדען צו זיך אין די זעלבע טעג, ווען זיין פרוי
האָט צוגענומען איהרע געסט, אַזוי, אַז זיי זייגען זיך אַלע צוזאַ־
מענגעקומען אין איין צייט, אָבער פערבראַכט האָבען זיי אין צוויי
גאַנץ פערשיעדענע גרופּען. די מאַדאַם מיט איהר סוויטע פון אַר־
טיסטען, אַקאַדעמיקער און מיניסטאָרען האָבען פערנומען אַ מין
גאַלערעע, וואונדער־שעהן דעקאָרירט. דער מאַן פלעגט זיך געוועהנ־

ליך צוריקציהען מיט זיינע אגריקולטוריסטען איז אן אנדער טהייל פון'ם הויז, וואס איז בענוצט געוואָרען אלס רויך־צימער און וועל־כען די מאדאם אנסערר האט איראָניש גערופען דעם סאלאָן פון אגריקולטור.

די צוויי לאגערען זיינען געווען אין גאנצען פערשיעדען. דער הערר, וועלכער איז ניט געווען אַ האהר אייפערזיכטיג, האט נאָך ווען עס איז פערשמעקט אין דער אקאדעמיע און העפליך געדריקט הענד מיט די געסט; אָבער די אקאדעמיע האט געקוקט מיט פער־אַכטונג אויף דעם סאלאָן פון אגריקולטור און עס האט זעהר זעלטען פאסירט, אז די פרינצען פון וויסענשאַפט, פון געדאנק אָדער פון עטוואס אנדערש, זאָלען פערברענגען מיט די אגריקולטוריסטען. די דאָזיגע אונטערהאלטונגען האבען זיי גאנץ ווייניג געקאָסט— אַ טאסע טהעע און טאַרט איז געווען דער גאנצער טראַקטאַמענט. אין פריה־ערדיגע צייטען האָט דער הערר פערלאַנגט צוויי טאַרטען איינעם פאר דער אקאדעמיע און איינעם פאר די אגריקולטוריס־טען. אָבער די מאדאם האט פערשטאַנען, אז דאָס וואָלט געווען אַן אָפענער בעוויין, דאָס ביי זיי געפינען זיך צוויי לאגערען, צוויי פאַרטייען, צוויי אונטערהאלטונגען און זי האָט געגען דעם פּראָ־טעסטירט. אזוי ווי דער הערר האָט זיך וועגען דעם ניט איינגע־שפאַרט, האָבען זיי געהאַט בלויז איין טאַרט, וועלכען די מאדאם האָט פערטהיילט אין דער אקאדעמיע און וועלכער איז דערנאָך אריבערגעגאַנגען אין דעם סאלאָן פון אגריקולטור.

דער דאָזיגער טאַרט איז אין דער אקאדעמיע געוואָרען אַ גע־געגשטאַנד פון אויפמערקזאמער בעאָבאַכטונג און אַלע אויגען האָ־בען אויף איהם געקוקט. מאדאם אנסערר האָט איהם קיינמאָל אליין ניט געשניטען. דיעזע אויפגאבע איז אימער געפאַלען אויף איינעם אָדער אויף אַן אנדערען פון די בעריהמטע געסט. דער יעניגער אויף וועמען עס איז געפאַלען די דאָזיגע פפליכט, וועלכע איז בעטראַכט געוואָרען פאר אַ גאנץ בעזונדערע אויסצייכנונג, האָט זי ערפילט אַ לאַנגע צייט נאַכאַנאַנד, אַמאָל זאָגאר גאנצע

דריי מאַנאַטען, זעלטען ווען מעהר: און עס איז קענטיג געווען, אַז די פּריווילעגיע „צו שניידען דעם טאַרט" האָט מיטגעטראָגען מיט זיך נאָך אַ סך אַנדערע אויסצייכנונגען...

דער טאַרט שניידער האָט זיך געהאַלטען זעהר שטאָלץ, גערעדט אין אַ בעפעהלענדען טאָן און איז געווען עפּעס אַ מין רעגיערענדע מאַכט אין הויז: און אַלע אויפמערקזאַמקייטען, אַלע פריינדליכקייטען האָט די ווירטין פון הויז געשענקט בלויז איהם אַליין.

די דאָזיגע גליקליכע פּערזאָנען האָבען פריינד אין אַ אינטימער אונטערהאַלטונג הינטער געשלאָסענע טהירען אַ נאָמען געגעבען „פאַוואָריטען פון טאַרט". און יעדער בייט פון אַ פאַוואָריט האָט אין דער אַקאַדעמיע אַרויסגערופען אַ מין סאָרט רעוואָלוציאָן. דער מעסער איז געווען אַ סצעפּטער, אַ קעניג'ס רוט, די טויג אַ עמבלעם, אַ פאַהן: דער אויסערוועהלטער איז פון אַלעמען גראַטולירט געוואָרען. די אַגריקולטוריסטען האָבען קיינמאָל ניט געשניטען דעם טאַרט. דער הערר אַליין איז אימער געווען אויסגעשלאָסען, הגם ער האָט געגעסען זיין טהייל.

דעם טאַרט האָבען נאָך דער רייהע נאָך געשניטען פּאָעטען, מאַהלער, נאָוועליסטען. אַ גרויסער מוזיקער האָט אַ געוויסע צייט געהאַט די פּריווילעגיע אויסצומעסטען דעם טאַרט אויף פּאַרציעס: אַ געזאַנדטער האָט איהם שפּעטער פערביטען. מאַנכעס מאָל האָט אַ מאַן מיט אַ וויינעגער בעריהמטען נאָמען, אָבער אַן עלעגאַנטער און שעהנער, איינער פון די, אויף וועלכען מען זאָגט, אַז ער איז „אַן אמת'ער דזשענטלמען", „אַ ריטער", אָדער „אַ ספּאָרט", געקריגען דעם מעסער צו שניידען דעם סימבאָלישען טאַרט. יעדער פון זיי האָט אין צייט פון זיין קורצער הערשאַפט אַרויסגעוויזען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט צו דעם מאַן: דאָן ווען עס איז געקומען די שטונדע פון זיין פאַלען, האָט ער איבערגעגעבען דעם מעסער צו אַ מעהר גליקליכען און אַליין זיך ווידער אויסגעמישט מיט דעם פּשוט'ען עולם פון נאָכפאָלגער און פערהערער פון דער שעהנער מאַדאַם אַנסערר.

אזוי איז עס אנגעגאנגען א צייט לאנג; אבער שטערען בלישטשען ניט אימער מיט דעם זעלבען גלאנץ. יעדע זאך אין דער געזעלשאפט ווערט אבגעניצט. מען האט געקענט זאגען, אז בים־לעכוויין איז די היציגקייט פון די טארט־שניידער שוואכער גע־ווארען; צייטענווייז, ווען מען האט זיי דערלאנגט די טאץ, האבען זיי געשיינט צו צענערען. די דאזיגע עהרע, נאך וועלכער זיי האבען זיך פריהער אזוי געזארגט, איז אלץ ווייניגער און ווייניגער פערלאנגט געווארען און אנגענומען האט מען עס איצט אויך אויף א קירצערער צייט, און שטאלצירט מיט דעם אויך א סך ווייניגער.

מאדאם אנסערר איז צו אלעמען געווען זעהר פריינדליך און ליעבענסווירדיג. אבער וועה! קיינער האט זיך מעהר ניט גע־פונען צו שניידען דעם טארט מיט זיין אייגענעם ווילען. די נייע געסט האבען געשיינט זיך צו ענטזאגען פון דער עהרע. די „אלטע פאווארימען" האבען זיך ווידער בעוויזען איינער נאכ'ן צווייטען, ווי ארונטערגעזעצטע פרינצען, וואס זיינען אויף א קורצער ווייל ווידער אין קראפט אריין. דאן זיינען די אויסערוועהלטע געווארען אלץ ווייניגער און ווייניגער. א מאנאט נאכאנאנד האט הערר אנ־סערר אליין אויפגעשניטען דעם טארט; דאן האט זיך אויף זיין פנים בעוויזען אן אויסדרוק, ווי ער וואלט מיעד געווען פון דער דא־זיגער ארבייט, און איין אבענד האט מאדאם אנסערר, די שעהנע מאדאם אנסערר אליין, מיט איהרע צארטע הענדטעלאך, געשני־טען די פארציעס. אבער עס האט געשיינט, אז דאס מאטערט זי זעהר אויס, און דעם צווייטען טאג איז זי אזוי צוגעשטאנען צו איינעם פון איהרע געסט עס צו טהאן, אז ער האט ניט געוואגט איהר צו ענטזאגען.

דער דאזיגער סימבאל איז אלעמען געווען צו גוט בעוואוסט און די געסט האבען געקוקט איינער אויף דעם אנדערען צושרא־קענע, מיט אונרוהיגע פנים'ער. צו שניידען דעם טארט איז געווען א קלייניגקייט, אבער די פריווילעגיע, וואס מען האט געקראגען צוזאמען מיט דער דאזיגער אויסצייכנונג, האט איצט אבגעשראקען

דעם עולם: דערפֿאַר טאַקע האָבען די אַקאַדעמיקער, ווי נור מען האָט אַריינגעבראַכט די טאַץ, געכאַפּט הענד און פיס און זיינען אַנטלאָפען אין דעם סאַלאָן פון אַגריקולטור, עפּעס אַזוי ווי זיך צו בעהאַלטען הינטער דעם רוקען פון איהר מאַן, וועלכער האָט נאָכאַנאַנד געשמייכעלט. און ווען מאַדאַם אַנסערר האָט זיך בעוויזען אין טהיר מיט דעם טאָרט אין איין האַנד און דעם מעסער אין דער אַנדערער, האָבען זיי אַלע אַרומגערינגעלט איהר מאַן, ווי זיי וואָלטען ביי איהם שוץ געזוכט.

נאָך עטליכע יאָהר זיינען אַוועק. קיינער האָט שוין איצט ניט געשניטען דעם טאָרט; אָבער אויס אַלטער געוואוהנהייט, האָט די פרוי, וועלכע מען האָט פון העפליכקייט וועגען נאָך אַלץ גערופען „די שעהנע מאַדאַם אַנסערר", יעדען אָבענד געזוכט צווישען איהרע געסט, טאָמער וועט זיך געפינען עפּעס אַ פערהערער, וועלכער זאָל נעהמען דעם מעסער... אָבער יעדעס מאָל האָבען איהרע געסט ווי איין מאַן זיך שנעל אַרויסגערוקט. נאָך איידער דער פֿאַרשלאַג איז אויף איהרע ליפּען געקומען.

אָבער איין אָבענד איז אַ יונגער מאַן געקומען צו איהר אונטערהאַלטונג — אַן אונשולדיגער, ניט איבערגעשפּיצטער יונגער מאַן. ער האָט גאָר נישט געוואוסט וועגען דער געהיימניס פון טאַרט. דערפאַר טאַקע, ווען די צייט איז געקומען און אַלע געסט זיינען אַנטלאָפען, בעת זי האָט גענומען פון דעם דיענער'ס האַנד די טאַץ מיט'ן טאָרט, איז ער געבליבען זיצען ביי איהר זייט גאַנץ רוהיג.

זי האָט געדענקט, אַז מסתמא ווייס ער וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך און מיט אַ בעוועגטער שטימע האָט זי געפרעגט:

— ווילט איהר זיין אַזוי גוט, מיין ליעבער הערר, און צושניידען דיעזען טאָרט?

ער האָט אַרויסגעוויזען די גרעסטע צופריעדענהייט, געשמייכעלט וואָס מען גיט איהם אַב אַזאַ כבוד:

— אָה, געוויס, מאַדאַם, מיט דעם גרעסטען פערגעניגען, — האָט ער געזאָגט און אויסגעטהאָן זיין האַנד־שוה.

אַביסעל ווייטער, אין אַ ווינקעל פון דער גאַלערעע, הינטער אַ טהיר וואָס האָט געפיהרט צום סאַלאָן פון די אַגריקולטוריסטען, זיינען געשטאַנען די געסט און געקוקט אויף דעם יונגען מאַן מיט דער גרעסטער פערוואונדערונג. דאַן, ווען זיי האָבען געזעהן, ווי דער נייער גאַסט שניידט דעם טאַרט אָהן שום צעגערונג, זיינען זיי שנעל צוריק אריינגעקומען.

אַז אַלטער פאָעט האָט פרעהליך אַ קלאַפּ געטהאָן דעם אונער־פאהרענעם יונגען מאַן איבער'ן אַקסעל:

— בראַוואָ, יונגער מאַן! — האָט ער איהם אריינגעשושקעט אין אויער אריין.

די אַנדערע האָבען אויף איהם אויסגעגלאָנצט זייערע נייגע־ריגע אויגען. אפילו איהר מאַן האָט געשיינט צו זיין פערוואונ־דערט. דער יונגער מאַן אַליין איז געוואָרען שטאַרק איבערראַשט. וואָס אַלע האָבען איהם פּלוצים גענומען שענקען אַזוי פיעל אויפ־מערקזאַמקייט: איבערהויפּט האָט ער ניט געקענט פערשטעהן, פאַרוואָס די ווירטין פון הויז איז מיט אַמאָל געוואָרען צו איהם אַזוי פריינדליך, אַזוי ליעבענסווירדיג און האָט איהם ארויסגעוויזען עפּעס אַ מין שטומע דאַנקבאַרקייט.

ווי עס שיינט האָט ער אָבער מיט דער צייט אויסגעפונען די אורזאַכע.

אין וועלכען מאָמענט, אויף וועלכען פּלאַץ האָט ער די דאָזיגע ענטדעקונג געמאַכט, קען קיינער ניט זאָגען: אָבער ווען ער האָט זיך אַ צווייטען מאָל בעוויזען צו דער אונטערהאַלטונג, האָט ער אויסגעמידען צו ריידען מיט וועמען עס איז. אויף זיין פּנים איז געלעגען עפּעס אַ פערשעהמטער אויסדרוק, און ער האָט געקוקט ארום זיך מיט אונרוהיגע בליקען.

דער גלאָק האָט גענומען קלינגען צו טהעע. דער דיענער האָט זיך בעוויזען. מאַדאַם אַנסערר האָט מיט אַ שמייכעל גענומען די טאַץ, זוכענדיג מיט די אויגען איהר יונגען פריינד, אָבער ער איז אַנטלאָפען אין אַזאַ איילעניש, אַז מען האָט פון איהם אפילו קיין סליעד ניט געקענט געפינען. דאַן איז זי אַוועק איהם זוכען און עס

האָט לאַנג ניט געדויערט, ווי זי האָט איהם ענטדעקט אין דעם סאַלאָן פון די אַגריקולטוריסטען. ער האָט געהאַלטען איהר מאַן אונטער'ן אָרעם און גערעדט מיט איהם שטאַרק פערטהאָן וועגען עפּעס אַ וויסענשאַפטליכען ענין.

ער איז רויט געוואָרען ביז צו די וואָרצלען פון זיינע האָהר און אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ, האָט ער אויסגעשטאַמעלט עפּעס אַ ענטשולדיגונג. דאָן האָט הערר אַנסערר אויף איהם רחמנות געהאַט און זיך אַ קעהר טהאָענדיג צו זיין ווייב, געזאָגט:

— זיי אַזוי פריינדליך, מיין ליעבע, און שטער אונז ניט. מיר ריידען דאָ וועגען אַגריקולטור. זאָל דער דיענער באַפּטיסט צושניידען דיין טאָרט.

און פון יענעם טאָג אָן האָט מעהר קיינער קיינמאָל ניט געשני־טען מאַדאַם אַנסערר'ס טאָרט.

ע נ ד ע.

# דער יתום.



ריילין סאורסע האָט דעם דאָזיגען איינגעל אדאָפּטירט אונטער זעהר טרויעריגע אומשטענדען. זי איז דאַן געווען זעקס און דרייסיג יאָהר אלט. זי איז געווען פערקריפּעלט, אין איהר קינדהייט איז זי אמאָל אראָבגעפאלען פון איהר אָמ'ס שויס און איז אריינגעפאלען אין פייער פון קאָמין. איהר פּנים איז אזוי מורא'דיג צוברענט געוואָרען, אז פון דאַן אָן איז אויף איהר געווען אַ שרעק צו קוקען. צוליעב דעם דאָזיגען אונגליק האָט זי שפּעטער אָבגעמאַכט ביי זיך קיינמאָל ניט צו הייראַטען, ווייל זי האָט ניט געוואָלט, אז אַ מאַן זאָל זי נעהמען צוליעב איהר געלד.

איהרע אַ שכנה, אַ פרוי, איז געבליבען אַן אלמנה בעת זי האָט געשוואַנגערט. זי איז שפּעטער געשטאָרבען אין קינדבעט, ניט איבערלאָזענדיג אַ סענט. פריילין סאורסע האָט צוגענומען דאָס נייגעבאָרענע קינד, האָט איהם אוועקגעגעבען צו אַן אָם, איהם ערצויגען און געשיקט אין אַ פּאַנסיאָן לערנען זיך. דאַן ווען ער איז אלט געוואָרען פיערצעהן יאָהר, האָט זי איהם געבראַכט אַהיים, כדי צו האָבען אין איהר פוסטען הויז אימיצען, ווער עס זאָל זי ליעב האָבען, ווער עס זאָל אויף איהר אכטונג געבען, און זאָל איהר איהרע עלטערען יאָהרען פּערזיסען.

זי האָט געוואָהנט אין אַ קליינעם הויז ניט ווייט פון רעננעס מיט איין דיענער. זייט דער יתום איז צוריקגעקומען אַהיים, זיי־

גען די אויסגאבען געווארען מעהר ווי צוויי מאל אזוי גרויס און איהר איינקונפט פון דריי טויזענד פראנק האט שוין ניט געסטאיעט אויסצוהאלטען דריי מענשען.

זי האט אליין געטהאן די הויז ארבייט, האט אליין געקאכט און דעם אינגעל ווען ניט ווען געשיקט א גאנג און איהם געלאזט זיך פערנעהמען מיט דער ארבייט אין גארטען. ער איז געווען ליעב־ליך, שרעקענדיג, שטיל און לאסטשענדיג. און זי האט געפיהלט ווי דאס הארץ צאפעלט זיך אין איהר פאר פרייד און גליק, ווען ער האט זי ארומגענומען און געקושט און עפעס אזוי ווי גארנישט בע־מערקט איהר העסליכקייט. ער האט זי גערופען „טאנטע'', און זי בעהאנדעלט ווי א מוטער.

אין אבענד זיינען זיי ביידע געזעסען ביים קאמין און זי האט אימער געהאט פאר איהם אנגעגרייט עפעס א נאש צו טהאן. זי האט פאר איהם געווארימט אביסעל וויין און געטריקענט א פענעץ ברויט, כדי ער זאל האבען נאך א מאהלצייט איידער ער וועט געהן שלאפען. זי האט איהם אפט ארויפגענומען צו זיך אויף די קניה, בעשאטען איהם מיט קושען און געמורמעלט איהם אין אויער מיט ליידענשאפטליכער צערטליכקייט: „מיין קליין בלומעלע, מיין מלאך'ל, מיין אוצר, מיין בריליאנט". ער האט זאנפט צוגענומען איהרע לאסקעס, בעהאלטענדיג זיין קאפ אויף דער אלטער מויד'ס שולטער. הגם ער איז איצט שוין אלט געווען באלד פופצעהן יאהר, איז ער אבער נאך געווען קליין און שוואך און האט געמאכט אן איינדרוק פון א קריינקליכען קינד.

מאנכעס מאל האט פריילין סאורסע איהם מיטגענומען אין שטאדט צו איהרע צוויי ווייטע קרובות, וועלכע האבען געוואהנט אין די אומגעגענדען און וועלכע זיינען געווען די איינציגע מיט־גליעדער פון איהר פאמיליע, וואס האבען נאך געלעבט. צוליעב דער ירושה זיינען ביידע פרויען געווען שטארק ניט צופריעדען דערמיט וואס זי האט אדאפטירט דעם אינגעל; פון דעסטוועגען האבען זיי איהר יעדעס מאל גאנץ פריינדליך צוגענומען, האפענדיג אז זיי

ווײַלע וועלען באַטש קריגען אַ טהייל פון דעם. וואָס זי פערמאָגט, אַס וויינינסטענס אַ דריטעל, אויב זי האָט איהר ירושה פערטהיילט פאַר אַלעמען גלייך.

זי איז געווען גליקליך, זעהר גליקליך, אין גאַנצען פערטהאָן מיט איהר אַדאָפּטירטען קינד. זי האָט פאַר איהם געקויפט ביכער צו ענטוויקלען זיין גייסט און ער האָט זיי געלעזען מיט היץ, מיט גרויס התמדה.

איצט איז ער שוין מעהר ניט ארויפגעקראָכען צו איהר אויפ'ן שויס און זיך ניט געלאַסטשעט צו איהר, ווי ער האָט עס פריהער געטהאָן: אַנשטאָט דעם, האָט ער זיך איצט אַנידערגעזעצט אויף זיין קליין שטוהל אין אַ ווינקעל פון צימער און אריינגעקוקט אין אַ בוך. דער לאָמפּ וואָס איז געשטאַנען אויף אַ קליין טישעל איבער זיין קאָפּ, האָט געשיינט אויף זיינע געקרויזטע האָהר און אויף אַ טהייל פון זיין שטערען: ער האָט זיך ניט געריהרט. האָט ניט אויפגעהויבען די אויגען און זיך ניט בעוועגט מיט קיין גליעד. ער האָט געלעזען און געלעזען, שטאַרק פּעראינטערעסירט, מיט לייב און לעבען אריינגעטהאָן אין די פּאַסירונגען, וואָס האָבען זיך געטראָפען מיט די העלדען פון זיין בוך.

זי איז געזעסען אַנטקעגען איהם, געקוקט אויף איהם מיט אַ הייסען, דורכדרינגענדען בליק, פערוואונדערט איבער זיין חשק צום לערנען, אייפערזיכטיג און אָפט האָט זיך איהר געוואָלט אויס־ברעכען אין אַ געוויין.

פון צייט צו צייט האָט זי צו איהם געזאָגט: „דו וועסט זיך פערמאַטערען אַזוי, מיין טהייערינקער!", האָפענדיג אַז ער וועט אויפהויבען דעם קאָפּ און וועט צוקומען צו איהר זי אַ לאַסטשע טהאָן: אָבער ער האָט איהר אפילו ניט געענטפערט: ער האָט ניט געהערט אָדער ניט פערשטאַנען וואָס זי האָט געזאָגט. ער האָט קיין זאַך ניט געהערט און קיין זאַך האָט איהם ניט געקימערט אויסער וואָס ער האָט געלעזען אין זיינע ביכער.

אין צווי יאָהר האָט ער איינגעשלונגען אין זיך אַ אונגעהויער גרויסע צאָהל ביכער. זיין כאַראַקטער האָט זיך אין גאַנצען גע־ענדערט.

נאָכדעם האָט ער פיעל מאָל געבעטען ביי פריילין סאָורסע געלד און זי האָט עס איהם געגעבען. אָבער אַזוי ווי ער האָט אַלץ מעהר און מעהר פערלאַנגט פון איהר, האָט זי געענדיגט דערמיט, וואָס זי האָט זיך ענטזאָגט איהם צו געבען געלד. זי איז געווען קלוג און ענערגיש און האָט געקענט האַנדלען שטרענג, ווען עס איז נויטהיג געווען. דורך פערשיעדענע סטראַשונקעס האָט ער ביי איהר איין נאָכט אַרויסגעקריגען אַ גרויסע סומע געלד. אָבער ווען ער איז אין עטליכע טעג אַרום צו איהר צוגעשטאַנען, זי זאָל איהם געבען אַ נייע סומע, האָט זי פּעסט און ענטשלאָסען ערקלעהרט, אַז מעהר קריגט ער ניט און... זי האָט געהאַלטען וואָרט.

ער האָט געשיינט צו זיין צופריעדען מיט איהר בעשלוס.

ער איז ווידער געוואָרען רוהיג, ווי ער איז פריהער געווען, האָט ווידער געקענט אַבזיצען שטונדען לאַנג אַהן דעם, אַז ער זאָל אַ ריהר טהאָן מיט אַן אבר, פערטהאָן אין טיעפע געדאַנקען. איצט האָט ער שוין אפילו ניט גערעדט מיט פריילין סאָורסע און האָט נור געענטפערט אויף איהרע בעמערקונגען מיט קורצע, פאָרמאַלע ווער־טער. דאָך איז ער געווען אויף זיין שטיינער פריינדליך און אויפ־מערקזאַם צו איהר; אָבער ער האָט זי איצט שוין מעהר ניט גע־לאַסטשעט און ניט אַרומגענומען.

אין דער צייט ווען זיי פלעגען בלייבען זיצען ביים קאַמין איי־נער אַנטקעגען דעם אַנדערען אין די שטילע נעכט, האָט זי אַליין ניט ווייסענדיג פאַרוואָס, גענומען פאַר איהם מורא האָבען. זי האָט איהם געוואָלט אויפוועקען פון זיין פערטראַכטקייט, מאַכען איהם צו ריידען, עס מאַכט ניט אויס וואָס, אַבי צוברעכען די מורא׳דיגע שטילקייט, וועלכע האָט זי געשראָקען ווי די פינסטערניש אין אַ וואַלד. אָבער ער האָט ניט געהערט אָדער געמאַכט זיך ניט הערענ־

דיג און די אָרימע, שוואכע פרוי האָט זיך געטרייסעלט פאַר שרעק און בשום אופן ניט געקענט פון איהם ארויסקריגען קיין וואָרט.

וואָס אזוינס איז מיט איהם געווען? וואָס איז פאָרגעקומען אין זיין איינגעשפּאַרטען קאָפּ? און אבגעזעסען אזוי מיט איהם צוויי־דריי שטונדען, האָט זי געפיהלט ווי איהר ווערט שלעכט און עס נעהמט איהר ציהען צו אנטלויפען פון דאנען, אנטלויפען וואוהין די אויגען וועלען זי טראָגען אבי ניט צו זיין מיט איהם צו־זאמען אין דער דאָזיגער טויטער שטילקייט, ניט זעהן איהם פאַר זיך אַ פערטראַכטען מיט פערשלאָסענע ליפּען. דאָס הארץ האָט איהר געגומען קלעמען און עפּעס אַ פאָרגעפיהל פאַר אַן אונבעשטימטער געפאהר האָט זי אויף קיין איין מינוט ניט אבגעלאָזען.

זי האָט אפּט פערגאָסען טרעהרען, ווען זי איז אליין געווען. וואָס איז פאָרגעקומען אין זיין נשמה? ווען זי האָט אויסגעדריקט עפּעס אַ פערלאַנג, האָט ער עס גלייך ערפילט. ווען זי האָט גע־דאַרפט עפּעס האָבען פון שטאָדט, איז ער אויפ׳ן שטעל אוועק און עס איהר געבראַכט. זי האָט זיך אויף איהם ניט געקענט בעקלאָגען. קיין שלעכט וואָרט האָט ער זיך ביי איהר ניט פערדיענט, גע־ווים ניט! און דאָך...

נאָך אַ יאָהר איז אוועק און איהר האָט זיך געדאַכט, אַז אין די געדאַנקען פון דעם יונגען מאַן איז פאָרגעקומען עפּעס אַן ענדע־רונג. זי האָט עס בעמערקט, האָט עס געפיהלט, איהר האַרץ האָט עס איהר געזאָגט. ווי אזוי? וואָס מאַכט עס אויס! זי איז גע־ווען זיכער, אַז זי האָט קיין טעות ניט געמאַכט; אָבער זי וואָלט ניט געקענט ערקלעהרען אין וואָס אויגענטליך איז בעשטאַנען די דאָזיגע ענדערונג און צו וואָס פאַר אַ בעשליסע עס האָבען גע־בראַכט דעם יונגען מאַן זיינע געהיימע געדאַנקען.

עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז ביז אהער איז ער געווען ווי אַ מענש, וועלכער טראָגט זיך ארום מיט עפּעס אַ געדאַנק, וועלכען ער האָט זיך נאָך ניט ענטשלאָסען דורכצופיהרען און דאָ, פּלוצים, איז דער געדאַנק ביי איהם רייף געוואָרען און ער האָט אַנגענו־

מען אַ בעשלום. דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהר אַ זעץ געטהאָן אין מוח איין אבענד ווען זי האָט געטראָפען זיין בליק, אַ פעסטען, ענטשלאָסענעם בליק וועלכען זי האָט ביז אהער ביי איהם קיינמאָל ניט געזעהן.

דאַן האָט ער זי גענומען נאָכאַנאַנד היטען און איהר האָט זיך געוואָלט בעהאַלטען וואו עס איז, בעגראָבען זיך, אום אויסצומיידען זיינע קאַלטע אויגען, וועלכע זיינען געווען אָנגעשטעלט אויף איהר.

ער האָט זיך איינגעגעסען אין איהר מיט זיינע אויגען און געקוקט אויף איהר, געקוקט אבענד נאָך אבענד שטונדען לאַנג, און נור דאַן אָבגעקעהרט פון איהר זיינע אויגען, ווען זי האָט געזאָגט אַ נערוועזע, אַ פערמוטשעטע:

— קוק ניט אזוי אויף מיר, מיין קינד!

דאַן האָט ער ארונטערגעלאָזען זיין קאָפּ.

אָבער אין דער מינוט, ווי זי האָט זיך אומגעקעהרט צו איהם מיט'ן רוקען, האָט זי ווידער געפיהלט זיינע אויגען אויף זיך. וואו זי איז געשטאַנען און וואו זי איז געגאַנגען, האָט ער זי פערפאָלגט מיט זיין שטענדיגען בליק.

מאַנכעס מאָל, ווען זי האָט שפּאַצירט אין איהר קליינעם גאָרטען, האָט זי איהם פּלוצים בעמערקט שטעהענדיג אָנגעשפּאַרט ערגעץ הינטער אַ בוים, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף איהר: און ווען זי איז געזעסען פאַר'ן הויז און געצירעוועט זאָקען, בעת ער האָט פון ווייטען קרויט געגראָבען, האָט ער זי אויך נאָכאַנאַנד געהיט און געקוקט אויף איהר אויף זיין בעזונדערען, כיטרען שטייגער.

אומזיסט האָט זי איהם געפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר, מיין זוהן? פאַר די לעצטע דריי יאָהר ביזטו געוואָרען אין גאַנצען אַן אַנדערער. איך דערקען דיך ניט. זאָג מיר, וואָס פעהלט דיר, פון וואָס טראַכסטו, איך בעט דיר.

ער האט אימער געהאט איין און דעם זעלבען ענטפער, וועל־כען ער האט איהר געגעבען אין א רוהיגען אבער עטוואס אונגע־דולדיגען טאן:

— גארנישט פעהלט מיר, טאנטע!

און ווען זי איז צו איהם צוגעשטאנען און אפעלירט צו איהם און מיט טרעהרען אין די אויגען זיך געבעטען ביי איהם:

— אך, מיין קינד, ענטפער מיר, ענטפער, ווען איך רייד צו דיר. ווען דו וואלסט וויסען וויפיעל ליידען דו פערשאפסט מיר, וואלסטו מיר אימער געענטפערט און וואלסט ניט געקוקט אויף מיר מיט אזעלכע בליקען. האסטו זארג? ליידעסטו פון עפעס? זאג מיר, איך וועל דיר העלפען.

דאן האט ער זיך אבגעקעהרט פון איהר מיט א מיעדער בעווע־גונג און ארויסגעמורמעלט:

— מיר איז גארנישט און מיר פעהלט גארנישט. איך פערזיכער אייך.

ער איז ניט פיעל אונטערגעוואקסען און האט נאך אלץ גע־האט דעם אויסזעהן פון א קינד. הגם זיינע געזיכטס־שטריכען זיינען געווען ווי פון א מאן. אין אלגעמיין זיינען זיינע שטריכען געווען הארטע און ניט קיין רעגעלמעסיגע. זיין פיגור איז געווען קליין, אונענטוויקעלט, ניט דערוואקסען, ווי א מפיל, און ער האט געמאכט א בעאונרוהיגענדען איינדרוק. ער איז געווען א פערשלאסענע, אונדורכדרינגליכע בעשעפעניש, אין וועמען עס האט אימער גע־שיינט עפעס צו ארבייטען און וועמעס קאפ איז שטענדיג פול געווען מיט געפעהרליכע פלענער.

פרייליין סאורסע האט דאס אלץ גוט געוואוסט און פון דער צייט אן, וואס זי האט זיין בעזונדערען בליק אויף זיך געכאפט, האט זי ניט געקענט שלאפען ביינאכט. אזוי גרויס איז איהר שרעק גע־ווען. מורא'דיגע אנגסטען, שרעקליכע חלומות האבען איהר פער־פאלגט. זי האט זיך איינגעשלאסען ביי זיך אין צימער און פער־

באריקאדירט די טהיר און די מורא האט זי אלץ מעהר און מעהר גע־פיניגט.

פארוואס האט זי מורא געהאט? זי האט עס ניט געקענט זאגען.

זי האט מורא געהאט פאר אלעם, פאר דער נאכט, פאר די ווענט, פאר די שאטענס, וואס די לבנה האט געווארפען אויף די ווייסע פארהאנגען פון איהרע פענסטער און איבער אלעם, האט זי מורא געהאט פאר איהם. פאר וואס? וואס האט זי געהאט זיך צו שרעקען? האט זי דען געהאט א בעשטימטען בעגריף וועגען דעם? עס איז איהר אונמעגליך געווען ווייטער אזוי צו לעבען! זי האט ניט געקענט אויסהאלטען מעהר! זי האט געפיהלט, אז עפעס אן אונגליק טראגט זיך אויף איהר, עפעס א מורא'דיגער אונגליק.

זי האט זיך איין געהיים ארויסגעריסען איין מאל א פריה־מארגען און איז אוועק אין שטאדט זיך צו זעהן מיט איהרע קרובות. מיט א ציטערענדער שטימע האט זי זיי דערצעהלט וועגען איהר לאגע.ביידע פרויען האבען געמיינט, אז זי איז משוגע געווארען און האבען געזעהן זי צו בערוהיגען.

זי האט ניט געקענט קומען צו זיך און האט אלץ גע'טענה'ט:

— ווען איהר וואלט זעהן ווי ער קוקט אויף מיר פון אין דער פריה ביז ביי־נאכט. ער נעהמט קיין מאל פון מיר זיינע אויגען ניט אראב. צייטענווייז פיהל איך א פערלאנג צו נעהמען שרייען „ראַ־טעוועט", ארייגרופען די שכנים, אזעלכע אנגסטען פאלען אויף מיר אן. אבער וואס קען איך זיי זאגען? ווי קענען זיי מיר העל־פען? ער טהוט גארנישט, אויסער וואס ער קוקט אויף מיר.

ביידע פרויען האבען געפרעגט:

— איז ער ווען עס איז גראב מיט דיר? ענטפערט ער דיר פרעך?

זי האט געענטפערט:

— ניין, קיינמאל ניט; ער טהוט אלעס וואס איך הייס איהם; ער ארבייט שווער, איז געלאסען. אבער דאס אלעס ארט מיך ניט.

ער האָט זיך עפּעס אריינגענומען אין קאָפּ, איך בין זיכער אין דעם... גאנץ זיכער. איך וויל מעהר ניט בלייבען מיט איהם אליין אויפ'ן לאנד.

די קרובות, אָנגעשראָקענע פון איהרע רייד, האָבען ערקלעהרט, אז זיי זיינען פערוואונדערט און פערשטעהען זי ניט; און זיי האָבען איהר געראטהען, זי זאָל גאָר ניט דערצעהלען וועגען איהר שרעק און איהרע פּלענער און זאָל קומען וואָהנען אין שטאָדט. אויף אזא אופן, האָבען זיי געהאָפט, אז די גאנצע ירושה וועט אריינפאלען צו זיי אין די הענד.

זיי האָבען איהר אפילו צוגעזאָגט צו העלפען פערקויפען איהר הויז און וועלען געפינען אַן אנדערע ניט ווייט פון זיי.

פריילין סאורסע האָט זיך אומגעקעהרט אהיים, אָבער איהר קאָפּ איז געווען אזוי צודרעהט און אויפ'ן הארצען איז איהר געווען אזוי שווער, אז זי האָט זיך געטרייסעלט ביים קלענסטען גערויש און איהרע הענד האָבען געציטערט פון אונרוהיגקייט.

נאָך צוויי מאָל איז זי געקומען זיך אַן עצה האלטען מיט איהרע קרובות, פעסט ענטשלאָסען ניט צו בלייבען מעהר אין איהר אוּמעדיגער היים, וואו זי האָט מורא געהאָט פאר איהר אייגענעם שאָטען. צום סוף האָט זי געפונען אַ קליין הייזעל ניט ווייט פון שטאָדט, וועלכע איז איהר געפעלען און זי האָט עס שטילערהייט געקויפט.

אין אַ געוויסען דינסטאָג, אין דער פריה, האָט זי אונטערגעשריבען דעם קאָנטראַקט און דעם גאַנצען נאָכמיטאָג פון יענעם טאָג, האָט פריילין סאורסע זיך פערנומען מיט פּארבערייטונגען, זיך אריבערצוקלייבען אויף איהר נייער וואָהנונג.

ארום אכט אזייגער אין אבענד איז זי אריין אין אַ דיליזשאַנס, וועלכער איז פארבייגעפאָהרען עטליכע הונדערט אוילען פון איהר הויז, און האָט געזאָגט צום קאָנדוקטאָר, ער זאָל זי ארונטערלאָזען אויף דעם פּלאַץ, וואו ער פלעגט זיך שטענדיג פאר איהר אָבשטעל־

לען. ער האָט אזוי געטהאָן און אַ שמייס־טהאָענדיג די פערד, האָט ער צו איהר אויסגערופען:

— אַ גוטע נאַכט, פריילין סוארסע... גוטע נאַכט!

זי האָט געענטפערט בּעהענדיג ווייטער איהר וועג:

— גוט נאַכט, פּאַטער יאָזעף!

אויף מאָרגען, ארום האַלב נאָך זיעבען אין דער פריה, האָט דער בריעף־טרעגער, וועלכער האָט געטראָגען בריעף אין שטעדטעל, בע־מערקט אויף אַ זייטיגען וועג, ניט ווייט פון דעם הויפּט וועג, אַ גרויסע לוזשע נאָך ניט פערטריקענטע בלוט. ער האָט געזאָגט צו זיך אליין: „ביי עפּעס אַ שיכור האָט געמוזט גּעהן בלוט פון נאָז“!

אָבער אין צעהן טריט ווייטער האָט ער בעמערקט אַ טאַשען־טיכעל, וואָס איז אויך געווען פּערפלעקט מיט בלוט. ער האָט עס אויפגעהויבען. עס איז געווען אַ פיינע, וועבענע טיכעל, און דער בריעף־טרעגער, שוין אביסעל בעאונרוהיגט, איז אוועק צו דעם גראָבען, וואו איהם האָט זיך אויסגעדאכט, אז ער זעהט עפּעס אַ מאָדנעם געגענשטאַנד.

פריילין סאורסע איז געלעגען אויפ'ן גראָז נעבען ראנד, מיט אַ איבערגעשניטענער האלז.

אין אַ שטונדע ארום האָבען זשאַנדארען, אַ אונטערזוכונגס־ריכטער און אנדערע בעאַמטע געמאכט אַן אונטערזוכונג וועגען דער אורזאכע פון איהר טויט.

די בײדע שטאָדטישע קרובות, וועלכע זיינען ארויסגערופען געוואָרען אלס עדות, האָבען דערצעהלט אלץ וועגען דער אלטער מויד'ס שרעקען און איהרע לעצטע פּלענער.

דער יתום איז ארעסטירט געוואָרען. זייט דעם טויט פון דער פרוי, וועלכע האָט איהם אדאָפּטירט, האָט ער געוויינט פון פריה ביז נאַכט, פערזונקען, — אזוי אָם וויינינגסטען האָט ער אויסגע־זעהן — אין דעם טיעפסטען טרויער.

ער האָט בעוויזען, אז ער האָט פערבראכט דעם אבענד ביז עלף אזייגער אין א קאפע. צעהן מענשען האָבען איהם דאָרט גע־זעהן, וועלכע זיינען געבליבען ביז ער איז אוועק.

דאן האָט דער קאָנדוקטאָר פון'ם דיליזשאַנס געזאָגט, אז ער האָט ארונטערגעלאָזען די ערמאָרדעטע פרוי אויפ'ן וועג צווישען האלב ניין און צעהן א זייגער.

דער בעשולדיגטער איז בעפרייט געוואָרען. א צוואה, וועלכע איז נאָך מיט א צייט צוריק געמאכט געוואָרען און האָט זיך גע־פונען אין די הענד פון א נאָטאריוס אין רענגעס, האָט איהם גע־מאכט פאר דעם גאנצען יורש. און אזוי האָט ער אלעס גע־ירש'ענט.

א לאַנגע צייט האָבען די מענשען אין דאָרף איהם ארייגעלייגט אין א מין חרם, קיינער האָט מיט איהם ניט געוואָלט האָבען צו טהאָן, זיי האָבען נאָך איהם אלץ חושד געווען. זיין הויז, וועלכע האָט פריהער בעלאַנגט צו דער טויטער פרוי, איז בעטראכט גע־וואָרען ווי א פערשאָלטענע. מענשען האָבען זיך פון איהם אבגע־קעהרט און איהם אויסגעמידען אין גאס.

אָבער ער האָט זיך געהאלטען אזוי גוט מוטהיג, אזוי אָפּענ־הערציג, אזוי פריינדליך, אז די מורא'דיגע צווייפלען זיינען ביסלעכ־ווייז פערגעסען געוואָרען. ער איז געווען פרייגעביג, האָט גערן גע־טהאָן א טובה, איז גרייט געווען צו רעדען צו דעם קלענסטען און דעם ניעדעריגסטען וועגען וואָס ניט איז, אבי זיי האָבען נור געוואָלט ריידען מיט איהם.

דער נאָטאריוס, מעטער ראמעו, איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָט זיך פאר איהם אָנגענומען. זייענדיג איינמאָל אין אבענד ביי דעם צינזען קאָלעקטאָר צו אן אונטערהאלטונג, האָט ער געזאָגט:

— א מאַן, וועלכער האָט אזוי ליעב צו פּלוידערען און וועל־בער איז שטענדיג אזוי גוט אויפגעלייגט, קען אויף זיין געוויסען ניט האָבען אזא פערברעכען.

געריהרט פון דעם דאָזיגען ארגומענט, האָבען די איבעריגע אנוועזענדע זיך גענומען דערמאָנען אָן די לאנגע געשפּרעכען, וואָס זיי האָבען געהאַט מיט דיעזען מאַן, וועלכער האָט זיי כמעט מיט געוואַלד געצוואונגען אָבצושטעלען זיך אויפ'ן וועג און אויסהער־רען איהם. זיי האָבען זיך דערמאָנט וויפיעל מאָל ער איז צוגע־שטאַנען צו זיי, זיי זאָלען אריינגעהן צו איהם אין הויז, ווען זיי זיינען פערבייגעגאנגען פאר זיין גארטען, אז ער פערשטעהט צו זאָגען א וויץ נאָך בעסער פון דעם לויטענאַנט פון די זשאַנדארען אליין און אז ער איז אזא לעבעדיגער, פרעהליכער יונג, דאָס ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי סטארען זיך צו האַלטען פון איהם פון ווייטען, קענען זיי זיך דאָך ניט איינהאַלטען פון געלעכטער, ווען ער שטעהט נור צו זיי צו.

אין אַ קורצער צייט ארום האָבען זיך אַלע טהירען פאר איהם געעפענט.

היינט איז ער דער בירגערמייסטער פון זיין געמיינדע.

**ע נ ד ע.**

# דער קראליק




ער אלטער לעקאשיר האט זיך בעוויזען ביי דער טהיר פון זיין הויז אין זיין געוועהנליכער צייט, צווישען פינף און א פיערטעל נאך פינף אין דער פריה, אכ־טונג צו געבען אויף זיינע מענשען, וועלכע זיינען געגאנגען צו דער ארבייט.

זיין פנים איז געווען רויט, נאך שטארק פערשלאפען, זיין רעכטע אויג אפען און די לינקע כמעט א העלפט צוגעמאכט. ער האט צוגעשפיעלעט די שליקעס איבער זיין גרויסען בויך און די גאנצע צייט ארומגעקוקט יעדען ווינקעל פון זיין הויף מיט פאר־שענדיגע בליקען. די זון האט געווארפען איהרע שטראהלען דורך די ביכען־בוימער ביי דער זייט פון'ם גראבען און דורך די עפעל־בוימער פון אויסענווייניג, די העהנער האבען זיך אויפגעכאפט און גענומען קרעהען אין זייערע קאטוכען, און די טויבען האבען געסווישטשעט איבער'ן דאך. דער גערוך פון די קיה־שטאלען האט זיך דערטראגען פון דער אפענער טהיר און זיך אויסגעמישט אין דער פרישער פריהמארגענדיגער לופט, מיט דעם שארפען גערוך פון'ם שטאל, וואו די פערד האבען געהירזשעט אנטקעגען דער זון.

אזוי שנעל ווי זיינע הויזען זיינען געווען ריכטיג פערשפיעלעט, איז לעקאשיר ארויס פון הויז און איז פריהער פון אלץ אוועק צום קאטוך איבערצעהלען די אייער, וועלכע די היהנער האבען געלייגט

אין דער פּריה, ווייל שוין זייט אַ געוויסער צייט האָט ער געהאַט אַ חשד, אַז מען בע׳גנב׳עט איהם. אָבער די דיענסט־מיידעל איז פּלוצים צוגעלאָפען צו איהם מיט פערבראָכענע הענד און האָט אויסגעשריען:

— בעל הבית! בעל הבית! מען האָט גע׳גנב׳עט אַ קראַליק.

— אַ קראַליק?

— יאָ, בעל הבית, דעם גרויסען גרויען קראַליק פון׳ם שטייג אויף דער לינקער זייט.

דערהערט עס, האָט דער פּארמער געעפענט זיין לינקע אויג און האָט געזאָגט איינפאַך:

— איך מוז עס זעהן!

און ער איז אוועק אויסצופּאַרשען יענעם פּלאַץ. דער שטייג איז אויפגעבראָכען געוואָרען און דער קראַליק איז דאָרט ניט געד וועזן. דאַן האָט ער זיך פערטראַכט, ווידער צוגעמאַכט זיין לינקע אויג, אַ קראַץ געטהאָן די נאָז און אין אַ ווײַלע ארום געזאָגט צו דער צושראָקענער מיידעל, וועלכע איז אַ צוטומעלטע געשטאַ־נען פאַר איהם:

— געה און רוף די זשאַנדאַרמען; זאָג, אַז איך ערוואַרט זיי אזוי שנעל ווי מעגליך.

לעקאשיר איז געוועזן דער מער פון דער שטעדטעל פּאַירגריי־לע גראס און ער האָט דאָרט געהערשט ווי אַ טיראַן צוליעב זיין געלד און די הויכע שטעלע וואָס ער האָט פערנומען. אזוי שנעל ווי דאָס מיידעל איז פערשוואונדען אין דער ריכטונג פון שטעדטעל, וועלכע האָט זיך געפונען ארום פינף הונדערט איילען פון דאַנען, איז ער צוריק אריין אין שטוב טרינקען זיין קאַפּע און זיך דורכ־צוריידען וועגען דעם ענין מיט זיין ווייב. ער האָט איהר געפונען אויף די קניה, מאַכענדיג אַ פייער אין אויוועז. אזוי שנעל ווי ער איז צוגעקומען צו דער טהיר, האָט ער געזאָגט:

— אימיצער האָט גע׳גנב׳עט דעם גרויען קראַליק.

זי האָט זיך דערלאַנגט אַקעהר אום אזוי שנעל, אַז זי האָט

זיך אויסגעצויגען אויפ'ן פּאָדלאָגע, און קוקענדיג אויף איהר מאַן מיט אויסגעפּוטשעטע אויגען, האָט זי געפרעגט:

— וואָס זאָגסטו? אימיצער האָט גע'גנב'עט אַ קראָליק?

— יאָ, דעם גרויסען גרויען קראָליק.

זי האָט אַ זיפץ געטהאָן:

— אוי, וועה איז מיר! ווער האָט עס געקענט טהאָן?

זי איז געוועזען אַ קליינע, מאָגערע, בעוועגליכע און נעטע פרוי, וועלכע האָט גוט פערשטאַנען פּאַרמעריי. לעקאַשיר האָט געענט־פערט:

— דאָס מוז אודאי זיין דער פּאָלים.

זיין ווייב איז פּלוצים אויפגעשפּרונגען און געזאָגט מיט אַ צורייצטען קול:

— עס איז זיין ארבייט! זיין ארבייט! דו דאַרפסט מעהר קיינעם ניט זוכען! דו האָסט געטראָפען! דאָס איז ער, ער!

און איהר גאַנצער פוייערשער כעס, איהר אויפרעגונג און האַס פון אַ שפּאָרזאַמער פרוי אַנטקעגען דעם מאַן, וועלכען זי האָט אַלע מאָל חושד געווען, האָט זיך געזעהן אין איהר פערביסענעם מויל, אין די קנייטשען פון איהרע באַקען און אין דעם שטערען פון איהר מאָגערען, פערצווייפעלטען פּנים.

— און וואָס האָסטו געטהאָן? — האָט זי געפרעגט.

— איך האָב געשיקט נאָך די זשאַנדאַרען.

דער דאָזיגער פּאָלים איז געוועזען אַן ארבייטער, וועלכער האָט בלויז עטליכע טעג געאַרבייט אויפ'ן פאַרם און וועלכען לעקאַשיר האָט אָוועקגעשיקט פאַר אַ פרעכען ענטפער. ער איז געוועזען אַן אַלטער סאָלדאַט און די געוועהנהייט צו גנב'ענען, בעטריגען און פערפיהרען האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט פון דער מלחמה אין אפריקא, וואו די דאָזיגע זאַכען זיינען געוועזען עטוואָס גאַנץ גע־וועהנליכעס. ער האָט געטהאָן אַלץ אין דער וועלט, כדי צו האָבען פון וואָס צו לעבען, אָבער צו ער האָט געאַרבייט אַלס מוליאַר, אַלס מאַטראָז, אַלס פעלד־אַרבייטער, צו ער האָט געבראָכען שטיינער,

צו געהאַקט בוימער, איז ער אומעדום און שטענדיג געווען פויל. און דערפאַר איז ער אויף קיין פּלאַץ ניט פּערבליבען און האָט צייַ־טענווייז געמוזט אוועק אין אַנדערע שטעדטלאַך, אום דאָרט צו קרי־גען אַרבייט.

פון דעם ערשטען טאָג אָן, וואָס ער איז אָנגעקומען אויף דעם פאַרם, האָט לעקאַשיר'ס ווייב איהם פיינט געקראָגען, און איצט איז זי געווען זיכער, אַז ער האָט זיי בערויבט.

אין אַ האַלבע שעה אַרום זיינען אָנגעקומען ביידע זשאַנדאַרען. דער בריגאַדיר סאַנאַטעור איז געווען זעהר הויך און מאַגער, און דער זשאַנדאַר לעניענט, קורץ און גראָב. לעקאַשיר האָט זיי גע־בעטען זיצען און דערצעהלט וואָס דאָ איז געשעהען, און דאַן זיי־נען זיי אוועק און בעטראַכט דעם פּלאַץ, וואו די גנבה איז בע־גאַנגען געוואָרען, אום פעסטצושטעלען דעם פאַקט, אַז דער שטייג איז אויפגעבראָכען געוואָרען און איבערהויפּט צו זוכען אַלע מעג־ליכע בעווייזע. ווען זיי זיינען צוריקגעקומען אין קיך אַריין האָט די בעל הבית'טע געבראַכט אַ ביסעל וויין, האָט אָנגעפילט די גלעז־זער און געפרעגט מיט אַ מיסטעריאַישען בליק:

— דענקט איהר, אַז איהר וועט איהם כאַפּען?

דער בריגאַדיר, וועלכער האָט געהאַט זיין שווערד צווישען זיינע קניה, האָט געשיינט צו זיין אונזיכער. געוויס וואָלט ער איהם לייכט געקענט כאַפּען, ווען מען זאָל איהם אָנווייזען ווער דאָס איז, אָבער אַזוי, ווען ער אַליין זאָל איהם דאַרפען אויסגעפינען, דאַן איז דאָס אַ ביסעלע שווערלאַך. און נאָכדעם, ווי ער האָט אַ לאַנגע צייט געטראַכט און געמאַכט פערשיעדענע פּלענער, האָט ער געפרעגט איינפאַך:

— ווייסט איהר ווער דער גנב איז?

און לעקאַשיר האָט געענטפערט מיט נאָרמאַנישער שלויקייט אין זיינע אויגען:

— ווייסען ווער דער גנב איז, ווייס איך ניט, ווייל איך האָב איהם ניט געכאַפּט ביי דער האַנד, בעת ער איז די גנבה בעגאַנגען.

וואָלט איך איהם געכאַפּט, וואָלט איך דאַן איהם געצוואונגען אויפצועסען דעם קראַליק אַ לעבעדיגען מיט די הויט און ביינער, ווי ער שטעהט און געהט, אָהן אַ טראָפּען סיידער עס אַרונטער־צושווייגקען. זאָגען ווער עס איז אויף בעשטימט, קען איך ניט, הגם איך גלויב, אַז עס איז דער טויגעניכטס, דער פּאַליט.

צום סוף האָט ער דערצעהלט די אונאַנגענעהמליכקייטען, וואָס ער האָט געהאַט מיט פּאַליט'ן, ווי יענער האָט געאַרבייט אויף זיין פאַרם און ער האָט איהם ענטזאָגט פאַר זיין גראָבקייט, וועגען זיין שלעכטען נאָמען און די פערשיעדענע מעשים, וואָס ער האָט אָבגע־טהאָן.

דער בריגאַדיר, וועלכער האָט אַלעס אויסגעהערט זעהר אויפ־מערקזאַם בעת ער האָט אויסגעליידיגט איין גלאָז און אָנגעפילט אַ צווייטע, האָט זיך אַ קעהר געטהאָן צום זשאַנדאַר און געזאָגט:

— מיר מוזען געהן איהם זוכען ביי סעווערין'ס ווייב אין הויז.

דער זשאַנדאַר האָט אַ שמייכעל געטהאָן און דריי מאָל אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

דאַן איז מאַדאַם לעקאַשיר צו זיי צוגעקומען און גענומען שלוי און פאַרזיכטיג אויספרעגען דעם בריגאַדיר. ער האָט איהר דערצעהלט, אַז דער פאַסטוך סעווערין איז געווען אַ פּראָסטער לע־מעשקע, אַ מין סאָרט חיה, וואָס האָט פון קינדהייט אָן זיך געהאַ־דעוועט צווישען די שאָף און וועלכער האָט אויסער זיי מעהר גאָר־נישט געוואוסט אויף דער וועלט. דאָך איז טיעף אין זיין האַר־צען פאַרט געבליבען טלויען דער פויערשער אינסטינקט צו שפּאָרען געלד. יאָהרען און יאָהרען האָט ער אין די לעכער און שפּאַרונעס פון די בוימער, אונטער שווערע שטיינער, בעהאַלטען זיינע אָב־געשפּאַרטע געלד, וואָס ער האָט פערדיענט אַלס פאַסטוך, אָדער אַלס רופא פון פערד און שאָף. דען דער אַלטער פאַסטוך, וועמעס פּלאַץ ער האָט איבערגענומען, האָט איהם איבערגעגעבען דעם סוד, ווי אַזוי זיי צו קורירען מיט געוויסע אָבשפּרעכונגען, גראָזען און

קרייטעכצער. און אין א געוויסען טאג האט ער געקויפט א שטי־קעל אייגענטהום, וואס איז בעשטאנען פון א הויז און א שטיק פעלד פאר דריי טויזענד פראנק.

אין עטליכע מאנאטען ארום איז ארויס א קלאנג, אז ער געהט חתונה האבען מיט דעם שענקער'ס דיענסט, וועלכע איז בע־וואוסט געווען פאר איהר צולאזענקייט. די יונגע לייט האבען דערצעהלט, אז דאס מיידעל האט זיך דערוואוסט, דאס ער האט אביסעל געלד און זי איז אוועק צו איהם אין הויז אריין. דארט האט זי פערבראכט נאכט נאך נאכט, איהם אריינגענומען אין איה־רע הענד אריין, איהם צורייצט, פער'כישופ'ט און ביסלעכוויז איהם געבראכט דערצו, אז ער זאל מיט איהר חתונה האבען.

און דאן, נאכדעם ווי זיי זיינען געווען ביים מער און אין קירכע, וואו זיי האבען געזעצליך געהייראט, איז זי אוועק וואה־נען אין דער הויז, וואס איהר מאן האט געקויפט, בעת ער האט ווייטער געפאשעט זיינע שאף אויפ'ן פעלד און האט דארט פער־בראכט טעג און נעכט.

און דער בריגאדיר האט געענדיגט מיט די דאזיגע ווערטער:

— פאליט לעבט דארט מיט איהר שוין זייט דריי וואכען, ווייל דער גנב האט ניט קיין אייגענע היים וואו זיך אהין צו טהאן.

דער זשאנדאר האט געמאכט א שפאס:

— צו וואס דארף ער א היים, עס איז איהם ווארים אין פאליט'ס בעט.

דערהערט די דאזיגע מעשה, איז מאדאם לעקאשיר געווארען נאך מעהר צוקאכט. עס האט אין איהר געגומען ברענען א כעס געגען איהם אלס גנב, אי אלס פערפיהרער און זי האט אויסגע־רופען:

— דאס איז ער, זיכער ער! געהט אהין, ארעסטירט איהם! אויסראטען דארף מען זיי, אזעלכע נפשות!

אבער דער בריגאדיר איז געבליבען גאנץ רוהיג.

— בערוהיגט זיך — האָט ער געזאָגט — לאָמיר וואַרטען ביז צוועלף אזייגער; אזוי ווי פּאָליט געהט אהין עסען מיטאָג יעדען טאָג, וועלען מיר זיי כאַפּען מיט דער גנבה אין די הענד.

דער זשאַנדאַר האָט אַ שמייכעל געטהאָן, איהם איז געפעלען געוואָרען זיין קאַמעראַד'ס איינפאַל. לעקאַשיר האָט איצט אויך געשמייכעלט, ווייל די געשיכטע פון'ם פּאַסטוך איז איהם פאָרגע־קומען זעהר קאָמיש: בעטראַגענע מענער זיינען אלע מאָל אמור־זאַנט.

— — — — — — — — — — —

עס האָט נור וואָס געהאָט געשלאָגען צוועלף אזייגער, ווען דער בריגאַדיר, געפאָלגט פון זיין מיטהעלפער, האָט דריי מאָל העפליך אָנגעקלאַפּט אין טהיר פון אַ קליין איינזאַם הייזעל, וואָס האָט זיך געפונען אויפ'ן עק וואַלד ארום פינף הונדערט איילען פון שטעדטעל.

זיי זיינען געשטאַנען הארט אָנגעשפּארט אַן וואַנט, כדי מען זאָל זיי ניט זעהן פון אינעווייניג און האָבען געוואַרט. אזוי ווי קיינער האָט ניט געענטפערט, האָט דער בריגאַדיר אין אַ וויילע ארום ווידער אָנגעקלאַפּט עס איז געוועזן אזוי שטיל, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז קיינער וואָהנט ניט דאָרט, אין דער דאָזיגער הויז; אָבער דער זשאַנדאַר לעניענט, וועלכער האָט געהאַט אַ גוטען אויער, האָט געזאָגט, אַז ער האָט געהערט ווי אימיצער בעוועגט זיך דאָרט אינווייניג. דער בריגאַדיר איז געוואָרען אין כעס. ער וואָלט קיינעם ניט ערלויבען זיך צו שטעלען אנטקעגען דער אויטאָ־ריטעט פון געזעץ אפילו אויף איין מינוט, און אַ זעץ טהאָענדיג אין טהיר מיט דער הענדטעל פון זיין שווערד, האָט ער אַ געשריי געטהאָן:

— עפענט די טהיר אין דעם נאָמען פון געזעץ!

אזוי ווי דער דאָזיגער בעפעהל האָט אויך ניט געהאָלפען, האָט ער אויסגעדונערט:

— אויב איהר פּאַלגט ניט גלייך, צוברעך איך דעם שלאָס. איך בין דער בריגאַדיר פון די זשאַנדאַרען, צום טייפעל, איך וועל אייך באַלד ווייזען מיט ווער מען איהר האָט צו טהאָן. לעניענט אהער!

ער האָט נאָך ניט צייט געהאַט צו ענדיגען זיינע רייד, ווען די טהיר האָט זיך געעפענט און ער האָט דערזעהן פאַר זיך אַ דיקע מויד, שטאַרק פּערוויטיגט, אָן אַנגעגאָסענע, מיט אַ הויכער ברוסט, אַ גרויסען בויך און ברייטע היפּטען. דאָס איז געווען דעם פּאַסטוך סעווערין׳ס ווייב. ער איז אריין אין הויז.

— איך בין געקומען צו אייך מיט אַ וויזיט, ווייל איך וויל מאַכען אַ קליינע אונטערזוכונג — האָט ער געזאָגט און זיך אַרומ־געקוקט אויף אַלע זייטען.

אויפ׳ן טיש איז געשטאַנען אַ טעלער, אַ קרוג סיידער און אַ גלאָז האַלב־פול, וועלכע האָט בעוויזען, אַז דאָ האָט מען נור וואָס געגעסען מיטאָג. צוויי מעסערס זיינען געלעגען איינער נעבען צווייטען און דער כיטרער זשאַנדאַר האָט אַ וואונק געטהאָן צו זיין פאַרגעזעצטען:

— דאָ שמעקט עפּעס זעהר גוט — האָט דער לעצטער געזאָגט.

— מען קען שווערען, אַז דאָס איז אַ געבראָטענער קראַליק — האָט דער ערשטער צוגעלייגט זעהר פרעהליך.

— ווענט איהר טרינקען אַ גלאָז שנאַפּס? — האָט די פרוי געפרעגט.

— ניין, אַ דאַנק; איך וויל בלויז די פעל פון׳ם קראַליק, וועלכען איהר האָט געגעסען.

זי האָט זיך געמאַכט ניט פערשטעהענדיג, הגם זי האָט געצי־טערט פאַר שרעק און געפרעגט:

— וואָס פאַר אַ קראַליק?

דער בריגאַדיר האָט זיך רוהיג אוועקגעזעצט און אָבגעווישט דעם שוויים פון שטערען.

— געהט, געהט, מאַכט זיך ניט פאַר אַזאַ נעבאַכקע, איהר וועט דאָך אונז ניט איינריידען, איז איהר לעבט מיט טרוקענעם

ברויט. וואָס האָט איהר דאָרט געגעסען איינע אַליין היינטיגען מיטאָג?

— איך? גאָרנישט, איך שווער אייך. אַ שטיקעל פּוטער מיט ברויט.

— איהר זייט גאָר אַן אונשולדיגע שעפּעלע, מיין גוטע פרוי. אַזוי? אַ שטיקעל פּוטער מיט ברויט? איהר האָט אַ טעות; איהר האָט געדאַרפט זאָגען אַ שטיקעל קראַליק געבראָטען אין פּו־טער. ביי גאָט, אייער פּוטער שמעקט פיין! דאָס איז עפּעס אַ ספּעציעלע פּוטער, גאָר גוטע פּוטער, וואָס פּאַסט זיך פאַר אַ חתונה; זיכער איז עס ניט קיין היימישע פּוטער!

דער זשאַנדאַר האָט זיך געקייקעלט פאַר געלעכטער און האָט ווידערהאָלט נאָך אַמאָל:

— ניין, קיין היימישע פּוטער איז עס זיכער ניט.

אַזוי ווי דער בריגאַדיר איז געווען אַ וויצלינג, זיינען די זשאַנדאַרען אויך געווען לוסטיגע יונגען און דער בעאַמטער האָט ווייטער געפרעגט:

— וואו איז אייער פּוטער?

— מיין פּוטער?

— יאָ, אייער פּוטער.

— אין דעם סלאָי.

— און וואו איז דער סלאָי?

— אָט איז ער.

זי האָט ארויסגעטראָגען אַן אַלטען סלאָי, וואו אויפ'ן דעק האָט זיך געפונען אַ שטיק געזאַלצענע פּוטער. דער בריגאַדיר האָט עס אַ שמעק געטהאָן און געזאָגט אַ שאָקעל טהאָענדיג מיט'ן קאָפּ:

— ניין, דאָס איז ניט די זעלבע. איך וויל די פּוטער וואָס שמעקט מיט קראַליק. קום, לעניענט, עפן דיינע אויגען, טהו אַ זיך הינטער'ן בופעט, מיין גוטער ברודער, און איך וועל אַ קוק טהאָן אונטער'ן בעט.

צוגעמאַכט די טהיר, איז ער אוועק צו דער בעט און פּרובירט זי אַברוקען; אָבער די בעט איז געווען צוגעשלאָגען צום וואנט און איז פון דאָרט ניט געריהרט געוואָרען אודאי אַ האלבען יאהר הונדערט. דאן האָט זיך דער בריגאַדיר אַ גליטש געטהאָן און דער יוניפאָרם וואָס ער האָט אויף זיך געטראָגען, האָט זיך אזוי אָנגעצויגען, אז ער האָט גענומען פּלאַצען; אַ קנאָפּ איז אָבגעשפּרונגען.

— לעניענט! — האָט ער אַ רוף געטהאָן.

— יאָ, בריגאַדיר.

— קום אַהער, מיין יונג, און טהו אַ קוק אונטער'ן בעט; איך בין צו הויך... איך וועל געהן זוכען הינטער'ן בופעט.

ער איז אויפגעשטאַנען און געוואַרט, בעת דער צווייטער האָט אויסגעפיהרט זיין בעפעהל.

לעניענט, וועלכער איז געווען קורץ און גראָב, האָט אראָבגענומען זיין קעפּקע, זיך אויסגעצויגען אויפ'ן בויך מיט'ן פּנים צו דר'ערד און אריינגעקוקט אין דער שוואַרצער לאָך אונטער'ן בעט. דאן האָט ער פּלוצים אויסגערופען:

— ער איז דאָ! ער איז דאָ!

— ווער איז דאָרט. דער קראליק?

— ניין, דער גנב.

— דער גנב! שלעפּ איהם ארויס, שלעפּ איהם ארויס!

דער זשאַנדאַר האָט ארונטערגערוקט זיינע הענד אונטער'ן בעט און עפּעס אָנגעכאַפּט. ער האָט גענומען שלעפּען מיט אלע זיינע קרעפטען, און צום סוף האָט זיך בעוויזען אַ פוס, אָנגעטהאָן אין אַ שווערען שטיוועל, וועלכען דער זשאַנדאַר האָט געהאַלטען אין זיין רעכטער האנד. דער בריגאַדיר האָט איהם אַ כאַפּ געטהאָן שרייענדיג:

— שלעפּ! שלעפּ!

און לעניענט, וועלכער איז אין דיעזער צייט שוין געווען אויף זיינע קניה, האָט גענומען פאַר דער אנדערער פוס, אָבער עס איז געווען אַ שווערע שטיקעל ארבייט, ווייל דער געפאַנגענער האָט זיך

שטאַרק געבריקעט און מיט׳ן אויבערשטען האַלבען קערפּער זיך איינגעשצימעט אין דער בעט.

— מוטה! מוטה! שלעפּ! שלעפּ! — האָט געשריען דער בריגאַדיר און זיי האָבען איהם געשלעפּט מיט אַלע זייערע קרעפטען ביז די הילצערנע ברעטלאַך פון בעט, פאַר וועלכע ער האָט זיך אָנגע־האַלטען, האָבען זיך איבערגעבראָכען און דער געפאַנגענער איז ארויסגעשלעפּט געוואָרען ביז צום קאָפּ. צום סוף איז די קאָפּ אויך ארויס און זיי האָבען דערזעהן דעם צושראָקענעם און צורייצטען פּנים פון פּאַליט׳ן, וועמעס אָרעמס זיינען נאָך פערבליבען אויס־געצויגען אונטער׳ן בעט.

— שלעפּ איהם ארויס אין גאַנצען! — האָט דער בריגאַדיר געקאָמאַנדעוועט. דאַן האָט זיך דערהערט עפּעס אַ מאָדנער גערויש און בעת די אָרעמס האָבען זיך נאָכגעשלעפּט נאָך די שולטערען פון׳ם געפאַנגענעם, און די הענד נאָך די אָרעמס, האָבען זיי אין זיינע הענד דערזעהן די ענדטעל פון אַ סקאָוואָראָדע און אין דער סקאָוואָראָדע איז געלעגען דער געבראָטענער קראַליק.

— אָט האָבען מיר עס! אָט האָבען מיר עס! — האָט אויס־גערופען דער בריגאַדיר אַ גליקליכער, בעת דער זשאַנדאַר האָט זיך ארויפגעוואָרפען אויף דעם מאַן. דעם קראַליק׳ס פעל, וואָס איז געווען דער שטאַרקסטער בעוויי, האָבען זיי געפונען אונטער׳ן מאַטראַץ און ביידע זשאַנדאַרען האָבען זיך מיט טריאומף אומ־געקעהרט צוריק אין שטעדטעל מיט דעם געפאַנגענעם און די גנבה.

— — — — — — — — — — —

אין אַ וואָך, נאָכדעם ווי די געשיכטע האָט אָנגעמאַכט אַ גרוי־סען רושם, איז לעקאַשיר געגאַנגען צום שוזהל־לעהרער זיך מיט איהם ווענען עפּעס דורכצוריידען. אויף׳ן וועג האָט מען איהם גע־זאָגט, אז דער פאַסטוך סעווערין וואַרט אויף איהם שוין אודאי אַ שטונדע צייט.

ער איז אוועק און האָט איהם געפונען זיצענדיג אויף אַ שטוהל אין אַ ווינקעל מיט זיין שטעקען צווישען זיינע קניה. ווען ער האָט דערזעהן דעם מער, האָט ער זיך אויפגעהויבען, אראָבגענומען זיין קעפקע און געזאָגט:

— גוט מאָרגען, מעטר קאשעקס — און איז געבליבען שטעהן צוטומעלט און פערשעהמט.

— וואָס פערלאַנגסטו? — האָט דער לעצטער געפרעגט.

— אָט וואָס, מיין הערר. איז עס אמת, אז אימיצער האָט ביי איך צוגע׳גנב׳עט איינעם פון אייערע קראַליקס לעצטע וואָך?

— יא, עס איז אמת, סעווערין.

— ווער האָט דעם קראַליק גע׳גנב׳עט?

— פּאָלים אנקאַס, דער ארבייטער.

— ריכטיג! ריכטיג! און איז עס אויך אמת, אז מען האָט עס געפונען אונטער מיין בעט?

— וואָס מיינסטו, דעם קראַליק?

— דעם קראַליק מיט פּאָליט׳ן.

— יא, מיין אָרימער סעווערין, עס איז אמת, אָבער ווער האָט עס דיר געזאָגט?

— ווער ניט, אַלע! איך פערשטעה! אָבער זאָגט מיר, הערר מער, איהר מוזט דאָך אודאי אַלעס וויסען וועגען חתונה האָבען, וויל איהר מאַכט דאָך אַלע פאַרלאָך חתונה.

— וואָס מיינט איהר וועגען חתונה האָבען?

— אָט איך מיין, וועגען די רעכטע פון דעם מאַן און דער פרוי.

— וואָס פאר א רעכטע?

— דעם מאַן׳ס רעכטע און דאן דער ווייב׳ס רעכטע.

— אָה, אזוי, געוויס ווייס איך.

— יא! דאן זאָגט מיר, מעטר קאשעקס, האָט מיין ווייב דאָס רעכט צו געהן שלאָפען מיט פּאָליט׳ן?

— וואָס מיינסטו געהן שלאָפען מיט פּאָליט׳ן?

— גאנץ פשוט, גיט איהר אייער געזעץ דאס רעכט, בעת זי איז מיין ווייב, צו געהן שלאפען מיט פאליט'ן?

— געוויס ניט, געוויס ניט.

— אויב איך כאפ איהם דארט נאך אמאל האב איך א רעכט איהם צו צוברעכען די ביינער? און איהר מעג איך אויך צו־פראסקען די מארדע?

— איך... איך מיין אזוי, אודאי האסטו א רעכט אויף דעם.

— אט דאס איז גוט; איך וועל אייך זאגען פארוואס איך וויל עס וויסען. איין נאכט, לעצטע וואך, איז מיר איינגעפאלען א פערדאכט. איך בין געקומען אהיים פלוצים און האב געזעהן, אז זיי פיהרען זיך אויף ניט ווי געהעריג איז. איך האב ארויסגע־טריבען פאליט'ן און איהם געהייסען געהן שלאפען ערגעץ אנדערש וואו; דאס אלעס, ווייל איך האב ניט געוואוסט וואס פאר א רעכטע איך האב. דאס מאל האב איך זיי ניט געזעהן; דאס איז שוין פערפאלען און מיר וועלען וועגען דעם מעהר ניט ריידען. אבער ווען איך זאל זיי נאך אמאל כאפען, נאך איין איינציגען מאל, וועל איך זיי אזוי צופאלקעווען די ביינער, איך וועל זיי אזוי דער־לאנגען, אז זיי וועלען ביי מיר פערלירען דעם טעם פון די דאזיגע אלע נארישקייטען... און דאס, מעטר קאשעקס, איז אזוי זיכער, ווי מיין נאמען איז סעווערין.

ענדע.

# די לעצטע פראבע.


אר קיין זאך אין דער וועלט וואלט הערר דע סיינט־דשוערי קיינמאל ניט פערראטען זיין אלטע געליעבטע. אפשר איז דאס געוועז פון א אינסטיקטיווער מורא, ווייל ער האט אפט געהערט פון ליעבעס אינטריגעס, וועלכע האבען געהאט א מיאוס'ן סוף, האבען אריינגעבראכט פאמיליען־סקאנדאלען און דער געליעבטער האט זיי לאנג, לאנג געהאט צו געדענקען. אפשר איז דאס אויך געוועז, ווייל ער האט זיך געוויטהיגט אין א רוהיגען, שטילען לעבען, אהן אויפרעגונג, אהן קאפ־דרעהעניש; אפשר האט ביי איהם נאך געטלייעט א פונק פון דער אמאליגער ליעבע, וועלכע האט איהם אין די ערשטע יאהרען פון זייער פערבינדונג געמאכט פאר איהר שקלאף, דעם שקלאף פון דער שטאלצער, הערשזיכטיגער שעהנהייט און איהר פערפיהרערישען חן.

ער האט כמעט מיט שרעק אויסגעמידען יערען נסיון, איז איהר געוועזן טריי און אונטערוואָרפען, ווי א לעמעלע. ער איז געוועזן צו איהר זעהר אויפמערקזאם, האט געשיינט ניט צו בעמערקען ווי איהר פיגור, וועלכע איז פריהער געוועזן אזוי שלאנק און אזוי הארמאניש, הויבט אן צו ווערען צולאזען און פערגאסען מיט פעטס, אז איהר פנים, וועלכער האט פריהער אויסגעזעהן ווי א בליהענדע ראזע, האט גענומען ווערען צוקנייטשט און אז איהרע האהר האבען זייער גלאנץ פערלארען און זיינען ווי אויסגעלאשען

געוואָרען. ער האָט זי פּערעהרט ניט קוקענדיג אויף קיין זאך. עפּעס אזוי ווי בלינדערהייט, און אין זיין פאַנטאַזיע האָט ער איהר צוגעגעבען אן אויסגעטראַכטען חן, האָט איהר פערגליכען מיט דער שעהנקייט פון יעסען, מיט דער מאַיעסטעטישער און ערנ־סטער פּאַרקלעהרטקייט פון אן אָקטאָבערדיגען פאַרנאַכט און מיט די לעצטע בליהונגען וואָס פאַלען מאַכטלאָז אויפ׳ן וועג אַרונטער און מישען זיך דאָרט צונויף מיט די טויטע בלעטער.

אָבער הגם זייער פּערבינדונג האָט אָנגעהאַלטען א סך יאָהרען און זיי זיינען געווען פערבונדען איינער צום צווייטען ווי ווען זיי וואָלטען געווען פּערהייראַט, און הגם שאַרלאָטטע גיונדאָל האָט איהם נאָכאַנאַנד פּערפאָלגט מיט סטראַשונקעס, נאָכאַנאַנד זיך מיט איהם אַרומגעקריעגט איבער דער דאָזיגער פּראַגע, טראָץ דעם וואָס ער האָט געגלויבט, אז זי איז איהם טריי און איז ווערטה זיין צוטרויען און ליעבע, האָט הערר דע סיינט דשוערי קיינמאָל ניט געקענט ביי זיך פּועל׳ן איהר צו געבען זיין נאָמען און אוועקשטעל־לען זייער פּערבינדונג אויף אַ געזעצליכען וועג.

ער האָט דערפון אויף אן אמת געליטען, אָבער האָט זיך גע־האַלטען פעסט ביי דאָס זייניגע, מיט אַלע מעגליכקייטען פּערטהיי־דיגט זיין פּאָזיציע און אויף אַלע איהרע טענות, אַלע איהרע גע־שרייען, אַלע סטראַשונקעס געענטפערט רוהיג אָבער פעסט:

— וואָס פאַר אַ גוטעס וועלען מיר דערפון האָבען?

דאָס האָט שאַרלאָטטען אַרויסגעבראַכט פון זיך און זי האָט דאַן גערעדט פון פייער און פון וואַסער. אָבער ער האָט איהר גע־לאָזען זיך קאָכען וויפיעל זי האָט געוואָלט און אַליין איז ער גע־בליבען אונבעוועגליך און שטיל, מיט אן איינגעבויגטען רוקען, ווי אַן איינגעשפּאַרטער פערד אונטער׳ן בייטש.

ער האָט איהר געשטעלט די פּראַגע צו איז דאָס טאָקע ווירק־ליך נויטהיג פאַר זייער גליק, אזוי לאַנג, אז קיין קינדער האָבען

זיי סיי־ווי־סיי ניט. האָבען ניט אַלע אַרומיגע געדענקט, אַז זיי זיינען פערהייראַט? האָט מען זי איבעראַל סיי ווי ניט גערופען מאַדאַם דע סיינט־דשוערי און האָבען כאָטש זייערע דיענער איין מינוט געצווייפעלט, אַז זיי דיענען ביי פיינע, אַנשטענדיגע פער־הייראַטע לייט? איז דען ניט דער ריינער, אונבעפלעקטער, עהר־ליכער נאָמען, וועלכער געהט איבער פון פאָטער צום זוהן אַ הייליגע מתנה, וואָס קיינער האָט ניט קיין רעכט אַנצוריהרען? וואָס וועט זי געווינען דערמיט, וואָס זי וועט עס טראַגען געזעצליך? דענקט זי כאָטש אויף איין מינוט, אַז זי וועט זיך אויפהויבען אין די אויגען פון די מענשען און אַז זי וועט צוגעלאָזען ווערען צו דער געזעל־שאַפט, אָדער אַז די מענשען וועלען פערגעסען, אַז זי איז געווען זיין געליעבטע איידער זי איז געוואָרען זיין ווייב? אַלע געדענקען נאָך,אַז איידער ער האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון דעם פרעהליכען לעבען, וואָס זי האָט געפיהרט, האָט שאַרלאָטטע גיודאַל בעזוכט אַלע עפענטליכע בעלער, און האָט פריי געצייגט איהרע פיס אין דעם קאַפּע־שאַנטאַן מאָולין־ראָזשע.

שאַרלאָטטע האָט צו גוט געקענט זיין איינגעשפּאַרטען, הגם גו־טען כאַראַקטער, אום צו האָפען, אַז זי וועט איהם ווען עס איז קע־נען איינברעכען, סיידען דורך עפּעס אַ קלוגען, וויבערשען שפּי־צעל, עפּעס אַ געלונגענער קאָמעדיע. זי האָט, ווי עס האָט גע־שיינט, זיך אונטערגעגעבען און איז געווען צופריעדען צו לאָזען זייער לעבען געהן ווי עס געהט. זי איז אויך ביסלעכוויז רוהיגער געוואָרען און האָט מעהר ניט בעאונרוהיגט העררן דע סיינט־דשו־ערי׳ן מיט איהרע פאָרווירפע. אַזוי איז אוועק אַ צייט לאַנג אין רוהיגער איינטאָניגקייט, אָהן אומזיסטע קריעגערייען אָדער מוראַ׳דיגע דיספּוטען.

שאַרלאָטטע גיודאַל׳ס דאָקטאָר איז געווען איינער פון יענע קלוגע מענער, וועלכע שיינען צו וויסען אַלס אין דער וועלט. אָבער וועמען אַ קליין שטעדטעלדיגער דאָקטאָר וואָלט פערשעהמען מיט אַ פּאָר פראַגען. ער איז געווען פון דעם בעשטימטען סאָרט מענ־

שען, וועלכע ווילען אויף אַלעמען מאַכען אַן איינדרוק מיט זייער וויכטיגקייט, און וועלכע נוצען אויס זייער מעדיצינישע וויסענ־שאַפט, ווי דאָס וואָלט געווען עפּעס אַ שטיקעל גוטע, גאַנגבאַרע סחורה. ער האָט גלייך געקענט דערשמעקען מענשען און האָט געוואוסט ווען מען קען אַריינגעהמען אין די הענד אַריין ווי אַ שטיקעל וואַקס, און מאַכען פון איהם וואָס מען וויל אונטער דער שטענדיגער מורא פאַר'ן טויט, וועלכען ער האָט נאָכאַנאַנד געהאַל־טען פאַר זייערע אויגען.

און געקריגען די דאָזיגע הערשאַפט איבער זיינע קראַנקע, קע־נען זיי זיי אויספאָרשען פּונקט אַזוי גוט, ווי דער קליגסטער פּריסטער קען עס טהאָן. זיי קריגען אַרויס די פאַמיליען־געהיימ־ניסע און נוצען זיי דאַן אויס, כדי מען זאָל זיי גוט בעצאָהלען און גאַנץ אָפט אויך, אום אויסצופּרעסען געלד פאַר זייער שווייגען.

געוואָרען שאַרלאָטטע'ס דאָקטאָר, האָט דאָקטאָר ראַבאַטעל גלייך דערפיהלט, אַז זיין מיטעל־יעהריגע פּאַציענטקע פּערלאַנגט עפּעס פון איהם. גראַדע איז ער געווען אַ מאַן, וועמען עס זיינען געפעלען געווען די איבערבלייבאַכצען פון אַ פרוי וואָס איז אַמאָל שעהן געווען, איבערהויפּט נאָך, אַז זי האָט זיך גוט איינגעהאַלטען און זיך אַליין איהם פאָרגעשלאָגען. ער האָט ליעב געהאַט דעם דופט פון ליפּען, וועלכע זיינען צערטליך געוואָרען דורך די יאָה־רען קושען, די גרויע, מיט פּאודער בעזילבערטע האָהר, דעם קערפּער, וועלכער קעמפּפט דעם לעצטען קאַמפּף פאַר ליעבע, און ער האָט אַ מינוט ניט געטראַכט און איז געוואָרען זיין נייער פּאַציענטקע'ס געליעבטער.

ווען דער ווינטער איז געקומען, איז שאַרלאָטטע, וועלכע איז ביז אהער שטענדיג געווען געזונד און שטאַרק, פּלוצים שטאַרק פּערענדערט געוואָרען. זי האָט ניט געהאַט קיין כח צו טהאָן די קלענסטע זאַך, זי איז געוואָרען קראַנק פון דער קלענסטער אַנשטרענגונג, האָט זיך געקלאָגט אויף אינוויינינגסטע יסורים

און האָט פאַרבראַכט טעג ליגענדיג אויפ'ן זאַפאַ מיט די אוי־געז אַנגעשטעלט אויף איין פּונקט און ניט אַרויסרעדענדיג אַ וואָרט. אַלע האָבען געדענקט, אַז זי ליידעט פון עפּעס אַ געהיימער קראַנק־הייט, וועלכע מען קען ניט ערקלעהרען, אָבער וועלכע גראָבט אונטער דעם גאַנצען מענשליכען אָרגאַניזם. עס איז געווען אַ רחמנות צו קוקען ווי זי געהט אויס, ליגענדיג אונבעוועגליך אויף איהרע קי־שענס. איהרע אויגען האָבען זיך עפּעס ווי מיט אַ מין שלייער פאַרצויגען, איהרע הענד זיינען מאַכטלאָז געלעגען אויפ'ן בעט, און איהר מויל איז פאַר'חתמ'עט געוואָרען פון עפּעס אַן אונזיכטבאַ־רען פינגער.

הערר דע סיינט־דשוערי איז געווען פאַרצווייפעלט: ער האָט געוויינט ווי אַ קינד און איז אַ פאַרציטערטער געוואָרען, ווען דער דאָקטאָר האָט צו איהם געזאָגט אין זיין ערנסטען טאָן:

— איך ווייס, אַז איהר זייט אַ שטאַרקער מאַן, מיין ליעבער הערר, און איך וועל נעהמען אויף זיך אייך צו זאָגען דעם גאַנצען אמת. מאַדאַם דע סיינט־דשוערי איז פאַראורטהיילט צום טויט, זי מוז שטאַרבען. קיין זאַך, אויסער אַ נס, קען זי ניט רעטען, און מיין גאָט! ניסים געשעהען ניט מעהר היינטיגע צייטען. איהר סוף איז נור אַ פראַגע פון עטליכע שטונדען און קען קומען גאַר פּלוצלינג.

הערר דע סיינט־דשוערי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף אַ שטוהל און זיך ביטער צוכליפּעט, פאַרשטעלענדיג זיין פּנים מיט ביידע הענד:

— מיין אָרימע, מיין טהייערע שאַרלאָטטע, — האָט ער גע־זאָגט דורך טרעהרען.

— איך בעט אייך, קומט צו זיך און זייט שטאַרק — האָט דער דאָקטאָר ווייטער גערעדט, זעצענדיג זיך נעבען איהם — ווייל איך האָב נאָך עטוואָס מיט אייך צו ריידען און איך מוז אייך איבער־

געבען דעם לעצטען וואונש פון מיין ארימער פאציענטקע. מיט א פאר מינוטען צוריק האט זי מיר פערטרויט דאס געהיימניס פון איייער פאלשען פאמיליען לעבען און פון אייער פערבינדונג מיט איהר. זעהענדיג פאר זיך דעם טויט, וועלכען זי פיהלט ראפטאס אנקומענדיג — און זי איז א האהר נימ געגארט, די ארימע פרוי — וויל זי שלום מאכען מיט'ן הימעל, פעררינטען דעם פעהלער פון איהר זינדיגען לעבען און שטארבען אין רוה אלס אייער געזעצ־ליכע פרוי.

הערר דע סיינט־דשוערי האט זיך א הויב געטהאן פון שטוהל מיט א צוטומעלטען בליק, בעת זיינע הענד האבען זיך נערוועז בעוועגט; אין זיין טיעפען שמערץ איז ער גיט אימשטאנד געווען צו בעשטעהן אויף זיין ווילען אדער זיך אנטקעגען שטעלען דעה דאזיגער אונערווארטעטער אטאקע, און ער האט געענטפערט אן אויפגערעגטער:

— אך! איך וועל טהאן אלעס, וואס שארלאטטע וויל, דאק־טאר; אלעס אין דער וועלט און איך וועל אליין געהן און עס איהר זאגען אויף מיינע קניה!

— — — — — — — — — — —

די חתונה איז געפראוועט געווארען זעהר אויסגערעכענט. אין א דונקעלען צימער, וואו עס האט זיך געפיהלט עפעס אזוינס, ווי ביי א לויה און די ווערטער וועלכע זיינען ארויסגערעדט גע־ווארען, האבען געהאט עפעס א מאדנעם קלאנג פול מיט אנגסט. שארלאטטע, וועלכע איז געלעגען אין בעט מיט ברייט אפענע אוי־גען פאר גליק, האט אריינגעלייגט איהרעביידע ציטערענדע הענד אין די הענד פון הערר דע סיינט־דשוערי און האט געשיינט אויס־צוגעהן מיט דעם ווארט „יא" אויף איהרע ליפען. דער דאקטאר האט געקוקט אויף דער ריהרענדער סצענע, ערנסט און שטיל, זיין מארדע אריינגעגראבען אין זיין ווייסען שניפס און זיינע ביידע

אַרעמס אָנגעשפּאַרט אויף דעם קאַמין, בעת זיינע אויגען האָבען געפינטעלט אונטער זיינע ברילען.

אויף דער צווייטער וואָך האָט מאַדאַם דע סיינט־דשוערי גע־נומען זיך בעסערען, און די דאָזיגע וואונדערבאַרע גענעזונג, פון וועלכער הערר דע סיינט־דשוערי דערצעהלט מיט גרויס דאַנק־באַרקייט יעדען איינעם, וואָס וויל איהם נור אויסהערען, האָט אויף אַזוי פיעל אויפגעהויבען דאָקטאָר ראַבאַטעל'ס רעפּוטאַציע, אַז ביי די נעקסטע וואַהלען וועט ער ווערען אַ מיטגליעד פון דער אַקאַדעמיע פון מעדיצין.

**ע נ ד ע.**

# וועגען פארפיומען.



ריי דאמען פון דער הויכער געזעלשאפט זיינען געזע־סען אויף א בארג, אונטער דעם שאטען פון א גע־דיכטען נוס־בוים, און האבען געפלוידערט. פלוצים איז דער געשפרעך אויפגעקומען אויף דער פראגע: „וואס איז דער בעסטער גערוך?"

איינע פון זיי, פרינצעסין פ., א שלאנקע ברונעטקע, האט ערקלעהרט, אז עס איז נישטא קיין בעסערער גערוך ווי דער גע־רוך פון רוסישע לעדער. זי טראגט שיך פון געלע רוסישע לעדער, א קליין האנד־בייטעל געמאכט פון רוסישען לעדער און דער גאר־טעל וואס האט ארומגעכאפט איהר שלאנקע טאליע, איז אויך פון רוסישען לעדער. אויף דער ברוסט טראגט זי א שפילקע, אויף דער האנד א בראנזעלעט אויך פון'ם זעלבען מאטעריאל.

מענשען זאגען אז איהר שלאף־צימער איז אויסגעקלעפט מיט רוסישען לעדער, און דאס איהר געליעבטער איז געצוואונגען צו טראגען לאנגע רוסישע שטיוועל און געפארבטע הויזען פון'ם זעלבען מאטעריאל, בעת איהר מאן איז דערפון בעפרייט.

מאדאם ה., א זעהר דיקע דאמע, וועלכע איז אמאל גאנץ שעהן געוועזן, האט בשום אופן ניט געקענט פערשטעהן, ווי אזוי א פרינצעסין קען האבען אזא וואולגארען געשמאק. דאס איינציגע וואס זי האט ליעב, איז דער ריח פון פריש־געשניטענע היי, און זי איז ווירקליך געוועזן די ערשטע, וואס האט אריינגעבראכט דעם „היי פארפיום" אין דער מאדע אריין. איהר אידעאל איז א פריש־

געשניטענע היי־פעלד , בעלויכטענע פון דער לבנה־שיין. ווען זי שפאצירט אמאל לאנגזאם איבער אזא פעלד, זויגט זי איין אין זיך מיט יעדען אטהעם־צוג דעם דאזיגען היי־גערוך און פיהלט זיך דאן פאלשטענדיג גליקליך.

דער געשמאק פון דער דריטער דאמע איז געווען מעהר זאנ־דערבאר, ווי דער פון דער צווייטער און מעהר וואולגאר ווי דער פון דער ערשטער. די קליינע, צארטע, בלאנדע גרעפין וו. האט ליעב בלויז דעם שטאל־גערוך. איהרע פריינדינען האבען עס בשום אופן ניט געקענט פערשטעהן ; די פרינצעסין האט גראציעז צוגעטראגען איהר שעהנע און פולע האנד, ואיף וועלכער עס איז געהאנגען דער ברייטער, לעדענער בראנזעלעט, צו איהר גריכישען נאז און האט איינגעאטהעמט דעם זאנפטען רוח פון דעם רוסישען לעדער, בעת די סענטימענטאלע היי־ליעבהאבערין האט געהאלטען אין איין ווידערהאלען :

— ווי שרעקליך ! ווי שרעקליך !

די צארטע גרעפין האט זיך אביסעל פערשעהמט, זעהענדיג וואס פאר א ווירקונג איהר ערקלעהרונג האט געמאכט און זי האט פרובירט פערענטפערען איהר געשמאק :

— פרינץ ט. האט מיר אמאל דערצעהלט, אז דער דאזיגער גערוך האט איהם אמאל שטארק פער׳כשופ׳ט, — האט זי געזאגט— עס איז געווען אין א קליין אידיש שטעדטעל אין גאליציען. ער איז דארט געשטאנען מיט זיין הוסארען רעגימענט. מיט אמאל זיינען אהין אנגעקומען פון רוסלאנד עטליכע אבגעריסענע צירק־רייטער, וועלכע האבען מיט זיך געהאט עטליכע אויסגעהונגערטע פערד און האבען דארט אויסגעשטעלט א צירק. דער פרינץ איז זיי געגאנגען זעהן און האט בעמערקט צווישען זיי א פרוי, וואס איז געווען ניט יונג, ניט שעהן, נאר פריי און חוצפה׳דיג. די דא־זיגע פרוי האט געטראגען א אבגעבליאקירטען, העל־רויטען מאנ־טעל, אן ארומגעזוימטען מיט פאלשען דזשעט. פון דעם מאנטעל האט זיך געטראגען א שטאל גערוך, און דער דאזיגער גערוך האט

איהם פער'כשופ'ט. און יעדעס מאָל, וואָס די אונפערשעהמטע פרוי איז געלעגען אין זיינע אָרעמס, פרעך געלאכט און געלאָזט פון זיך פיהלען דעם שרעקליכען שטאָל־גערוך, האָט ער זיך געפיהלט ווי מאגנעטיזירט.

— ווי שרעקליך! — האָבען געזאָגט די צוויי דאמען און ניט ווילענדיג צוגעהאלטען זייערע נעזער. די קליינע גרעפין האָט זיך אויף'ם ניי פערשעהמט און דאָס מאָל אין גאנצען אנשוויגען געוואָרען.

אין אָנהויב ווינטער זיינען די דריי פריינדינען ווידער געווען אין דער זעלבער שטאָדט, און האָבען זיך אין אַ שעהנעם טאָג גע־טראָפען אין דער הויז פון דער בלאָנדער גרעפין. די היי־ענטהור־זיאסטקע האָט בעגריסט די אָנהענגערין פון רוסישען לעדער און זיי האָבען זיך צורעדט. אביסעל שפעטער האָט זיי די גרעפין אריינגעפיהרט אין איהר פריוואטער רייט־שוהלע, וואו זי פלעגט זיך אלע טאָג לערנען רייטען.

נאָך דעם ווי זי האָט זיי געוויזען פערשיעדענע רייט־קונצען, האָט זי צוגערופען איהר לעהרער און איהם געבעטען, ער זאָל איהר העלפען ארונטער פון פערד.

ער איז געווען אַ שעהנער יונגער מאַן, שטארק געבויט און די געפאסטע הויזען זיינע און דער קורצער סאמעטענער זשאקעט, האָבען איהם צוגעגעבען אַ בעזונדערען חן. ער איז צוגעלאָפען מיט לייכטע טריט, אַ כאַפּ געטהאָן די שעהנע יונגע פרוי אויף די הענד ווי אַ קינד, און איהר ארונטערגענומען פון פערד.

אז די דריי דאמען האָבען אַ קוק געטהאָן אויף דעם שעהנעם שטארקען מאַן, האָבען זיי פערשטאַנען, פארוואָס זייער פריינדין האָט אזוי ליעב דעם שטאָל גערוך. זיי האָבען זיך איינס דאָס אנדערע אָנגעקוקט און די גרעפין, וועלכע האָט געכאַפּט זייער בליק, איז רויט געוואָרען ביז איבער די אויערען. כדי זיך צו בעפרייען פון דער פערלעגענהייט, האָט זי מיט אַ שטרענגען טאָן בעפוילען דעם רייטמייסטער, ער זאָל דעם פערד צוריק אריינפיה־

רען אין שטאַל אריין. ער האָט זיך פאר איהר פערנויגט און גע־טהאָן וואָס זי האָט איהם בעפוילען מיט אַ גאַנץ בעזונדערען שמייכעל, וועלכער לאָזט זיך ניט בעשרייבען.

אין אַ פּאָר מאָנאַטען ארום איז גאַנץ וויען געוועזען איבערראַשט פון דעם נייעס, אז די גרעפין וו. האָט זיך גע'גט מיט איהר מאַן. די דאָזיגע נייעס איז געוועזען זעהר אונערוואַרטעט, ווייל אַלע זיינען געוועזען אונטער דעם איינדרוק, אַז זי לעבט גוט מיט איהר מאַן, דערצו האָט קיינער ניט געקענט זאָגען אויף איהר, אַז זי האָט אַ געליעבטען, ווייל מען האָט קיינמאָל ניט בעמערקט, אַז זי זאָל ארויסווייזען בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט צו וועלכען ניט איז פרעמדען מאַן.

אין אַ צייט ארום האָט זיך פערשפּרייט אַ נייער קלאַנג. אַ דיענסט־מיידעל, מיט אַ לאַנגען צונג, האָט געפּלוידערט, אז דער שעהנער רייט־מייסטער האָט זיך אַמאָל אַזוי פערגעסען, אז ער האָט אַ שמייז געטהאָן דער גרעפין מיט זיין רייט־שטעקעלע. אַ דיענער האָט עס דערצעהלט דעם גראַף, און אז דער לעצטער האָט דעם פערכען חברה־מאַן אריינגערופען און פון איהם געפאָדערט אַן ערקלעהרונג, האָט איהם די גרעפין פערטהיידיגט, און דאָס האָט געפיהרט צום גט.

יאָהרען זיינען אוועק. מאדאם ה. איז געוואָרען דיקער און מעהר סענטימענטאַל. אַ פעלד מיט פריש־געשניטענע היי איז פאר איהר שוין ווייניג געוועזען און זי האָט פערבראַכט די צייט אין ווארימע לענדער. ביי־טאָג פלעגט זי ארומשפּאַצירען צווישען די ציפּרעסען־בוימער און ביי־נאַכט זיך שיפען אויף אַ שיפעל.

איין אבענד, בעת זי האָט זיך אומגעקעהרט אַהיים אין דער בעגלייטונג פון אַן ענגלישע דאַמע, וואָס איז אויך געוועזען אַ גרויסע ליעבהאָבערין פון דער נאַטור, האָבען זיי אָנגעטראָפען אַ פּריוואַט שיפעל, אין וועלכער עס איז געזעסען אַן אונגעוועהנליך פּאָרעל: אַ קליינע דאַמע, איינגעוויקעלט אין אַ ווייסען מאַנטעל און האַרט ביי איהר אַ שעהנער, שטאַרקער מאַן, אין געפאַרבטע הויזען, אַ

קורץ שווארץ סאמעטענעם זשאקעט ארוימגעזוימט מיט פוטער, א רויט מיצעל אויפ'ן קאפ און א רייט־שטעקעלע אין האנד.

מאדאם ה. האט ניט ווילענדיג א געשריי געטהאן:

— וואס איז מיט אייך? — האט געפרעגט די ענגלישע דא־מע — קענט איהר דען די דאזיגע לייטע?

— געוויס, זי איז א וויענער דאמע, גרעפין וו. — האט מא־דאם ה. געענטפערט.

— איהר האט א טעות! — האט געזאגט די ענגלישע דא־מע — דאס איז גראף סאוועלי און זיין פרוי. א שעהן פארעל, ניט אמת?

אז דאס שיפעל האט זיך דערנעהנטערט, האט מאדאם ה. דאך געזעהן, אז דאס איז די קליינע גרעפין און דאס דער מאן איז איהר אמאליגער ראייט־מייסטער, מיט וועמען זי האט חתונה געהאט. און אז דאס שיפעל איז פאר זיי פארבייגעגאנגען, האט דער קור־צער סאמעטענער זשאקעט, וועלכער איז נאכלעסיג געהאנגען אויף זיינע שולטערען, פון זיך ארויסגעלאזען, ווי יענער זשאקעט פון דער פרעכער צירק־רייטערין: א שטארקען שטאל־גערוך.

ע נ ד ע.

# מאַדמאַזעל



ר איז געווען פערשריבען אונטער דעם נאָמען זשאַן מאַריע מאַטהיע וואלאט, אָבער קיינער האָט איהם קיינמאָל אנדערש ניט גערופען ווי „מאַדמאַזעל". ער איז געווען דער אידיאָט פון דעם קווארטאל, אָבער ניט איינער פון יענע אָבגעריסענע, אָבגעשליסענע און־גליקליכע אידיאָטען, וועלכע לעבען אויף קהל'שען חשבון. ער האָט זיך געלעבט גאַנץ שעהן אויף דעם קליינעם איינ־קונפט, וואָס זיין מוטער האָט איהם איבערגעלאָזען, און וועלכען זיין אָפּעקון האָט איהם רעגעלמעסיג אויסגעצאָהלט אזוי, אז מען האָט איהם גיכער מקנא געווען, ווי אויף איהם רחמנות געהאַט. און דערצו איז ער ניט געווען איינער פון יענע אידיאָטען מיט די ווילדע בליקען און מאניערען פון אַ חיה. פערקעהרט, ער איז געווען אַ גאַנץ אנגענעהמע בעשעפעניש, מיט זיינע האלב אָפענע ליפּען און שמייכלענדיגע אויגען און איבערהויפּט איז ער געווען אינטערעסאנט אין זיינע פרויען קליידער. ער האָט זיך געקליידעט ווי אַ מיידעל און דערמיט געוויזען ווי ווייניג ער האָט געגען דעם, וואָס מען רופט איהם מאַדמאַזעל.

און פאַרוואָס זאָל ער ניט ליעב האָבען דעם צונעמעניש, וועלכען זיין מוטער האָט איהם געגעבען פול ליעבע, ווען ער איז נאָך געווען אַ ברעקעל קינד? ער איז געווען אזוי צארט, אזוי שוואך. מיט אַזאַ העלער געזיכט פארב — אַן אָרעם, קליין אינגעל, פּיעל

קלענער פון די מיידלאַך אין זיינע יאָהרען. עס איז געווען אויס לויטער ליעבע, ווען אין זיינע פריהערדיגע יאָהרען פלעגט זיין מאַמע איהם נעהמען אויף איהרע הענד און שעפּצשען איהם אין די אויערען מיט צערטליכקייט: „טאַכטער'ל מיינס, זיסינקע מיינע, מאַדמאַזעל''. און די אַלטע באַבע פלעגט זאָגען, זיך וויצלענדיג:

— גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רייד, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז ער איז טאַקע גאָר קיין מאַן ניט...

און זיין זיידע, וועלכער האָט אויך ניט פיינט געהאַט צו מאַכען אַ שפּאַס, האָט צוגעלייגט: „איך האָף בלויז, אַז ווען ער וועט אויסוואַקסען, וועט ער זיין ווי מען דאַרף...

און זיי האָבען איהם בעהאַנדעלט אַזוי, ווי ער וואָלט טאַקע אויך אַן אמת געווען אַ מיידעל; האָבען איהם געצערטעלט און געלאַסטשעט און זיך שטענדיג מיט איהם אַבגעגעבען, ווייל זיי זיינען געווען רייך און האָבען קיין אַנדער זאַך ניט געהאַט צו טהאָן.

ווען זיין מוטער, זיין באָבע און זיידע זיינען געשטאָרבען, האָט מאַדמאַזעל זיך געפיהלט פּונקט אַזוי גליקליך מיט זיין אָנקעל, אַ אונפערהייראַטען מאַן, וועלכער האָט איהם בעהאַנדעלט זעהר זאָרגפעלטיג. ער האָט אויך איהם אַכטונג געגעבען מיט דער ליעבע פון אַ פאָטער און האָט איהם ווייטער גערופען מאַדמאַזעל.

אַזוי האָט מען איהם אויך גערופען אין דער גאַנצער שטאָדט, ניט מיט דעם אַבזיכט איהם צו בעליידיגען, נור פערקעהרט, אַלע האָבען געמיינט, אַז דאָס וועט הנאה טהאָן דער אָרימער, צאַרטער בעשעפעניש, וועלכע האָט קיינעם קיין שלעכטס נישט געטהאָן.

אפילו די גאַסען יונגען האָבען מיט דעם דאָזיגען נאָמען קיין שלעכטס ניט געמיינט, ווייל זיי זיינען פון שטענדיג אָן געוועהנט געווען צו רופען דעם הויכען אידיאָט מיט דעם דאָזיגען צונעמעניש; פערקעהרט, עס וואָלט זיי פאַרגעקומען זעהר קאָמיש און זיי וואָל־

מען פון איהם חוזק געמאכט, ווען זיי זאלען איהם זעהן אנגעטהאן ווי א מאן.

אבער מאדמאזעל האט אויף דעם שטארק אכטונג געגעבען, ווייל די קליידער זיינען איהם געווען פונקט אזוי טהייער ווי דער צונעמעניש. עס האט איהם פערשאפט פערגעניגען זיי צו טראגען און קיין אנדער זאך האט איהם ניט געאינטערעסירט. איבערהויפט האט איהם הנאה געטהאן דער געדאנק, אז אין דער אמת'ן איז ער ניט קיין מיידעל, נור ער פערמאסקירט זיך דאס אזוי פאר דער וועלט. און דאס האט מען געקענט זעהן פון זיין איבערגעטריבענער האלטונג, דעם ווייבערשען גאנג און אלע זיינע קאקעטישע בעוועגונגען. זיין גרויסע היטעל איז געווען בעפוצט מיט לאנגע קאלירטע סטייגעס. זיין אונטער־קלייד, מיט א סך קרייזלאך, איז געמאכט געווען אויף רייפען, וועלכע זיינען אבגעשטאנען א שטיק פון הינטען. ער איז געגאנגען מיט קורצע טריט, האט געדרעהט מיט די היפטען און קאקעטיש געמאכט מיט די צוזאמענגעלייגטע הענד.

אין אזעלכע פעלע, ווען אימיצער האט געוואלט ווערען גוט פריינד מיט איהם, האט ער געמוזט זאגען:

— אך, מאדמאזעל, וואס פאר א שעהן מיידעל איהר וואלט געקענט זיין.

דאס האט איהם אימער זעהר גוט אויפגעלייגט און ער פלעגט ענטפערען שטארק צופריעדען:

— ניט אמת? אבער מענשען קענען זעהן, אז איך טהו דאס בלויז אויף שפאס.

פון דעסטוועגען, ווען עס פלעגט אויסקומען צו טאנצען אויף די דארפישע הוליאנקעס, פלעגט מען איהם אימער איינלאדען צו טאנצען אלס מאדמאזעל, און ער האט קיינמאל ניט איינגעלאדען קיינע פון די מיידלאך מיט איהם צו טאנצען; אין איין אבענד, ווען מען האט ביי איהם געפרעגט די אורזאכע דערפון, האט ער

ברייט פאנאנדערגעפענט די אויגען, זיך צולאכט, ווי דער מאן וואלט געזאגט א גרויסע נארישקייט און געענטפערט:

— איך קען ניט בעטען די מיידלאך צו טאנצען מיט מיר, ווייל איך בין ניט אנגעטהאן ווי א בחור. טהוט א קוק אויף מיינע קליי־דער, איהר נאר, וואס איהר זייט!

אזוי ווי זיין פראגע־שטעלער איז געווען א פערשטענדיגער מאן, האט ער צו איהם געזאגט:

— דאן טהוט זיך אן ווי א בחור, מאדמאזעל.

ער האט א ווייל׳ע געטראכט און דאן האט ער געזאגט מיט א ביטרען שמייכעל:

— אבער ווען איך זאל זיך אנטהאן ווי א בחור, וועל איך שוין מעהר ניט זיין קיין מיידעל. און איך וויל זיין א מיידעל.

אבער די דאזיגע בעמערקונג האט, ווי עס שיינט, געמאכט אויף איהם אן איינדרוק און איהם געמאכט נאכצודענקען.

אין א געוויסער צייט ארום, ווען ער האט געטראפען דעם זעל־בען מאן, האט ער איהם פלוצים געפרעגט:

— אויב איך וועל זיך אנטהאן ווי א בחור, וועט איהר מיך נאך אלץ רופען מאדמאזעל?

— געוויס, — האט יענער געענטפערט — אייך וועט מען אימער אזוי רופען.

דער אידיאט האט געשיינט צו זיין גליקליך, ווייל ער האט אהן צווייפעל מעהר געזשאלעוועט זיין צונעמעניש, ווי זיינע ווייבערשע קליידער און אויפ׳ן צווייטען טאג האט ער זיך בעוויזען אויף דער הויפט גאס פון שטעדטעל אהן זיינע אונטער־קליידער און אנגע־טהאן ווי א מאן. ער האט ארויסגענומען פון זיין אפעקון׳ס קליי־דער שאפע א פאר הויזען, א רעקעל, א הוט און האט זיי אנגעטהאן. דאס האט אין דער נאכבארשאפט ארויסגערופען א גאנצע רעוואָ־

לוציאן, ווייל די מענשען, וועלכע זיינען געוועהנט געווען צו שמייכ־לען צו איהם גוטמוטיג, ווען ער איז געווען אנגעטהאן אלס פרוי הא־בען איצט געקוקט אויף איהם פערוואונדערט, במעט מיט שרעק, בעת די פרעהליכע יונגען האבען זיך ניט געקענט איינהאלטען פון געלעכטער און האבען אפען פון איהם חוזק געמאכט.

די שטומע פערוואונדערונג פון איין זייט, דער הויכער געלעכ־טער פון דער אנדערער און די אונאנגענעהמע איבערראשונג פון אלע־מען ארום איהם איז געווען צו גרויס, אז ער זאל דאס ניט בעמער־קען און עס זאל איהם ניט וועה טהאן. און נאך מעהר האט איהם בעליידיגט, ווען א גאסען־יונג האט גענומען ארום איהם ארומ־טאנצען און האט אויסגערופען מיט א אבלאכעדיגען קול:

— או! או! מאדמאזעל האט אנגעטהאן הויזען! מאד־מאזעל האט אנגעטהאן הויזען!

און עס איז געווארען אלץ ערגער און ערגער. באלד איז א גאנצע באנדע גאסען־יונגען נאך איהם נאכגעלאפען מיט ליארעם, געפילדער, געלעכטער, און האט פון איהם חוזק געמאכט, ווי ער וואלט געווען עפעס א פערמאסקירטער אין דער קאראנאוואל צייט.

עס איז געווען במעט זיכער, אז דער אונגליקליכער אידיאט זעהט איצט אויס אין די מענער־קליידער מעהר פערמאסקירט, ווי פריהער. לעבענדיג א צייט אלס מיידעל און איבערטרייבענדיג דעם ווייבערשען גאנג און די מאניערען, האט ער איז גאנצען פער־לארען די מענערשע האלטונג, דעם בליק, דעם טראט, די ארט און ווייזע פון א מאן. זיין גלאטער פנים, זיינע לאנגע פלאקסענע האהר האבען זיך געפאסט פאר א הוט מיט סטיינגעס, און האבען אויסגעזעהן ווי א קאריקאטור אונטער דעם הויכען צילינדער־הוט פון דעם אלטען דאקטאר, זיין אפעקון.

מאדמאזעל׳ס גליעדער האבען עפעס מאדנע ארומגעטאנצט אין דעם אלט פריינקישען רעקעל און אין די ברייטע הויזען, און קיין זאך איז ניט געווען אזוי קאמיש ווי דער קאנטראסט צווישען די

קליידער און דעם לאנגזאמען אונטערטאנצענדיגען גאנג, דער קאַ־קעטישער האלטונג פון'ם קאפּ און די בעוועגונגען פון זיינע הענד, מיט וועלכע ער האט זיך געפּארעט, ווי א נאכגעגעבען מיידעל.

באלד האבען זיך אין גאס בעוויזען די עלטערע בחורים און מיידלאך, אלטע פרויען און מענער און אפילו דער אדוואקאט האט זיך אויסגעמישט מיט'ן עולם און אלע זיינען מיט א געלעכטער נאכגעלאפען נאך מאדמאזעל, בעת דער פערוואונדערטער אידיאט האט זיך געלאזט לויפען פון זיי און איז ניט טויט, ניט לעבעדיג פאר שרעק אריינגעפאלען אין שטוב אריין. דארט האט ער אריינ־גענומען זיין קאפּ צווישעןביידע הענד און געזוכט צו פערשטעהן, וואס דא טהוט זיך. פארוואס זיינען זיי געווען אין כעס אויף איהם? ווייל מען האט דאך לייכט געקענט זעהן, אז זיי זיינען געווען אויף איהם אין כעס. וואס פאר אן עולה האט ער בעגאנגען און וועמען האט ער שלעכטס געטהאן דערמיט, וואס ער האט זיך אנגעטהאן אלס בחור? איז ער נאך אלעמען ניט געווען א בחור? און דעם ערשטען מאל אין לעבען איז אויף איהם אנגעפאלען א שרעק פאר זיין צונעמעניש, ווייל איז דאס דען ניט געווען די אורזאכע, צו־ליעב וואס מען האט איהם היינט אזוי בעלידיגט? אבער גלייך אויפ'ן שטעל איז איהם בעפאלען א מורא'דיגער צווייפעל:

— און טאמער בין איך, נאך אלעם דעם, טאקע אין דער אמת'ן א מיידעל?

ער האט געוואלט וועגען דעם פרעגען זיין אפּעקון, אבער ער האט זיך אבגעהאלטען. עפּעס האט ער געפיהלט, הגם ניט גאנץ קלאהר, אז דער גוטער מאן וועט איהם ניט זאגען דעם אמת, צו־ליעב זיין גוטסקייט וועגען. און אויסער דעם האט ער בעסער גע־וואלט אליין אויסגעפינען און זיך ביי קיינעם ניט פרעגען.

זיין גאנצע אידיאטישע שלויקייט, וועלכע איז ביז אהער גע־לעגען פערבארגען, ווייל ער האט ניט געהאט קיין געלעגענהייט עס

אויסצונוצען, איז איצט ארויסגעשוואומען פון אויבען און האט איהם געצוואונגען צו בעגעהן א מיאוס׳ען און א פערברעכערישען טהאט.

אויף מארגען האט ער זיך ווידער אנגעטהאן ווי א מיידעל און האט זיך בעוויזען אין גאס מיט אן אנשטעל, ווי ער וואלט אין גאנ־צען פערגעסען דעם צופאל, וואס מיט איהם האט מיט א טאג צוריק געטראפען, אבער מענשען, און איבערהויפט די גאסען־יונגען, האבען עס ניט פערגעסען. זיי האבען געקוקט אויף איהם פון דער זייט און אפילו די בעסטע פון זיי האבען זיך ניט געקענט איינ־האלטען פון א שמייכעל צו טהאן, און די קליינע ווזליקעס זיינען נאך איהם נאכגעלאפען און געשריען:

— מאדמאזעל איז געגאנגען אין הויזען! מאדמאזעל אין הויזען!

אבער ער האט זיך געמאכט ניט הערענדיג און אפילו ניט פער־שטעהענדיג, וואס זיי מיינען. ער האט געשיינט צו זיין פונקט אזוי גליקליך און צופריעדען, ווי אימער און האט געקוקט ארום זיך ווי געוועהנליך, מיט זיינע האלב־אפענע ליפען און שמייכלענ־דיגע אויגען. ווי געוועהנליך האט ער געטראגען א גרויסע הוט מיט קאלירטע סטיינגעס און די זעלבע ברייטע אונטער־קלייד מיט די רייפען. ער איז געגאנגען מיט קורצע טאנצענדיגע טריט, גע־דרעהט מיט די היפטען ווי א קאקעטקע און געלעקט זיינע ליפען, ווען מען האט איהם גערופען מאדמאזעל. אין דער אמת׳ן, אבער, האט זיך איהם געוואלט ארויפווארפען אויף די דאזיגע מענשען, וועלכע האבען איהם אזוי גערופען, און זיי דערווערגען.

טעג און מאנאטען זיינען אוועק און ביסלעכווייז האבען די ארומיגע פערגעסען וועגען זיין מאדנעם שפיצעל, וואס ער האט אבגעטהאן, זיך פערקליידענדיג אלס מאן. אבער ער האט אויף א מינוט ניט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען דעם און האט נאכ־

אנאנד געזוכט מיטלען, ווי אזוי אויסצוגעפינען זיינע אייגענשאפטען אלס בחור און איבערהויפט ווי אזוי עס צו בעווייזען דער וועלט, אז עס זאל מעהר קיין שום צווייפעל ניט זיין. זייענדיג אונשול־דיג, האט ער עררייכט דעם צוואנציג יאהריגען עלטער, ניט ווי־סענדיג און ניט פיהלענדיג קיין שום נאטירליכען אימפולס... אבער ער איז אומישנע געווען צוגעטהאן צו מענשען, נייגעריג און פער־שטעלט, האט ניט געפרעגט קיין שאלות און אויפמערקזאם בע־אבאכאטעט אלץ, וואס איז געזאגט און געטהאן געווארען ארום איהם.

אפט, בעזוכענדיג די דארפישע טענץ, האט ער געהערט ווי יונגע לייט האבען זיך בעריהמט וועגען מיידלאך, וועלכע זיי הא־בען פערפיהרט, און מיידלאך, וואס האבען געליעבט דעם אדער יע־נעם יונגען מאן. אפט האט ער אויך געזעהן די פארלאך, אוועקגע־הענדיג צוזאמען, מיט די ארעמס ארום טאליע ארומגענומען. זיי האבען זיך מיט איהם ניט גערעכענט, ניט געהיט זיך פאר איהם און ער האט געהערט, געקוקט און געהיט אזוי לאנג, ביז ער האט אויסגעפונען וואס דא טהוט זיך.

און דאן, איין נאכט, נאך דעם ווי מען האט שוין אבגעטאנצט, און די פארלאך זיינען אוועק פעסט ארומגענומען, האט זיך דער־הערט א מורא'דיגער געשריי פון וואלד, דורך וועלכען די וואס זיי־נען געגאנגען אין צווייטען דערפעל, האבען געמוזט דורכגעהן. דאס איז געווען יאזעפינע, די שעהנע יאזעפינע, און ווען מען האט דער־הערט איהרע געשרייען, האבען די פארלאך זיך א לאז געטהאן איהר צו הילף, און זיינען אנגעקומען פונקט אין צייט איהר צו ראטעווען, האלב א דערשטיקטע, פון מאדמאזעל'ס לאפעס.

דער אידיאט האט זי אבגעהיט און זיך אויף איהר ארויפגע־ווארפען, כדי צו טהאן מיט איהר דאס, וואס אנדערע יונגע לייט האבען געטהאן מיט די מיידלאך, אבער זי האט זיך אנטקעגען איהם געוועהרט אזוי שטארק, אז ער האט איהר אנגעכאפט פאר'ן האלז און זי געשטיקט מיט אלע זיינע קרעפטען, ביז זי

האָט מעהר ניט געקענט אָטהעמען און איז געבליבען אַ האַלב טויטע אין זיינע הענד.

זיך ראנגלענדיג מיט איהם, בעת זיי האָבען געזוכט ארויסצו־ ראטעווען יאָזעפינען פון זיינע הענד, האָבען זיי איהם אַ וואַרף גע־ טהאָן אָן דר׳ערד, אָבער ער איז ווידער גלייך אויפגעשפרונגען און מיט שוים אין מויל גענומען שרייען:

— איך בין ניט מעהר קיין מיידעל... איך בין אַ יונגער מאַן... איך בין אַ יונגער מאַן... איך זאָג אייך... איך בין זיכער...

**ענדע.**

# דער אונגלייכער שידוך.

אם איז א בעוואוסטער פאקט אז די אריסטאקראטיע האלט איין איהרע פריווילעגיעס אין היינטיגע צייטען בלויז צוליעב דער שוואכקייט פון די מיטעלקלאסען. פיעלע פון די וואס האבען ערווארבען א שטעלונג פאר זיך און זייערע פאמיליען מיט זייער ווישען, מיט זייערע גרויסע געשעפטס־פעהיגקייטען. מיט זייער ניצליכער ארבייט, פיהלען זיך ווי אויפ'ן זיעבעטען הימעל פאר גליק, ווען עס געליגנגט זיי אריינצוקומען אין די אריסטאקראטישע קרייזען, אדער ווען זיי קענען זיך ווייזען עפענטליך מיט א באראן, א גראף אדער אן אנדער אריסטאקראט. נאך מעהר פיהלען זיי זיך געשמייכעלט, ווען יענע בעהאנדלען זיי ווי פריינד. מעגען זיי דערביי האבען וועלכע ניט איז מאטיווען, אדער ווען זיי זעהן א'ן אויסזיכט פאר זייערע א טאכטער ארויסצופאהרען אין א קארעטע מיט א הערב אויף די ראמען.

פיעלע פרויען און מיידלאך פון מיטעלקלאס וועלען אפילו א מינוט ניט טראכטען און ענטזאגען א עהרליכען, שעהנעם יונגען־מאן פון זייער אייגענעם קלאס כדי צו געהן צום אלטאר מיט וועלכען ניט איז אלטען, מיאוסען, העסליכען און נארישען פאסקודניאק, אבי ער געהערט נאר צו דער אריסטאקראטיע.

איך וועל קיינמאל ניט פערגעסען ווי איך האב אמאל געזאגט אויף שפאס צו א יונגער, פיין געבילדעטער שטאלצער מיידעל פון

א רייכער מיטעלקלאס פאמיליע, א קורצע צייט פאר איהר חתונה, אז זי זאל אין איהר גארדעראבע ניט פערגעסען דעם הערמעלין מאנטעל.

— איך ווייס, ער וואלט מיר זעהר געקליידעט—האט זי גע־ ענטפערט זעהר ערנסט — און איך וואלט איהם זיכער געטראגען. ווען איך וואלט געהייראט מיט דעם באראן ר— מיט וועלכען, ווי איהר ווייסט, איך האב שיער ניט חתונה געהאט, אבער ער פאסט זיך ניט פאר דער פרוי פון א רעגיערונגס בעאמטען.

ווען א מיידעל פון'ם מיטעל קלאס געהט אראב פון גלייכען וועג קען איהר פאל מייסטענטהייל זיכער צוגערעכענט ווערען צו איהר יאגעניש נאך דער אריסטאקראטיע.

אין א קליינער דייטשער שטעדטעל האט מיט יאהרען צוריק געלעבט א שניידער, וועמען מיר וועלען אנרופען לעווענפוס. א מאן וועלכער איז ווי אלע העלדען פון דער שעער געשטאנען פאר ביל־ דונג און פרייהייט. נאכדעם ווי ער האט אבגעארבייט ביי זיין מייסטער א צייט לאנג אלס אן איינפאכער שניידער־יונג, האט ער חתונה געהאט מיט זיין טאכטער און נאך דעם שווער'ס טויט, האט ער איבערגענומען זיין געשעפט. אזוי ווי ער איז געווען פלייסיג, האט געהאט מזל און האט זיין געשעפט גוט געפיהרט, איז ער אין ניכען געווארען זעהר רייך און איז אימשטאנד געווען צו געבען זיינע טעכטער א'ן ערציהונג, וועלכע א סך אריסטאקראטען האבען איהם געקענט מקנא זיין. זיי האבען ניט נור געלערענט פראנצויזיש און מוזיק, נור זיינען אויך געווען בעהאוונט אין פיעלע אנדערע ערנסטע צווייגען פון דער וויסענשאפט און אזוי ווי זיי זיינעןביידע געווען שעהנע און רייצענדע מיידלער, האט מען וועגען זיי א סך גערעדט און קיין חתנים האט זיי ניט געפעהלט.

פעננִי, די עלטערע איז געווען א ליעבלינג פון דער געזעלשאפט און דער פאטער איז אויף איהר בעזאנדער שטאלץ געווען. זי איז געווען פון מיטעלען וואוקס, שלאנק, מיט א איידעלע פיגור און מיט במעט א איטאליאנישען פנים אין וועלכען א פאאר דונקעלע

גרויסע אויגען האבען געגארט נאך ליעבע און אונטערוואָרפענקייט אין איין און דערזעלבער צייט. דאך איז דאס דאזיגע מיידעל מיט איהרע געדיכטע שווארצע האָהר ניט בעשאַפען געוועזן צו הערשען, ווייל זי איז געוועזן איינע פון יענע ראמאנטישע פרויען, וועלכע גיבען זיך לייכט אב, ווארפען זיך זאגאר אליין אריין אין די ארעמס פון דעם ערשטען בעסטען מאן, אבער אונטערדריקען לאזען זיי זיך פון קיינעם ניט. א יונגער דאקטאר האט זיך אין איהר פער־ליעבט און געוואלט מיט איהר הייראטען: פענני האט איהם אויך געליעבט און איהרע עלטערען האבען מיט פערגעניגען צוגעשטימט צו דעם שידוך. אבער זי האט איהם געשטעלט די בעדינגונג, אז איידער זי וועט איהם געבען איהר ווארט צו ווערען זיין פרוי, זאל ער צוויי יאהר נאכאנאנד מיט איהר ארומגעהן. זי האט ער־קלעהרט, אז זי וועט ניט געהן מיט איהם צו דער חופה ביז וואנען זי וועט ניט ווערען איבערצייגט, אז ניט נור זייערע הערצער נור אויך זייערע כאראקטערען פאסען איינער צום אנדערען. ער האט נאכגעגעבען איהר פערלאנג און איז געווארען א אפטער אריינגעהער ביים געבילדעטען שניידער אין הויז. א סך גליקליכע שטונדען האבען די פערליעבטע פערבראכט צוזאמען. זיי האבען געשפיעלט, געזונגען און געלעזען צוזאמען. ער האט איהר זאגאר דערצעהלט פון זיינע פאציענטען, פון דער מעדיצינישער פראקטיק און פיעלע פון זיינע וויסענשאפטליכע עקספערימענטען האבען זי שטארק פאר־אינטערעסירט.

גראדע איז אין יענער צייט אַן אפיציער געקומען צום שניידער אין פאבריק, צו באשטעלען ציווילע קליידער. דאס אליין איז געוועזן ניט אַן אונגעוועהנליכע זאך, אבער פון דעם דאזיגען בע־זוך איז אין גיכען ארויסגעקומען עטוואס גאנץ אונגעוועהנליכעס. עס האט זיך געדארפט מאכען, אז די טאָכטער פון דעם שניידער איז צופעליג אריינגעקומען אין פאבריק פונקט דאן, ווען דער אפיצער האט געהאלטען אין אוועקגעהן. אין דערזעהן איהר האט ער זיך אוועקגעשטעלט און געפרעגט דעם שניידער ווער די יונגע דאמע איז.

— מיין טאכטער — האט דער שניידער געענטפערט שטאלץ.

— קען איך אייך בעטען איהר זאלט מיר פאר איהר פאר־שטעלען, הערר לעווענפום? — האט געפרעגט דער הוסאר.

— איך פיהל זיך געשמייכעלט פאר דער עהרע, וואס איהר פערשאפט מיר — האט געענטפערט דער שניידער שטארק דער־פרעהט.

— פענני, דער קאפיטאן וויל מיט דיר בעקאנט ווערען: דאס איז מיין טאכטער, פענני, קאפיטאן...

—קאפיטאן גראף קאזימיר וו— האט אונטערגעכאפט דער הוזאר, איז צוגעגאנגען צו דער שעהנער מיידעל און איהר געמאכט א פאאר קאמפלימענטען. דאס זיינען געווען זעהר געוועהנליכע, אלטע אויסגעדראשענע פראזען און ווי געבילדעט דאס מיידעל איז ניט געווען, דאך האבען זיי איהר שטארק הנאה געטהאן, ווייל א קאוואלעריע־אפיציער, א גראף האט זיי צו איהר געזאגט. און שפעטער ווען דער אפיצער האט געבעטען דעם שניידער ער זאל איהם ערלויבען קומען צו זיי אהיים, האבעןביידע אי דער פאטער אי די טאכטער עס איהם מיט פערגעניגען ערלויבט.

גלייך אויפ'ן צווייטען טאג איז גראף וו— אין א בליסטשענדער יוניפארם געקומען זיי בעזוכען, און ווען פרוי לעווענפום האט בעמערקט ווי שעהן עס זעהען אויס זיינע קליידער און ווי זיי פאסען צו איהם, האט ער געענטפערט, אז ער וועט זיי שוין ניט לאנג טראגען, אז ער האט זיך בעשלאסען ארויסגעהן פון דיענסט און זוכען פאר זיך א פרוי, וועלכע זאל האבען בילדונג, זאל זיין גוט ערצויגען און זאל פארשטעהן צו פיהרען א גרויסע הויז, פאר רייכטום און יחוס ארט איהם ניט. דאס האט ער אליין געזאגט און ער האט צו־געלייגט, אז אזוי שנעל ווי ער וועט אזא פרוי געפינען, דיינקט ער זיך צו בעזעצען אין זיינע אימעניעס.

פון דעם מאמענט אן האבען פאטער און מוטער גענומען קוקען אויף דעם גראף ווי אויף א גוטען שידוך פאר זייער טאכטער. עס איז זעלבסט־פערשטענדליך, אז ער איז געווען משוגע פערליעבט

אין פענני'ן: ער פלעגט קומען צו זיי אין הויז יעדען אבענד און האט זיך געמאכט אזוי בעליעבט ביי אלעמען, אז דער יונגער דאקטאר האט זיך אין גיכען דערפיהלט, ווי א איבעריגער און זיינע וויזיטען זיינען געווארען זעלטענער און זעלטענער. אין א שעהנער לבנה נאכט, ווען זיי זיינען געזעסען אין דער מיט גרינע בלעטער בעוואקסענער גארטען הייזעל, האט זיך דער גראף פאר פענני'ן אין ליעבע ערקלעהרט. ער האט געשווארען, אז ער ליעבט זי, אז ער פארגעטערט זי און צום סוף, ווען זי איז א ציטערענדע אין זיינע ארעמס געלעגען, האט ער פרובירט זי נעהמען מיט שטורם. אבער די דאזיגע געוואגטע אפיצערסקע העלדענטהאט האט זיך ניט איינגעגעבען, און דער שעהנער הוסאר האט אויסגעפונען דעם ערשטען מאל אין זיין לעבען, אז א פרוי קען זיין ראמאנטיש, ליידענשאפטליך פארליעבט און דאך טוגענדהאפט.

אויף מארגען אין דער פריה איז דער שניידער געקומען צום גראף און האט איהם זעהר בעשיידען געבעטען, ער זאל זיך אפּען ערקלעהרען אין וואס פאר בעציהונגען ער וויל זיך שטעלען צו פענני'ן. דער פערליעבטער הוסאר האט ערקלעהרט, אז ער איז ענטשלאסען צו מאכען דעם שניידער'ס קליין טעכטערל פאר גרעפין וו—. הערר לעווענפּוס איז געווען אזוי גערירהרט, אז איהם האט זיך שטארק געוואלט פאלען אויפ'ן האלז זיין צוקינפטיגען איידעם. אבער דער גראף האט אוועקגעשטעלט געוויסע קאנדיציאנען. די גאנצע געשיכטע מוז געהאלטען ווערען אין געהיים, ווייל ער האט אויסזיכטען צו ירש'ענען א האלבען מילליאן פלארינס פון אן אלטער טאנטע, וועלכע איז שוין א יאהר אכטציג אלט און וועלכע ער וועט פערלירען, ווען מ'זאל זיך דערוויסען פון דעם שידוך.

דערהערט עס, האבען דער מיידעל'ס עלטערען א ווײלע געצעגערט צו געבען זייער צושטימונג צו דער פערבינדונג, אבער דער שעהנער הוסאר, וועמעס הייסע ליידענשאפט האט פענני'ן די קאפ פערדרעהט האט צום סוף זיי אלעמען בעזיעגט. דער דאקטאר האט ערהאלטען א קליין בריוועלע פון דעם שניידערס טאכטער, אין וועלכען זי האט

איהם געזאגט, אז זי גיט איהם צוריק זיין ווארט, ווייל זי האט ניט געפונען אין איהם איהר אידעאל. דאן האט פעניני אונטערגעשריבען א פאפיער אין וועלכען זי האט זיך ענטזאגט פון איהר טהייל אין דעם פאטערס אייגענטהום צו גונסטען פון איהר שוועסטער, האט פערלאזען איהר היים, איהרע עלטערען און איז אונטער דעם שלייער פון דער נאכט אוועק מיט דעם גראף נאך פוילען, וואו ער האט געזאלט מיט איהר חתונה האבען אין זיין שלאס.

געווים האבען בייזע צינגער גערעדט אז דער הוסאר האט פארפיהרט פעניני'ן. אבער איהרע עלטערען האבען געשמייכעלט ביי די דאזיגע רייד און געווארט אויף דעם מאמענט, ווען זייער טאכטער וועט זיך צוריק קעהרען אלס גרעפין וו—. דער דאזיגער געדאנק האט זיי אלעם פארגאלטען.

אין דערזעלבער צייט האבען דער פוילישער גראף און דאס ראמאנטישע מיידעל זיך געטראגען אין א אייזענבאהן איבער די אומעדיגע פעלדער פון פוילען. זיי האבען זיך אבגעשטעלט אין א גרויסער שטאדט עפעס איינצוקויפען און דער גראף, וועלכער איז געווען זעהר רייך און זעהר פרייגעביג, האט בעזארגט זיין צוקונפטיגע פרוי מיט אלעם וואס פאסט זיך פאר א גרעפין און וואס די פאנטאזיע פון א מיידעל קען זיך נור אויסמאהלען. און דאן זיינען זיי ווייטער געפאהרען. און וואס ווייטער צו איסט זיי זיינען אבגעפאהרען, אלץ צויבערהאפטער איז די לאנדשאפט געווארען. אבער אויך טרויעריגער, אלץ טרויעריגער פון צווישען די שנעע בעדעקטע פעלדער האבען ארויסגעטראטען דערפער, קליינע שטעדט־לאך ארומגערינגעלט פון ווייסע בליסטשענדע ווענט און הויכע ווערבעס פוןביידע זייטען וועג; סטאיעס ראבען האבען זיך גע־טראגען איבער דעם ווייסען הימעל און דא און דארט האבען זיך געזעהן קליינע פויערשע שליטלאך געשלעפט פון צוויי אויסגע־דארטע פערד.

צום סוף זיינען זיי אנגעקומען צו דער לעצטער סטאנציאן. דארט האט דעם גראף'ס א דיענער געווארט אויף זיי מיט א

קארעטע געשפאנט מיט פיער פייערדיגע פערד, וועלכע האבען זיי צוגעפיהרט צום גראף'ס היים כמעט אזוי שנעל, ווי די אייזענ־באהן.

א גאנצע מאסע דיענער זיינען געווען פערקליעבען אין הויף פון'ם אלטען שלאס, כדי צו בעגריסען זייער הערר און כלה. און ווען די קארעטע איז אנגעקומען האבען זיי לאנג און הויך געשריען הורא פאר זייער נייער הערריז, וועלכע האט זיי געדאנקט מיט א פריינדליכען שמייכעל. ווען זי האט גענומען געהן דורך די טונקעלע האלב רונדע דורכגאנגען און די גרויסע צימערן איז עפעס א מאדנער געפיהל פון שרעק אויף איהר אנגעפאלען, אבער זי האט עס שנעל אונטערדריקט. צו וואס די שוואכקייטען, וועט דען איהר שעהנ־סטער טרוים ניט ערפילט ווערען אין א פאר שטונדען ארום?

זי האט אנגעטהאן איהר חופה קלייד, איהר האט בעדיענט אן אלטע האלב־קאמישע און האלב־בייז אויסזעהענדיגע פרוי, מיט א מויל אהן ציינער און א נאז ווי ביי א סאווא. פונקט אין דער צייט, ווען זי האט אנגעטהאן דעם מירטען קראנץ אויף איהרע דונקעלע לאקען, האט דער גלאק גענומען קלינגען, א סמן אז מען רופט זי צו דער חופה. דער גראף אליין, אנגעטהאן אין זיין פולער יוניפארם, האט געפיהרט צו דער קאפעלע פון שלאס, וואו דער פריסטער מיט צוויי קירכען־דיענער אלס עדות און די דיענער איז זייערע ליווערען האבען געווארט אויף דער שעהנער יונגער פאר'ל.

נאך דער חופה צערעמאניע, זיינען די חתונה פאפיערען אונטער־געשריעבען געווארען און א בעדיענטער איז אוועק צו דער סטאנציאן קלאפען א טעלעגראמע צו איהרע עלטערען, אז דער הוסאר האט געהאלטען זיין ווארט, און אז פענני לעוועגפום איז געווארען גרעפין פאניסקא וו—.

דאן האט דאס נייע פערהייראטע פאאר פאלק זיך געזעצט ביי א וואונדערשעהנעם פארפוצטען טיש צו א דינער צוזאמען מיט דעם פריסטער און זיינע צוויי קירכען־דיענער. דער שאמפאניער האט אלעמען פרעהליך געמאכט, און ווען דער גראף איז געווארען

זעהר לוסטיג, האט ער זיך אראבגעלאזט אויף די קניע פאר זיין יונגער, שעהנער פרוי, האט ארונטערגענומען איהר ווייסען אטלעס־נעם שיכעלע פון איהר פוס, האט איהם אנגעפילט מיט וויין און עס אויסגעטרונקען פאר איהר געזונד.

צום סוף איז די נאכט אנגעפאלען, א ריכטיגע פוילישע חתונה נאכט, און גרעפין פאניסקא, וועלכע האט נור וואס אנגעטהאן א הויז קלייד, האט מיט שטאלצער בעפריעדיגונג געקוקט אויף זיך אין דעם גרויסען שפיעגעל, וועלכער איז געווען איינגעשלאגען אין וואנד פון דער ערד ביז'ן באלקען. א ווייסע אטלאסענע שלעפע האט זיך געצויגען הינטער איהר ווי די שטראהלען פון דער לבנה, א האלב אפענער יאקעל פון העל גרינעם סאמעט בעפוצט מיט טהייערען הערמעלין האט באדעקט איהר פולען, מיידעלשען בוזים און איהרע קלאסישע ארעמס, נור כדי זיי וואס פארפיהרערישער ארויסצושטעלען ביי דער קלענסטער בעוועגונג. איהרע שעהנע, געדיכטע שווארצע האאר אין וועלכע עס האבען געבליסטשעט דא און דארט בריליאנטען, ווי טראפענס טהוי, האבען זיך איהר צושאטען איבער'ן האלז און אויפ'ן ווייסען פוטער. דער גראף איז אריין אנגעטהאן אין א רויטען סאמעטענעם מאנטעל מיט סייבעל בעפוצט. אויף זיין וואונק האט די אלטע פרוי, וועלכע האט בעדיענט זיין געטין, פערלאזען דעם צימער און אין א מינוט ארום איז ער ווי א שקלאף געלעגען צו די פיס פון זיין רייצענדער יונגער פרוי, וועלכע האט איהם אויפגעהויבען און צו איהר פאר־בענדען הארצען צוגעדריקט. פלוצים האט זי דערהערט א לאנגען ווילדען וואיען, וועלכע זי האט ביז אהער נאך קיינמאל ניט געהערט.

— וואס איז עס? — האט זי געפרעגט ציטערענדיג מיט'ן גאנצען קערפער.

דער גראף איז צוגעגאנגען צום פענסטער א קוק טהאן וואס דאס איז און זי איז אוועק נאך איהם מיט איהרע ארעמס ארום זיין האלז. האלב צושראקען, האלב נייגעריג האט זי ארויסגעקוקט

אין דער טיעפער פינסטערניש, וואו גרויסע ליכטיגע פלעקען האבען זיך בעוועגט פאראוויין אין פארק צו איהרע פיס.

— זיינען דאס פייער פליעגלאך? — האט זי אויסגעשעפטשעט

— ניין, מיין טייערע, דאס זיינען וועלף — האט געענטפערט דער גראף, אראבנעהמענדיג זיין גרויסען ביקס, וועלכען ער האט אנגעלאדען. דאן איז ער ארוים אויף דעם שנעע באדעקטען באלקאן, בעת זי האט זיך איינגעטוליעט אין איהר פוטער און איז ארויס נאך איהם.

— ווילסטו שיסען? — האט ער שטיל געפרעגט און ווען זי האט איינגעוויליגט, האט ער צוגעלייגט — ציעלעווע זיך גלייך אויף א פאאר ליכטיגע פלעקען, וועלכע דו זעהסט פאר זיך. דאס זיינען די אויגען פון יענע ווילדע חיות.

דאן האט ער איהר דערלאנגט דעם ביקס און אנגעוויזען די ריכטונג וואו זי דארף שיסען.

— ציעלעוועסטו גלייך?

— יא

— דאן שיס.

עס האט זיך דערהערט א שאס, וועלכען דער ווידערקול פון די בערג האט אבגעקלונגען פיער מאל און צוויי פון די אונאנגע־נעהמע פייערלאך זיינען פערלאשען געווארען.

דאן האט דער גראף אויסגעשאסען און דערווייל האבען זיך די דיענער אויפגעכאפט און זיינען געקומען צולויפען. זיי האבען שנעל פערטריעבען די וועלף מיט פאקעל'ן און מיט ביקסען און די צוויי דערשאסענע חיות, פארשטערער פון א פוילישער חתונה נאכט, האבען זיי אוועקגעלעגט צו די פיס פון זייער יונגער הערריןן.

די טעג וועלכע האבען דערנאך געפאלגט זיינען עהנליך גע־ווען צו יענער נאכט. דער גראף האט זיך געצייגט צו זיין זעהר א'ן אויפמערקזאמער מאן, ער איז געווארען זיין ווייבס ריטער און שקלאף, און זי האט זיך אזוי שנעל צוגעוואהנט צו דעם אומעדיגען

שלאם און האט זיך דארט געפיהלט זעהר היימיש. זי האט גע־ריטען אויף פערד, איז ארומגעפאהרען אין קארעטען, האט געדרוי־בערט, געלעזען פראנצויזישע ראמאנען און געשלאגען איהרע דיענער ניט ערגער פון א׳ן אמת׳ער פוילישער גרעפין. אין פערלויף פון עטליכע יאהר האט זי דעם גראף געבארען צוויי קינדער און הגם ער האט געשיינט צו זיין זעהר גליקליך, דאך האט ער ווי די מייסטע מענער גענומען פערנאכלעסיגען זיין ווייב און איז וואס ווייטער אלץ קיהלער געווארען צו איהר. פון צייט צו צייט האט ער פער־לאזען דעם שלאס און איז אוועק אין דער הויפטשטאדט זיינע גע־שעפטען אין ארדנונג צו ברענגען און די צווישען צייט פון איין רייזע ביז דער אנדערער איז ביסלעכווייז געווארען אלץ קירצער און קירצער. פאניסקא האט געפיהלט, אז זי האט איהר מאן דערעסען און ווי וועה עס האט איהר ניט געטהאן דאך האט זי דעם גראף וועגען דעם גארנישט געזאגט, זי איז געוועזן צו איהם פונקט ווי אימער.

אבער צום סוף איז דער גראף אין גאנצען אוועקגעבליבען. אין אנהויב פלעגט ער צו איהר שרייבען בריעף, וועלכע זיינען געוועזן א טרייסט אין איהר איינזאמען אומגליקליכען לעבען. אבער דערנאך האט ער דאס אויך ניט געטהאן, נור זיין אדוואקאט האט איהר צוגעשיקט דאס געלד, וואס זי האט נויטיג געהאט פאר זיך מיט די קינדער.

זי האט געווארט, געהאפט, געצווייפעלט, געליטען און געוויינט אריבער א יאהר: דאן איז זי פלוצים אוועק אין דער הויפט־שטאדט און גאנץ אונערווארטעט צו איהם אין קווארטיר אריינ־געפאלען. עס איז צווישען זיי פארגעקומען א׳ן אונאנגענעהמע ערקלעהרונג און צום סוף האט איהר דער גראף געזאגט, אז ער ליעבט זי ניט מעהר און וועט מעהר מיט איהר ניט לעבען צו־זאמען. א׳ן אויפגערעגטע, האט זי איהם געוואלט צווינגען דורכ׳ן געזעץ צו וואהנען מיט איהר, און זי האט איבערגעגעבען איהר זאך צו א בעריהמטען אדוואקאט, אבער דער גראף האט געלייקענט,

אז זי איז זיין ווייב. זי האט געבראכט איהר הייראטס קאנטראקט און דא ערשט האט זיך ארויסגעוויזען, וואס פאר א פערברעכערי־שען שפיצעל דער גראף האט איהר אבגעטהאן. די גאנצע חתונה איז געווען א קאמעדיע, א פערטרויטער דיענער האט געשפיעלט די ראלע פון דעם פריסטער, אזוי אז דעם שניידערס שעהנע טאכ־טער איז געווען ניט מעהר און ניט וויינינגער ווי דעם גראף'ס גע־ליעבטע און איהרע קינדער פשוטע ממזרים.

די טוגענדהאפטע פרוי האט זיך צו שפעט געכאפט, אז זי איז געווען די יעניגע, וואס האט געטהאן א ניט גלייכען שידוך. איהרע עלטערען האבען איצט מיט איהר ניט געוואלט האבען צו טהאן און צום סוף איז אויך בעקאנט געווארען, אז דער גראף האט חתונה געהאט נאך מיט א צייט פריהער ווי ער האט איהר געקענט, נור ער האט ניט געלעבט מיט זיין פרוי.

דאן האט זיך פעני געווענדעט צו די פאליציי בעאמטע, זי האט געוואלט ביי זיי זוכען גערעכטיגקייט, אבער מען האט איהר גע־ראטהען זי זאל ניט פארפיהרען קיין פראצעס: אויב אפילו עס וועט זיך איהר איינגעבען צו בעשטראפען איהר פרעכען פערפיהרער, וועט זי אבער צוזאמען מיט איהם רואינירען זיך אליין.

צום סוף האט איהר אדוואקאט געמאכט צווישען זיי א פאר־מיטלונג, וועלכע איז געווען גינסטיג פאר פעני'ן, און זי האט עס אנגענומען צוליעב די קינדער. דער גראף האט איהר אויסגע־צאהלט א גרויסע סומע געלד און איהר געגעבען דעם אומעדיגען שלאס דארט צו וואהנען. אהין האט זי זיך צוריקגעקעהרט מיט א צובראכען הארץ און פון דאן אז האט זי דארט געלעבט איינע אליין פול מיט בייזען האס צו דער גאנצער וועלט, א פערביטערטע דעס־פאטקע.

פון צייט צו צייט קען מען באגעגענען אין יענער געגענד א בלייכע פרוי פון איבערערדישער שעהנקייט אין א סייבעלנעם מאנטעל איינגעוויקעלט, מיט א ביקס איבער'ן פלייצע, וואנדערענ־

דיג איבער די וועלדער, אדער ווינטער צייט אין א שליטען טרייבענדיג איהרע פערד מיט א ווילדער שנעלקייט ביז א שוים נעהמט שלאגען פון זייערע מיילער און זיי פאלען שיער ניט אום פאר מיעדקייט. פונ'ם שליטען הערט זיך דאס קלינגען פון גלעקלאך, וועלכע קלינגען אזוי אומעדיג, אזוי מעלאנכאליש, און שטארבען דערנאך אב אין דער ווייטער ווייטקייט, ווי דאס וויינען פון א איינזאמער, פערלאזענער מענשליכער הארץ.

**ענדע.**

# א פרויס שלויקייט.



יהר רעדט פון פרויען?

אבער וואס ווייסט איהר פון זיי?

קיין שווארץ־קינסטלער איז ניט אזוי שלוי, אזוי כיטרע ווי די פרוי. ווען זי וויל אונז אריינכאפען אין איהרע הענד אריין, אפט זאגאר אהן א פארוואס פשוט אום זיך מיט אונז א שפיעל צו טהאן און אונז אבצוטהאן עפעס א שפיצעל. און די דאזיגע שפיצלאך טהוען זיי אונז אב מיט א מערקווירדיגער איינפאכקייט, מיט א זעלטענער דרייסט־קייט און מאדנער קונציגקייט. זיי שפיעלען זיך מיט אונז פון פריה ביז נאכט, און זיי טהוען עס אלע—די טוגענדהאפטע, די עהרליכסטע און די בעסטע פון זיי. איהר קענט צולייגען, אז מאנכעס מאל זיינען זיי געוויסערמאסען געצוואונגען אזוי צו האנדלען. מענער זיינען אימער איינגעשפארט ווי אידיאטען און זייערע פער־לאנגען זיינען טיראניש. א פערהייראטער מאן האלט אין איין באפעלען אין זיין הויז. ער איז פול מיט קאפריזען, און זיין ווייב בענוצט זיך אפט מיט זיי, כדי איהם צו בעטריגען. זי רעדט איהם סרוב איין אז זאכען קאסטען ביליגער, ווייל אז ניט וואלט ער אויפגעהויבען א גוואלד. און זי דרעהט זיך אימער ארויס פון אלע שוועריגקייטען אזוי איינפאך, אזוי שלוי, אז מיר עפענען ברייט אונזערע אויגען פאר פערוואונדערונג, ווען מיר דערגעהן

אמאָל צופעליג דעם אמת. גאנץ ערשטוינט זאגען מיר דאן צו זיך אליין „ווי איז דאָס מעגליך, וואָס מיר האָבען עס ניט געזעהן ביז אהער?“

* * *

דער מאַן וואָס האָט דאָס געזאָגט איז געוועזען אַן עקס־מיניסטער, גראַף דעל... אַ דורכגעטריבענער לעבעיונג, ווי מען האָט גערעדט, און אַ זעהר פעהיגער מענש. אַ גרופּע יונגע לייט האָבען זיך צו איהם צוגעהערט.

ער האָט ווייטער גערעדט:

איך בין אָבגענאַרט געוואָרען פון אַן איינפאַכער, אונגע־בילדעטער פרוי אויף אַ גאַנץ בעזונדערען און קאָמישען אופן. איך וועל עס אייך דערצעהלען כדי איהר זאָלט זיך אראָבנעהמען אַ מוסר דערפון.

איך בין אין יענע צייט געוועזען מיניסטער פון אויסלענדישע געלעגענהייטען און איך האָב געהאַט אַ געוואָהנהייט יעדען פריה־מאָרגען צו מאַכען אַ לאַנגען שפּאַציער אין די שאַנז־עליזעע. עס איז געוועזען אין מאַנאַט מאַי, איך בין געגאַנגען און מיט אַ פולע ברוסט אריינגעצויגען אין זיך דעם זיסען גערוך פון די בליהענדע בוימער.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און איך האָב באמערקט, אַז יעדען טאָג האָב איך געטראָפען אַ רייצענדע יונגע פרוי, איינע פון יענע וואונדערבאַרע, גראַציעזע בעשעפּעניששען, וועלכע טראָגען אויף זיך דעם שטעמפּעל פון פאַריז. צו זי איז געוועזען שעהן? אי יאָ, אי ניין. שעהן געוואַקסען? ניין. איהר טאַליע איז געוועזען צו דין, איהרע שולטערן צו שמאָל, איהר ברוסט צו פול. אָבער מיר געפע־לען די דאָזיגע שעהנע לעבעדיגע ליאַלקעס אַ סך מעהר פון די גרויסע קאַלטע סטאַטועס, ווי די ווענוס פון מילאָס.

און דערצו האָט דער דאָזיגער סאָרט פרויען עפּעס אַ מאָדנעם גאַנג, דער גערויש פון זייערע קליידער בלויז נעהמט אייך ביז דעם

מארך פון אייערעביינער און פילט אייך אז מיט פערלאנגען. זי האט דאכט זיך געווארפען אויף מיר א בליק פון דער זייט, ווען זי איז פערביי מיר פארבייגעגאנגען. אבער די דאזיגע פרויען קענען קוקען אויף אייך מיט פערשיעדענע בליקען... איהר קענט קיינמאל ניט וויסען...

איין פריהמארגען האב איך זי געזעהן זיצענדיג אויף א באנק מיט אן אפענעם בוך אין איהרע הענד. איך בין אריבערגעגאנגען אויף יענער זייט און זיך געזעצט נעבען איהר. אין פינף מינוטען ארום זיינען מיר געווען פריינד. דאן יעדען טאג נאכדעם ווי מיר האבען פריינדליך בעגריסט איינער דעם אנדערען: „גוט מארגען, מאדאם", „גוט מארגען, מיין הערר", האבען מיר גענומען פלוידערען. זי האט מיר דערצעהלט אז זי איז די פרוי פון א רעגיערונגס קלערק, אז זי פיהרט א טרויעריגען לעבען מיט זעהר ווייניג פערגעניגענס און זעהר א סך זארגס און נאך טויזענד אנדערע זאכען.

איך האב איהר געזאגט ווער איך בין, טהיילווייז אויס אונ־בארעכענטקייט און טהיילווייז אפשר אויס בעריהמעריי. זי האט געשיינט צו זיין זעהר ערשטוינט.

דעם צווייטען טאג איז זי געקומען אין מיניסטעריום מיר זעהן: און זי איז אהין געקומען אזוי אפט, אז די בעדיענער, וועלכע זיינען אויף איהר אויפמערקזאם געווארען, פלעגען א שעפטשע טהאן איינער צום צווייטען ווי נור זיי האבען זי דערזעהן: — אט געהט מאדאם לעאן — אזוי האבען זיי איהר א נאמען געגעבען, וויל מיין ערשטער נאמען איז לעאן.

דריי מאנאטען נאכאנאנד האב איך זי געזעהן יעדען אין דער פריה אהן דעם, אז זי זאל מיר אויף איין מינוט איבערדריסיג ווערען. אזוי גוט האט זי פערשטאנען זיך צו מאכען אינטערעסאנט און פיקאנט. אבער איין טאג האב איך באמערקט אז איהרע אויגען זיינען רויט, אז זי אונטערדריקט מיט אלע קרעפטען די טרערען און קען קוים רעדען. אזוי אויפגערעגט און בעזארגט איז זי געווען פון עפעס א געהיימען געדאנק. וואס האט זי נאכאנאנד געמאטערט.

איך האָב זי געבעטען, זי בעשוואָרען, זי זאָל מיר זאָגען די אורזאכע פון איהר אויפרעגונג.

צום סוף האט זיך ביי איהר ארויסגעריסען מיט א שוידער:

— איך בין... איך בין אין אנדערע אומשטענדען!

און זי האט אויסגעבראכען אין א געוויין. מיין פנים האט זיך מורא'דיג פארקרימט, ווי מענער ווערען געוועהנליך, ווען זיי דערהערען אזא שמיקעל נייעס. איהר קענט זיך ניט פארשטעלען וואס פאר אונ'אנגענעהמען קלאפ אין הארצען מען קריגט, ווען מען דערוויסט זיך פון אזא אן אונערווארטעטער פאטערשאפט. אבער פריהער אדער שפעטער מוזט איהר זיך דערפון דערוויסען. און איך האב אויסגעשטאמעלט:

— אבער... אבער... איהר זייט דאך פערהייראט, ניט אמת? זי האט געענטפערט:

— יא, אבער מיין מאן איז אוועק קיין איטאליען מיט צוויי מאָנאטען צוריק און ער וועט ניט קומען צוריק אזוי שנעל.

איך בין געווען ענטשלאָסען אונטער אלע אומשטענדען אראָבצונעהמען פון זיך די פעראנטוואָרטליכקייט, מעג עס קאסטען וויפיעל עס וויל, און איך האָב געזאָגט:

— איהר מוזט גלייך אוועקפאָהרען צו איהם.

זי איז רויט געווארען ביז צו דיווארצלען פון איהרע האאר און האָט אויסגעשטאמעלט מיט ארונטערגעלאָזטע אויגען: יא, אבער... — זי האט ניט געוואגט אדער ניט געוואלט ענדיגען דעם זאץ.

איך האב פערשטאנען, און האב זעהר פארזיכטיג איהר דער־לאנגט א קאנווערט מיט די קאסטען פון דער רייזע.

אין אכט טעג ארום האט זי מיר געשיקט א בריעף פון גענוא. אויף דער צווייטער וואך האב איך געקריגען נאך איינעם פון פלא־רענץ. דאן זיינען מיר אנגעקומען בריעף פון לעגהארן, רוים און נעאפאל.

זי האט מיר געשריבען:

„איך פיהל זיך גוט, מיין טהייערער, אבער איך זעה אויס שרעקליך. איך וואלט ניט וועלען, איהר זאלט מיך זעהן ביז אלעס וועט שוין זיין פאראיבער; איצט וואלט איך אייך ניט געפעלען. מיין מאן פערדעכטיגט גארנישט. אזוי ווי זיינע געשעפטען פאר־דערען פון איהם ער זאל דא נאך פארברייינגען א לענגערע צייט, וועל איך זיך אויך ניט אומקעהרען קיין פראנקרייך ביז איבער'ן קינד־בעט.

און צום שלום פון אונגעפעהר אכט מאנאטען, האב איך ער־האלטען פון וועגעדיג די דאזיגע עטליכע ווערטער:

„עס איז א אינגעל"...

אין א געוויסער צייט ארום איז זי פלוצים אריין אין מיין צימער, פרישער און שעהנער ווי ווען עס איז, און זיך געווארפען אין מיינע ארעמס. און אונזערע פריהערדיגע בעציהונגען זיינען בענייט געווארען.

איך האב פערלאזען דעם מיניסטעריום און זי פלעגט קומען צו מיר אין מיין הויז אין דער רוע דע גרעננעל. זי האט אפט גערעדט צו מיר וועגען דאס קינד, אבער איך האב קוים געהערט וואס זי רעדט וועגען איהם; עס האט מיך ניט געאינטערעסירט און איך האב דערפון גארנישט געוואלט וויסען. פון צייט צו צייט פלעג איך ארייינלעגען א סומע געלד אין איהר האנד און געזאגט: „לייג דאס אוועק פאר איהם".

נאך צוויי יאהר זיינען אוועק, זי האט אלץ מיט מעהר און מעהר היץ מיר געוואלט דערצעהלען וועגען דעם קליינעם וויזליק...

מאנכעס מאל פלעגט זי זאגען מיט טרעהרען אין די אויגען — אייך ארט גארנישט פאר איהם; איהר ווילט אפילו איהם ניט זעהן. ווען איהר זאלט וויסען ווי ווען איהר טהוט מיר דערמיט.

צום סוף האט זי אין מיר אזוי פיעל אריינגערעדט, אז איך האב איהר אין א געוויסען טאג פערשפראכען איוף מארגען ארויס־צוקומען אין די שאנז־עליזעע ווען זי נעהמט ארויס דאס קינד שפאצירען.

אבער אין דעם מאמענט ווען איך האב פערלאזען דאס הויז, האט מיך עפעס א מאדנער פארגעפיהל צוריקגעהאלטען. א מאן איז שוואך און נאריש. וואס וועט זיין, אז איך וועל ווערען צוגעבונדען צו דעם דאזיגען קליינעם נפש'ל, פון וועלכען איך בין דער פאטער... וועלכער איז מיין זוהן.

איך האב געהאט מיין העט אויפ'ן קאפ, מיינע האנדשוה אין די הענד. איך האב א שליידער געטהאן די האנדשוה אויפ'ן שרייב־טיש און די הוט אויפ'ן שטוהל.

— ניין, בעשטימט איך וועל ניט געהן: עס איז קליגער ניט צו געהן.

מיין טיהר האט זיך ווייט געעפענט. מיין ברודער איז אין צימער אריין. ער האט מיר דערלאנגט אן אנאנימען בריעף וואס ער האט געקראגען יענעם אין דער פריה.

„ווארנט דעם גדאף דע ל—, אייער ברודער, אז די קליינע פרוי, פון דער ריע גאזעטטע לאכט זיך פרעך אויס פון איהם. זאל ער זיך וועגען איהר בענויער נאכפרעגען".

איך האב קיינעם קיינמאל גארנישט דערצעהלט וועגען דער אינטריגע און איצט האב איך מיין ברודער דערצעהלט די געשיכטע דערפון פון אנהויב ביז'ן סוף. איך האב צוגעלייגט:

„פון מיינטוועגען וויל איך מעהר גארנישט האבען צו טהאן מיט דער גאנצער געשיכטע: אבער אפשר וואלסטו, אלס א גוטער ברודער, געגאנגען און אויסגעפונען, וואס דו וועסט קענען וועגען איהר?"

ווען מיין ברודער איז אוועק, האב איך געזאגט צו זיך אליין: אויף וואס פאר'ן אופן האט זי מיך געקענט בעטריגען? זי האט אנדערע געליעבטע? וואס ארט עס מיך? זי איז יונג, פריש און שעהן: מעהר זוך איך ביי איהר גארנישט. זיי שיינט מיך צו ליעבען און אויסרעדעם, קאסט זי מיך ניט פיעל אויך. ווירקליך, איך פערשטעה ניט וואס דא קען זיין.

מיין ברודער האט זיך שנעל צוריקגעקעהרט. ער האט זיך פון דער פאליציי דערוואוסט אלעס וועגען איהר מאן. ער איז א קלערק אין דעם דעפארטמענט פאר גוטע געוואהנהייטען און עהרליכער אויפפיהרונג, און נאך מעהר, ער איז א דענקענדער מענש, אבער ער איז פערהייראט צו א שעהנער פרוי, וועמעס אויסגאבען זיינען אביסעל פארשווענדעריש פאר זיין איינפאכען געהאלט. דאס איז געוועזן אלעס.

דאן איז מיין ברודער אוועק צו איהר אהיים און אזוי ווי ער האט זי אין דער היים ניט געטראפען, האט ער מיט דער הילף פון אביסעל געלד געעפענט די צונג פון׳ם הויז וועכטער. „מאדאם ד— איז א זעהר ווירדיגע פרוי — האט ער געזאגט — און איהר מאן איז זעהר א ווירדיגער מאן, ניט שטאלץ, ניט רייך, אבער מיט זעהר אן אפענער האנד“.

אום צו זאגען עטוואס, האט מיין ברודער געפרעגט:

— ווי אלט איז איהר קליין אינגעלע?

— זי האט ניט קיין אינגעלע, מיין הערר.

— וואס הייסט? און דער קליינער לעאן?

— איהר האט א טעות, מיין הערר.

— איך מיין דאס קינד, וואס זי האט געהאט ווען זי איז געוועזן אין איטאליען מיט צוויי יאהר צוריק.

— זי איז קיינמאל ניט געוועזן אין איטאליען, מיין הערר, זי האט קיין מאל ניט פערלאזען דאס הויז וואו זי וואהנט פאר די לעצטע פינף יאהר.

מיין ברודער, שטארק פערוואונדערט, האט איבער א נייעם גענומען אויספרעגען דעם הויז־וועכטער, דאן האט ער געפרעגט ביי די איבעריגע בעדיענטע, אבער אלע האבען געשריען אין איין קול: זי איז ניט געפאהרען קיין איטאליען און זי האט ניט קיין קינד.

איך בין געוועזן איינפאך ערשטוינט, אבער איך האב אויף קלאהר ניט געקענט פערשטעהן דעם זין פון דער דאזיגער קאמעדיע און איך האב זיך אבגערופען צו מיין ברודער:

— איך וויל וויסען אויף קלאהר וואס דא טהוט זיך. איך וועל איהר בעטען, זי זאל קומען אהער מארגען. דו וועסט זי דא אויפ־נעהמען אנשטאדט מיר. אויב זי האט מיך בעטראגען, וועסטו איהר איבערגעבען פון מיר צעהן טויזענד פראנק. און איך וויל זי מעהר קיינמאל ניט זעהן. און אין דער אמת׳ן האט זיך מיר גע־נומען דאכטען, אז איך בין שוין זאט פון איהר.

וועט איהר גלויבען? מיט א נאכט פריהער האב איך זיך גע־ערגערט, וואס איך האב געהאט א קינד מיט דער פרוי, און איצט בין איך געווען צוטומעלט, פערשעהמט, בעליידיגט און עס האט מיר וועה געטהאן פארוואס דאס קינד עקזיסטירט ניט. איך בין געווען פריי, בעפרייט פון יעדער פעראנטוואָרטליכקייט, פון יעדער זארג: און דאך האט אין מיר דאס בלוט געקאכט ביים געדאנק, אז מען האט מיך גענארט און מיך אוועקגעשטעלט אין אזא קאָמישער לאגע.

אויף מארגען אין דער פריה האט מיין ברודער זי ערוואַרטעט אין מיין ארבייטס־צימער. זי איז אריינגעקומען שנעל ווי אלע מאל און האט זיך א וואַרף געטהאן צו איהם מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס, אָבער ווען זי האט דערזעהן ווער דאס איז, האט זי זיך גלייך א ציה געטהאן צוריק.

ער האט זיך פערנייגט און זיך ענטשולדיגט.

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען, מאדאם, פארוואס איך בין דא אָנשטאָט מיין ברודער. אבער ער האט מיר ערלויבט אייך צו שטעלען אייניגע פראגען, וועלכע זיינען איהם אליין שווער ביי אייך צו פרעגען.

דאן קוקענדיג אויף איהר מיט א דורכדרינגענדען בליק, האט ער פלוצים געזאגט:

— מיר ווייסען אז איהר האט ניט קיין קינד פון איהם.

נאָך דעם ערשטען מאָמענט פון צוטומעלטקייט, איז זי גלייך געקומען צו זיך. האט זיך געזעצט און מיט א שמייכעל בעטראכט דעם מאן, וועלכער איז געשטאנען פאר איהר אלס איהר ריכטער.

זי האט געענטפערט איינפאך:

— ניין איך האב ניט קיין קינד.

— מיר ווייסען אויך, אז איהר זייט קיינמאל ניט געווען אין איטאליען.

דאס מאל האל האט זי אויסגעשאסען א געלעכטער:

— ניין, איך בין קיינמאל ניט געווען אין איטאליען.

מיין ברודער, שטארק ערשטוינט פון איהרע ענטפערס, האט געזאגט:

— דער גראף האט מיר געבעטען אייך איבערצוגעבען דאס געלד, און אייך צו זאגען, אז צווישען איהם און אייך איז אלעס געענדיגט.

זי איז ווידער געווארען ערנסט, האט רוהיג אריינגעלעגט דאס געלד אין קעשענע און געפרעגט אין א בעטריעבטען טאן:

— וועל איך אלזא דעם גראף מעהר ניט קענען זעהן?

— ניין, מאדאם.

דאס האט איהר געשיינט צו פערדריסען און זי האט געזאגט מיט געמאכטע גלייכגילטיגקייט:

—דעסטא ערגער. איך בין געווען צו איהם זעהר צוגעבונדען.

דערזעהן אז זי איז אזוי שנעל געקומען צו זיך פון דער גאנצער געשיכטע, האט מיין ברודער פון זיין זייט א שמייכעל געטהאן און געפרעגט:

— זאגט מיר, איך בעט אייך, צו וואס האט איהר ערפונדען די דאזיגע לאנגע געשיכטע מיט די אלע ליגענס, מיט דער רייזע נאך איטאליען און די מעשה מיט'ן קינד?

זי האט אנגעקוקט מיין ברודער א פערוואונדערטע, ווי ער וואלט איהר געפרעגט עפעס זעהר א נארישע פראגע און געענטפערט:

— מיין גאט! וואס פאר א צו'להכעיס'ניק איהר זייט! גלויבט איהר, אז א'ן ארימע, איינפאכע פרוי פון פאלק, ווי איך, א שטיקעל גארנישט, ווי מען זאגט, וואלט געקענט איינהאלטען אין מיינע הענד דריי יאהר נאכאנאנד דעם גראף דע ל— א מיניסטער, א גרויסע פערזענליכקייט, א מאן וואס האלט פון דער מאדע, וואס

איז רייך און פערפיהרעריש, ווען איך זאל זיך ניט געבען אביסעלע מיה? איצט איז אלעם פערביי. דעסטא ערגער. עס האט גע־קענט אנהאלטען אייביג. אבער אם וויינינגסטען האט מיר זיך איינ־געגעבען איהם צו האלטען דריי יאהר.

זי איז אויפגעשטאנען. מיין ברודער האט איהר נאך אלץ אויס־געפרעגט:

— אבער... דאס קינד? איהר האט געהאט אזא איהם צו צייגען?

— געווים... מיין שוועסטער'ם קינד. זי האט עס מיר געליהען. איך קען וועטען, אז זי האט עס אייך אלעם אויסגעזאגט.

— גוט! און די בריעף פון איטאליען?

זי האט זיך ווידער געזעצט און זיך גוט אויסגעלאכט.

— אך! יענע בריעף... זיי זיינען געווען א שטיק פאעזיע. דער גראף איז נישט אומזיסט געווען א מיניסטער פון אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען.

— אבער... אייער שוואנגערשאפט?...

— אך! דאס איז מיין געהיימנים. איך וויל קיינעם נישט קאמפראמעטירען.

און זיך פארנייגענדיג פאר איהם מיט א אבלאכענדיגען שמייכעל, האט זי פארלאזען דעם צימער ניט געריהרט אויף א האאר, ווי א'ן אקטריסע וועלכע האט געשפיעלט איהר ראלע ביז צום סוף.

און דער גראף דע ל— האט געענדיגט די געשיכטע מיט מוסר:

אלזא זייט פארזיכטיג איידער איהר פערטרויט זיך צו דעם דאזיגען סארט טייבעלאך.

**ענדע.**

# די ווייב און די געליעבטע



ג, ווירקליך — האט געזאגט טשאססוואל — ווען מען פון די אנשטענדיגע קרעמער און וויין הענדלער וואלט עם געקענט איינפאלען, אז יענע שעהנע קליינע פאריזער פרוי מיט די ווייכע אונשולדיגע אויגען ווי ביי א מאדאננא, מיט די שמייכלענדיגע ליפען און גאלדענע האאר, וועלכע האט זיך אימער אזוי איינפאך אנגעטהאן, זאל גאר זיין זייער קאנדידאט׳ס געליעבטע?

זי האט איהם זעהר פיעל געהאלפען און איהם בעגליט אפילו אין די ווייטסטע פערמעס, איז געגאנגען מיט איהם צו די פערזאמלונגען אין די קליינע קאפעעס פון די קליין שטעדטלאך, געהאט א אנגענעהמען און פאסענדעןווארט פאר יעדער׳ן, האט זיך ניט אבגעזאגט פון א גלאז וויין אדער א האנד־דרוק און איז אימער געווען בערייט צוצושטעהן צו א פאלקסטאנץ. זי האט געשיינט צו זיין אזוי פערליעבט אין עליען רוליהער, אזוי פול צוטרויען, אזוי שטאלץ וואס ער איז איהרער און זי איז זיינע, האט געקוקט אויף איהם מיט אזוי פיעל ליעבע און אזוי פיעל האפנונג און האט זיך צוגעהערט צו אלעם וואס ער האט גערעדט מיט אזא אויפמערקזאמקייט, אז וואוטערס, וועלכע האבען אפילו ניט געהאט אין זינען פאר איהם צו וואוטען, זיינען בישלעכווייז געוואונען געווארען אויף זיין זייט און האבען פערשפראכען צו וואוטען פאר דעם יונגען דאקטאר, ווען מען נאמען זיי האבען קיינמאל ניט געהערט דערמאנענדיג אין זייער דיסטריקט.

פאר זשאן דארדענן איז יענער עלעקשאן קאמפיין געווען א זעהר אינטערעסאנטע פאסירונג; דאס איז געווען פאר איהר אן אנגענעהמער און אונערווארטעטער יום טוב, און אזוי ווי זי איז מיט'ן הארצען געווען אן אקטריסע, האט זי געשפיעלט ערנסט, האט זיך אריינגעווארפען אין איהר כאראקטער, און אליין דערפון הנאה געהאט מעהר. ווי זי האט ווען עס איז אין איהר לעבען הנאה געהאט פון איהרע אינטערעסאנטע און וואונדערבארסטע צופעלע.

און דאן איז דערצו צוגעקומען דער בעזונדערער פערגעניגען וואס מען האט זי אנגענומען פאר א וועלט דאמע, איהר געשמייכעלט, קאמפלימענטען געמאכט, רעספעקטירט און מקנא געווען. עס איז איהר אנגענעהם געווען, וואס זי איז ארויסגעקראכען אויף א ווייליע פון דעם רינשטאק און דאן האט זי געטרוימט, אז דאס דאזיגע ארומפאהרען מיט איהם עטליכע וואכען נאכאנאנד וועט ברייגנען דערצו אז ער זאל זי ניט פערלאזען, ווען ער וועט זיך צוריק קעהרען אין שטאדט אריין. אפשר וועט ער אויפאפפערען די פרוי, וועלכע ער האט שוין מעהר ניט געליעבט און וועלכע ער האט אין איהר געגענווארט גערופען זיין „סינדערעללא“.

ביי דערנאכט, ווען זיי האבען פון זיך אראבגעווארפען די מאסקע און זיינען געווען אליין אין זייער צימער אין האטעל, האט זי זיך מיט איהם געצייצט, איהם געשמייכעלט, געוועקט אין איהם זיין אמביציאן, ארומגענומען איהם מיט איהרע ציטערענדע ארעמס און צווישען איהרע קושען געשעפטשעט איהם אין אויער יענע ווערטער, וואס מאכען א מאן שטאלץ, ווארימען אן זיין הארץ און גיבען איהם קראפט און מוטה, ווי א גלעזעל שנאפס.

זיי ביידע צוזאמען האבען איינגענומען דעם דיסטריקט און גע־וואונען די עלעקשאן גאנץ לייכט, ווייל ניט קוקענדיג אויף דעם קאנדידאט'ס יוגענד, איז ער ערוועהלט געווארען ביי א מאיאריטעט פון פינף טויזענד שטימען. עס פערשטעהט זיך, אז דאן זיינען

געמאכט געוואָרען נאָך אבענדען און באַנקעטען, וואו זשאַן איז אנוועזענד געווען און וואו מען האָט איהר בעגעגענט מיט גרויס ענטהוזיאזם; עס זיינען געווען פייער־ווערק, וואו זי האָט געזאלט אַנצינדען די ערשטע פייער קרעקע, און בעלער אויף וועלכע זי האָט איבערראשט די ווערטהע געסט מיט איהר חן'עוודינקייט און ליעב־ליכקייט. און ווען זיי זיינען אוועקגעפאָהרען, זיינען דריי קליינע מיידלאך, אַנגעטהאָן אין ווייסען, געקומען צום וואקזאל און דעקלא־מירט פערזען פול מיט קאָמפּלימענטען צו איהר. אַן אָרקעסטער מוזיק האָט געשפּיעלט די מארסעליעזע, די פרויען האָבען געפּאַכט מיט זייערע טיכלאך, די מענער מיט זייערע העט און זי האָט זיך ארויסגעבויגען פון פענסטער פון איהר וואַגאָן אַזאַ חן'עוודיגע, אַזאַ רייצענדע אין איהר רייזע־קלייד, מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען און אַ טרעהר אין די אויגען, ווי עס האָט געפּאַסט פאר אַזאַ שעה־נעם און ריהרענדען זעגענען זיך. זי האָט ווי אַן אמת'ע אקטריסע געשפּיעלט די דאָזיגע לעצטע סצענע איהרע און מיט אַ פּלוצים'דיי־גער און קינדערשער בעוועגונג האָט זי גענומען ווארפען צו זיי קו־שען מיט די שפּיצען פון איהרע פינגער און געזאָגט:

— אדיע, מיינע פריינד, אדיע! איך וועל אייך קיינמאָל ניט פערגעסען!

דער ערוועהלטער קאנדידאט, וועלכער איז אויך געוואָרען אביסעל צוואָווארימט, האָט איינגעלאַדען עטליכע מענשען פון די, וואָס האָבען אָם מייסטען געשטיצט זיין קעמפּיין, צו זיך אין פּאַ־ריז. זיי האָבען איהם אַלע גענומען ביים ווארט און איין מאָל מיט אַן עקסקוירשאַן־צוג זיך אוועקגעלאָזען אין פאַריז און מאָסיע רולי־יער איז געווען געצוואונגען זיי איינצולאדען צו אַ דינער.

אום אויסצומיידען מעגליכע מיספערשטענדניסע, האָט ער זיין ווייב אַפריהער פאַרבערייט וואָס פאר אַ מין מענשען זיינע געסט זיינען. ער האָט איהר געזאָגט, אַז זיי זיינען פּראָסט, אונ־געהובעלט, טומעלדיג, האָבען ליעב אַ סך צו ריידען און וועלען

איהר וואהרשיינליך איבערראשען מיט זייערע מאניערען און זייער האלטען זיך, אבער אז זיי האבען א גרויסען איינפלוס און זיינען וואוילע מענשען און דערפאר פערדיענען זיי, מען זאל זיי שעהן אויפנעהמען. דאס איז געווען א זעהר ניצליכע פארבערייטונג, ווייל ווען זיי זיינען אריין אין זאאל אין זייערע נייערע קליידער מיט שיי־נענדיגע פנים'ער און אנגעפאמאדעזירטע האהר, ווי זיי וואלטען געגאנגען צו א דארפישע חתונה, און זייער פריינד האט פאר זיי פארגעשטעלט די נייע מאדאם רוליהער, זיינען זיי שיער ניט גע־שטארבען.

אין אנהויב זיינען זיי געווארען צומישט, האבען זיך געפיהלט אונבעקוועם, ניט אויפ'ן ריכטיגען פלאץ און ניט געוואוסט וואס צו ריידען. זיי האבען אבגעשפילעט און ווידער פערשפילעט זייערע האנד־שוה, האבען געענטפערט אויף איהרע פראגען, וואס איז זיי איינגעפאלען און זיך געבראכען דעם קאפ צו דערגעהן, וואס דאס איז פאר א רעטעניש. קאפיטאן מארעדוס האט געקוקט אויפ'ן פייער מיט דעם גלעזערנעם בליק פון א נאכטוואנדלער; מארים בארבעסט האט מעכאניש געקראצט זיינע פינגער בעת די איבעריגע דריי, דער פאבריק אויפזעהער, דער אדוואקאט און דער האטעל בעזיצער האבען צושראקען געקוקט אויף רוליהער'ן.

דער אדוואקאט איז געווען דער ערשטער צו קומען צו זיך. ער האט זיך א הויב געטהאן פון זיין שטוהל מיט א הערצליכען געלעכטער, האט א קיצעל געטהאן דעם דעפוטאט מיט'ן עלענבויגען אין זייט און געזאגט:

— איך פערשטעה שוין, איך פערשטעה; איהר האט גע־דענקט, אז מענשען קומען ניט קיין פאריז זיך צו לאנגווייל'ען, ניט אזוי? די מאדאם איז אן אנטיקעל, און איך גראטוליר אייך, מיין העבר!

ער האט א וואונק געטהאן צו זיינע פריינד איבער'ן רוקען און באלד זיינען אלע ווידער פרעהליך געווארען און א צווייטער האט געזאגט:

— מיר זיינען ניט אזעלכע נארען, קיין פינגער אין מויל דארף מען קיינעם ניט אריינלייגען, אָבער דער אַדוואָקאט ראקווע־טאן איז פּאַרט קליגער פון אונז. מאַסיע רוליהער, איהר זייט א מענש מיט א קאָפּ און אייער איינפאל איז אויסגעצייכענט.

און מיט א פערדרויטיגט פּנים און אַ אויסגעשטעלטע ברוסט, האָט ער געזאָגט אין דער הויך:

— מיין קאמפּלימענט, מאדאַם, בלויז אין אייער געגענד גע־פינט מען אזעלכע שעהנע, קליינע פרויען!

מאדאם רוליהער האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפּערען און איז אוועק זוכען שוץ ביי איהר מאַן. עס האָט זיך איהר זעהר גע־וואָלט אוועקגעהן אין איהר צימער אונטער עפּעס א תירוץ, אום צו אנטלויפען פון די אונערטרעגליכע געסט. דאָך האָט זי זיך איינגעהאלטען און איז פערבליבען די גאנצע צייט פון דינער. ביים טיש האָט געוויישט און געטומעלט, די פינף געסט מיט זייערע עלענבויגענס אויפ'ן טיש, זייערע זשילעטען צושפּילעט און האלב שיכור, האָבען געליארעמט און געטומעלט, דערצעהלט גראָבע מעשות, מיאוס'ע וויצען און געשווארען ווי די סאָלדאטען. אָבער ווען מען האָט דערלאנגט טהעע און ליקער אין רויך־צימער, האָט זי פערלאָרען די געדולד און האָט זיך אָבגעזעגענט מיט איהרע געסט. זי איז אוועק צו איהר אין צימער מיט שנעלע טריט, ווי א געפאנ־גענער וואָס רייסט זיך פון געפענגנים ארויס און האָט מורא אז מען אַל איהם ניט כאפּען צוריק.

די מענער זיינען געבליבען זיצען און האָבען איהר נאָכגע־קוקט מיט אָפענע מיילער. מארעדוס האָט פערדרויכערט א סיגאר און געזאָגט:

— הערט אויס, מאסיע רוליהער, עס איז געווען זעהר שעהן פון אייך וואָס איהר האָט אונז איינגעלאדען אין אייער קליינע, רוי־היגע נעסט, אָבער אָפען גערעדט, וואָלט איך אויף אייער פּלאָץ ניט בעטראַגען מיין גרעסטע פרוי, פאר אזא אַנגעבלאָזענע שטיק סחורה ווי די איז.

— ער איז גערעכט — האט זיך אריינגעמישט דער אדוואַ־קאַט — מאדאם רוליהער, די געזעצליכע מאדאם רוליהער, איז פיעל מעהר ליעבענסווירדיג און א סך שעהנער. איהר זייט אַ פעררעטהער צו בעטריגען אזא גאָלדענע ווייבעלע: אַבער ווען קענען מיר האָפען איהר ווידער צו זעהן?

און מיט אַ ביטרען שמייכעל האָט ער צוגעלייגט:

— אַבער זייט גאַנץ רוהיג, מיר וועלען האלטען ס'מויל, עס וואָלט געווען צו טרויעריג, זי זאָל זיך דערפון דערוויסען...

עגדע.



